דעם הייליקן אָנדענק פון מיינע טאַטע־מאַמע, ברידער, שוועסטער און אַלע בני־משפחה, אומגעקו־ מענע אין דער שואה.

השם ינקום דמם.

דער מחבר

## קאַפּיטל איינס

אַ בייזער רעגן האָט געגאָסן פון אין דער פרי אָן, און אַ טאָג פּדיון אויף דער לעווערטאָווער גאַס איז געגאַנגען פאַרלוירן. אַפילו די אָרעמע גאַסן־הענדלערקעס וואָס יעדן טאָג זיצן זיי אָפּ פון פרימאָרגן ביז שפּעטן אָוונט אויף די שוועלן פון די הייזקעס אַרום דער לעווערטאָווער און פאַר־קויפן — אין גלעזעלעך — געקאָכטע צוקערבאָבעס פון פאַרסאַזשעטע, איי־זערנע טעפּ אַרויס, (באַדעקטע מיט שמאַטעס כדי צו דערהאַלטן זייער וואַ־רעמקייט), אַפילו זיי, זענען פאַרבליבן אין דער היים מיט זייער „סחורה", אין די ווילגאָטנע שטיבער פון דעם „יאַטקע־געסל", נישט ווייט פון „טויטן־בריקל" וואָס פירט צום אַלטן בית־החיים — אַ מקום פון שפּעדיקער, דורותדיקער אָרעמקייט.

אָנגעשפּאַרט אין די שויבטירן פון זייערע געוועלבלעך, האָבן די קרע־מערס, קוקנדיק אַרויס אין דרויסן, צו דער פאַרגאָסענער, אָפּגעליידיקטער לעווערטאָווער, באַקלאָגט אין האַרצן דעם טאָג וואָס האָט זיי געלאָזט אָן לייזעכץ און אָן פאַרדינסט. צו מאָל, האָט ווער געעפנט די טיר פון זיין געוועלבל, געוואָרפן חשדיק אַ בליק צו אַ שכנותדיקן קרעמער, געוואָלט וויסן צי ס'איז נישט אַריין אַהין אַ קונה, און אַ געטרייסטער, אַז עס האָט נישט מער ווי געדאַכט זיך, אַריינגענומען צוריק דעם קאָפּ ווי אין אַ שטייג אַריין.

דער בייזער רעגן וואָס האָט אָקערשט אויפגעהערט צו פאַלן אין גאַס, האָט ווי איבערגעטראָגן זיך אין האַרץ אַריין, פאַרפּלייצט עס מיט שווערן זאָרג פון וואָנעט מען וועט גלייך צו מאָרגנס האָבן צו צאָלן די אויסגע־שטעלטע וועקסלען, אָדער אָפּצוגעבן די גמילות־חסדים וואָס מען האָט אָנגעבאָרגט ביי שכנים, ביי באַקאַנטע, אין די פאַרגאַנגענע טעג.

פויערישע וועגעלעך, די ווייניקע וואָס זענען פאַר טאָגס נאָך געקומען פון דער נאָענט אין שטאָט אַריין, האָבן אין געאייל געצויגן זיך צו דער „ראָגאַטקע" כדי אָנצוקומען אַהיים נאָך פאַר זון־אונטערגאַנג. פון אונטער

די פערד־פּאָדקאָוועס האָט געשפּריצט מיט פייער־פונקען, און דאָס סקריפּען פון די רעדער אויף דעם שטיינערנעם ברוק האָט יאָמערדיק אָפּגעהילכט אין פאַרנאַכטיקן חלל.

פון די בלעטער־שפּיצן פון די צעצווייגטע קאַשטאַן־ביימער, לענג אויסביידע טראָטואַרן פון דער לעווערטאָווער גאַס, האָבן אַראָפּגעהאָנגען רעגן־טראָפּנס — בלישטשנדיקע, קרישטאָלענע קרעלן. אַז עס האָט אַ ווינטל אַ הוידע געטאָן מיט די צווייגן, האָבן די טראָפּנס זיך צעכליוס־קעט איבער די פּנימער פון די דורכגייערס, זיי אויסגעפּאַטשט, און ווי אויף קאַטאָוועס — אויך אַריינגעריזלט טיף זיי אין האַלדז אַריין.

די סטרוזשעס פון די יידישע הייזער אויף לעווערטאָווער גאַס האָבן נאָך אַזאַ רעגן געהאַט וואָס צו טאָן. מיט די לאַנגע בעזימס אין די הענט האָבן אָן אויפהער געקערעוועט דאָס וואַסער וואָס איז אָנגעלאָפן פון די אַרומיקע בערג און האָט פאַרפלייצט דעם ברוק, די טראָטואַרן, אַלץ. זיי האָבן שווער געאַרבעט און זענען געווען באַגאָסן אין שווייס. בלויז פון צייט האָט ווער פון זיי, וועלנדיק אַ ווײַלע זיך אָפּרוען, אָנגעשפּאַרט די שפּיץ־גאָמבע אין בעזים־שטעקן, איבערגערופן זיך מיט אַ סטרוזש פון אַ שכנות־דיק הויז, אויסגערעדט אַל דאָס בייזס אויף דער אייגענער ווייב וואָס דערגייט די יאָרן, צי גאָר געביטערט אויף דעם וואָס דער בראָנפן האַלט אין איין טייער ווערן.

*

ר׳ מרדכי־פייוול צווייגרייך, דער רייכער וואַלד־סוחר, און בעל־הבית פון איינעם פון די גרעסטע הייזער אויף לעווערטאָווער גאַס, איז געזעסן ביים שרייבטיש אין זיין בריווחדיקן אַרבעטסצימער און האָט איבערגע־קוקט די פּאָסט, צום מערסטן — האַנדלסבריוו און אויך פון אַנדערן כאַראַקטער. ער איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרטאָן, אַז ער האָט גאָרנישט באַמערקט, אַז חנהלע, זיין יינגסט טעכטערל, שטייט נישט ווייט פון אים, אָנגעשפּאַרט אין דער ספרים־שאַנק און אין אירע אייגעלעך גריבלט זיך אַ שטיפעריש שמייכעלע וואָס איז אויסן אים אָפּצוּווענדן פון זיין פאַר־נומענקייט. דאָס הויכע זיידענע קאַפּל אויפן קאָפּ, איז ביי אים געזעסן

פאַררוקט אין אַ זייט — אָן עדות, אַז ס׳איז פאַראַן אין וואָס אַריינצו־טראַכטן, אַז די ענינים זענען גאָרנישט אַזעלכע פשוטע.

חנהלע איז געווען אומגעדולדיק. זי האָט איצטער געוואָלט האָבן דעם טאַטן פאַר זיך. אירע גרינע אייגעלעך — טייכלדיקע — האָבן זיך געפייכט אין די ווינקלען. עס האָט זי פאַרדראָסן הלמאַי דער טאַטעשי, אָקערשט צוריקגעקומען פון אַ ווייטער נסיעה, קוקט זיך נישט אום אויף איר, זעט זי נישט אין צימער. אַ מאָדנער טאַטעשי! גאַנצע טעג איז ער נישטאָ אין דער היים, געפינט זיך אין וועלדער, אין ווייטע שטעט, אין האָטעלן, אָדער, ביים רבין. איז ער שוין יאָ פאַראַן אין שטוב, האַלט ער אין איין קוקן אין פאַפּירן, שרייבט בריוו, עס קומען צו אים פּריצים און זיצן אָפּ אין שטוב ווי לאַנג, אָדער עס כאַפּן זיך גאָר אַריין צו אים חסידים פון שטיבל, פאַרמאַכן זיך און סודלען זיך מיט אים. און אַז ער איז ווידער אַליין, איז נאָר ער לערנט און לערנט פון גרויסע, דיקע ספרים. אַ מאָדנער טאַטעשי.

זי האָט גענומען זינגען אַ לידעלע. געזונגען שטיל, גאָר שטיל, עס זאָל נישט שטערן דעם טאַטעשי, ער זאָל בלויז וויסן, הערן, אַז זי איז דאָ אין צימער...

„חנהלע, האָט ר׳ מרדכי־פייבל אויסגערופן אַ צעשטראָלטער, שוין לאַנג ווי דו געפינסט זיך דאָ? און איך האָב דיך גאָרנישט באַמערקט, אַזוי פאַרנומען, אַזוי... יאָ, און וואָס אַזוינס זינגסטו, מיין קינד? נו, זינג, זינג. ניין! ניין! אַ מיידעלע דאַרף נישט הויך זינגען, מען טאָר נישט״.

חנהלע איז צוגעשפּרונגען צו איר פאָטער, האָט זיך אָנגעהאָנגען אין אים, אַרומגענומען פעסט זיין האַלדז מיט אירע ביידע הענטלעך און אויס־געזונגען ביזן סוף אַ לידעלע וועגן שיפן וואָס קומען אָן צו די ברעגעס פון ארץ־ישראל ווו די הימלען זענען אַזעלכע בלויע מיט אַזוי פיל ליכט און זון.

„וואָסער ליד איז עס, חנהלע? ווו האָסטו עס געהערט?״

„ביי די קליגערס, טאַטעשי. זייער מאָניעק האָט עס מיך אויסגעלערנט. ביי זיי אין שולע לערנט מען די קינדער אַ סך אַזעלכע לידער. אמת, אַ שיין ליד?״

עטלעכע ווערטער האָבן ביי אים קוים־קוים אַרויסגעפּלאָנטערט זיך פון מויל.

„האָסט גאָרנישט וואָס צו טאָן, חנהלע, ביי די קליגערס. מאָניעק איז נישט דיין חבר, און בכלל, מיידלעך האָבן נאָר חברטאָרינס, און נישט קיין חברים."

ר' מרדכי־פייבל האָט צוגעטוליעט צו זיך די ניין יעריקע חנהלע, אַ קוש געגעבן איר אין שטערן, פון וואָס זי איז גלייך געוואָרן לעבעדיק, פריילעך, האָט זיך אָוועקגעזעצט אויפן טאַטנס שויס, צעשיקט אירע דראָבנע פינגערלעך אין זיין געדיכטער באָרד אַריין, געפלאָכטן אירע האָר און זיי פונאַנדערגעלאָזט, געפלאָכטן און פונאַנדערגעלאָזט.

„און פאַרוואָס טאַטעשי, טאָר איך נישט קומען צו די קליגערס? איך טו דאָרט גאָרנישט, טאַטעשי! זייער מאָניעק לייענט מיר פאָר שיינע מעשהלעך פון ביכלעך אַרויס, גאָר שיינע מעשהלעך. מער גאָרנישט. אויך יוכבד קומט טייל מאָל אַריין. שליאַמעק איז זייער אַ גוטער, טאַטעשי."

„מאָניעק" און „שליאַמעק". ביידנס נעמען האָבן איצטער זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין די בריוו וואָס ער האָט געלייענט, אַריינגעמישט זיך אין אַלץ וואָס ער האָט געטראַכט, האָבן געדריקט די שלייפן.

„ווי, ווי זענען זיינע אויגן? וואָס ווייס ער וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אין זיין אייגענער שטוב? על־פּי־רוב איז ער אונטער וועגס, אין די וועלדער, פאַרנומען מיט כל־מיני־געשעפטן, און די קינדער זענען ווי הפקר. איז עס אַ דרך פאַר אַזאַ ייד ווי ער? ווי אַזוי האָט ער די גאַנצע צייט געקאָנט מסיח־דעת זיין פון דעם? זיינע קינדער קומען אַריין צו דעם אַסימילאַטאָר אין שטוב, דער איינציקער פרייער מענטש אין זיין גרויס הויז, און ער האָט נישט געוווּסט דערפון?! איז נישט חלילה שוין צו שפּעט?"

ער איז געווען באַגאָסן אין שווייס, ווי ער וואָלט געשטאַנען אונטער אַ קראַן און געוואַשן זיך. און וואָס איז טאָקע מיט יוכבדן? ער וואָלט געדאַרפט רעדן מיט איר אָפענע דיבורים, אַפילו שטרענגע. ס'טייטש? ווי אַזוי קאָן מען אויף יעדן שידוך ענטפערן „ניין און ניין"?

ער האָט אַליין זיך געמוסרט. דער טאַטע איז נישט געווען קיין

קלענערער סוחר פון אים. האָט געמסחרט מיט די זעלבע און אַנדערע פּריי־
צים. איז געווען שטאַרק רייך. געהאַלטן אַ סך וועלדער, מער פון אים.
אָבער ער האָט אויך געוווּסט ווי אַזוי אומצוגיין זיך אין שטוב. האָט געהיטן
די קינדער ווי ס'אַפּל פון אויג, באַזונדערס טאַקע די טעכטער. איז זיין
שטוב געבליבן גאַנץ, אָן שום פּגם. נישט געהאַט קיין שוועריקייטן. און
ער... ער ליגט טאָג און נאַכט אין די וועלדער, האַלט זיך אויף אין האָטעלן.
איז ס'רוב אונטער וועגס, און די קינדער זענען ווי אויף הפקר, זיי קאָנען
חלילה אַראָפּ פון וועג און ער זאָל גאָרנישט וויסן. מעג ער אַזוי?

*

ס'איז געווען נאָך אָוונטברויט און אַלע צימערן פון ר' מרדכי־פייבלס
גרויסער וווינונג האָבן געשפּע'ט מיט ליכט. אין איין צימער איז געזעסן
איטע — זיין ווייב און מיט איר, עטלעכע גבאיטעס, נשים צדקניות, און
האָבן אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן ווי אַזוי צוזאַמענצושטעלן אַ גרויסע סומע
געלט פאַר אַ זייער נויט־באַדערפטיקער פאַמיליע וועמעס נאָמען עס דאַרף
קיינער נישט וויסן. אין אַ צווייטן צימער האָט שיינדל, די מיטלסטע
טאָכטער פון די צווייגרייכס, פאַרברענגט מיט אירע חברטעס. שיינדל,
נאָענט שוין צו די צוואַנציק, מיט דער מאַמעס טיפע אויגן, פעכיק־שוואַרצע
האָר, האָט נישט אויסגעצייכנט זיך מיט ספּעציעלע פעיִקייטן, און ווען
מען וואָלט איר גערעדט אַ שידוך ווי עס פּאַסט פאַר טאַטע־מאַמע, וואָלט
זי אַוודאי זיך פאַרלאָזט אויף זיי, געטאָן ווי זיי וואָלטן פאַרלאַנגט, ווייל
פון נאַטור אויס איז זי אַ געהאָרכיקע, פון וואָס עלטערן קאָנען נאָר זיין
צופרידן.

דאָס צימער אין וועלכן שיינדל האָט פאַרבראַכט מיט אירע חברטעס
איז געווען אָפּגעשלאָסן, קיינעם איז נישט אָנגעגאַנגען וואָס זיי טוען דאָרט
און, אַז עס האָט פון מאָל צו מאָל אַרויסגעשאַלט פון דאָרט אַ געלעכטער,
איז עס פאַרלוירן געגאַנגען אין חלל פון דער גרויסער וווינונג.

אין קיך אַליין איז אויך געווען ליכטיק, אַן אָפּקלאַנג פון אַ גערייד איז
אויך פון דאָרט אַרויסגעקומען. די איוואַנגעראָדערין, אַ שכנה פון הויף,
האָט געלערנט מיט יענטען, די צווייגרייכס דינסט, לייענען און שרייבן

יידיש. זי האָט געלערנט מיט איר פון אַ בריוונשטעלער אַרויס און באַקומען באַצאָלט פון דער בעל־הביתטע פאַר געבן יענטען לעקציעס צוויי מאָל אין דער וואָך.

אין שרייבצימער זענען געזעסן ר׳ מרדכי־פייבל און יוכבד, זייער עלטסטע טאָכטער.ביידע זענען געווען פאַרנומען. ר׳ מרדכי־פייבל האָט זיך געטיפט אין אַ שווערער סוגיא אין דער גמרא וואָס ער האָט געלערנט. לעבן אים, אויפן טיש, זענען געווען אָנגעלייגט אַ סך ספרים, ראשונים און אחרונים. ער האָט זייער שטיל צוגעברומט זיך אַ ניגונדל, נישט געוואָלט שטערן יוכבדן אין איר אַרבעט. אָבער דאָס שטילע ניגונדל האָט פון זיך אַליין אַרומגעוואָנדערט אין צימער־חלל, געדראַפּעט זיך אויף די ווענט, איז צוגעפאַלן צו דער אָפענער, באַגלאָזטער ספרים־שאַנק, און לבסוף — צוריקגעקומען צו ר׳ מרדכי־פייבלען אַליין, צו דער אָפענער גמרא, צו די אָנגעלייגטע ספרים אין וועלכע ער האָט מעיין געווען, ווי כדי אָנצונעמען פריש חיות און נאָך אַ מאָל זיך אויסזינגען אַזוי שטיל, אַזוי נעימותדיק.

יוכבד איז געזעסן אָנגעבויגן איבערן שרייבטיש, האָט דורכגעקוקט די פּאָסט און געשריבן בריוו לויט דעם טאָטנס אָנווייזונגען און אייגענעם פאַרשטאַנד. אירע ברוינע־גאָלד־האָר האָבן צופאַלנדיק צום טיש, זיך געשפּרייט איבער אים ווי ווייכער זייד און כמעט אין גאַנצן פאַרשטעלט איר פּנים. בלויז ווען זי האָט אויף אַ ווײַלע אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, האָבן אין צימער זיך צעבלישטשעט אירע צוויי גרויסע ליכטיקע אויגן באַדעקטע מיט לאַנגע ברוינע ברעמען־באַרשטן — ענלעכע צו די פון טאַטן — ווי באַזיימטע אין גאָלד.

בסך־הכל אַ מיידל אין די אָנהייב צוואַנציקער און שוין אַ צייט ווי ר׳ מרדכי־פייבל איז מרעיש עולם, שרייבט צו שדכנים, בעט זיך ביי זיי צו זוכן שידוכים פאַר זיין עלטערער טאָכטער. אַ סך פון זיי, די אויסגע־רופענע, טראָגן אַרום אין זייערע נאָטיצביכלעך אַלע נייטיקע פּרטים וואָס מען דאַרף אין אַזאַ ענין, אַפילו יוכבדס בילד וואָס ר׳ מרדכי־פייבל האָט זיי געגעבן בשתיקה, אָן איר וויסן.

יוכבד איז שוין באַלד פאַרטיק געווען מיט איר אַרבעט, האָט געפּלאַנט

אַריינצוגיין צו זיך אין צימער און אונטערהאַלטן זיך מיט אַ בוך וואָס זי האָט זיך פאַרשאַפט און פאַר אירע אויגן איז קאַפּויער געקומען אַ בריוו וועלכן זי האָט אויטאָמאַטיש געעפנט און גענומען לייענען:

„לכבוד החסיד הנכבד והנעלה, איש האשכולות, הגביר המפורסם במעלות טובות והלמדן המופלג, מו״ה ר׳ מרדכי־פייבל נ״י צווייגרייך.

אחדשה״ט.

באגרת זאת באתי אייך פאַרצושלאָגן אַ ביז גאָר אינטע־רעסאַנטן שידוך עבור בתו הבכורה שתחי׳ לאורך ימים (אַזוי ווי איך שרייב צו אייך בפעם הראשונה, וויל איך אייך בעטן מיר זאָפאָרט להשיב לי דעם נאָמען פון אייער טאָכטער הנכבדה, עס זאָל מיין טירחא נישט זיין לשווא). דער פאָטער פון בחור, שמו ר׳ יעקב אַדלער, שטאַמט פון לעמבערג און מזה כמה שנים, אַז ער וווינט אין וואַרשע. ער איז אַ חשובער טשאָרטקאָווער חסיד און דאַוונט אין חסידים־שטיבל אויף מילע גאַס. אַ גרויסער תבואה־סוחר און לזה גם א בעל־הבית פון צוויי גרויסע הייזער אויף ביעלאַנסקאַ גאַס. איין מחותן זיינער איז ר׳ משה איינהאָרן פון די אָנגעזעענסטע אַלעק־סאַנדערער חסידים אין לאָדזש. אויך די מוטער פון בחור איז אַ גרויסע מיוחסת (זי הייסט טובה און איז טאַקע אַ גוטע נשמה), רבנים און רביים זענען געוועזן אירע זיידעס און ביי איר אין דער משפחה איז פאַראַן אַ יחוס־בריוו ביז דוד המלך עליו השלום. דער בחור הייסט שלמה. ווי מען האָט מיך אינפאָרמירט, און איך האָב אַ סך זיך אויך נאָכגעפרעגט, איז ער אַ גרויסער ירא־שמים, אַ מושלם במעלות, זיצט ימים ולילות על תורה ועבודה און שרייבט אַליין חידושים בהלכה כאחד הגדולים. אויף יעדן יום־טוב פאָרט ער מיטן פאָטער זייערעם צום רבין קיין ווין און ער שטייגט כסדר אין עבודת־השם.

עס איז דעריבער בקשתי אליו מיר במהרה צו וויסן טאָן אייער מיינונג באותו ענין, איך זאָל וויסן צו געבן תשובה דעם צד שני.

אגב אורחא: ביי מיר זענען פאַרצייכנט נאָך עטלעכע וויכטיקע נעמען, גאָר חשובע פאַרשלאָגן.

בכבוד רב ובדרך־ארץ

האַנס מאיר נאַכטפאָגעל, סטאַניסלאַוו, גאַליציען.״

יוכבדס פּנים צו ערשט האָט זיך געבלייכט, דערנאָך האָבן אירע ליפּן גענומען ציטערן און לבסוף איז דער בריוו איר אַרויסגעפאַלן פון די הענט און אַוועקגעקייקלט זיך איבער דער פּראַטירטער פּאָדלאָגע. אַ העלע שיין איז געפאַלן אויף די געציקלטע אותיות, אַז זי האָט זיי אַזש געקאָנט לייענען פון דער ווייטנס. „צוויי גרויסע הייזער אויף ביעלאַנסקאַ גאַס״ — — — „דער בחור הייסט שלמה״ — — — „אַ גרויסער ירא־שמים״ — — — „שרייבט חידושים בהלכה״ — — — „שטייגט כסדר אין עבודת־השם״ — — — הייסט עס: אַלץ איז בסדר. פאַראַן יחוס, און הייזער אויף ביעלאַנסקאַ, אָנגעזעענע חשובע מחותנים, און „ער״, איר „באַשערטער״ האָט אַלע מעלות. וואָס פעלט נאָך? וואָס?

יוכבד האָט געפילט אַ ביטערקייט אין מויל, ווי זי וואָלט אַראָפּגעשלונגען אַ נישט געשמאַקן ביסן, עפּעס אַ זויערקייט. עס האָט זיך איר געוואָלט סיי לאַכן און סיי וויינען. פּלוצלונג האָט אַלץ אין איר אויפגעברויזט, געבונטעוועט זיך. אין דער אָ רגע איז זי גרייט געווען צו רעדן אָפן מיטן טאַטן, אַנטפּלעקן פאַר אים אַלץ וואָס זי טראַכט אויף אַן אמת וועגן די אַלע שידוכים וואָס שדכנים „פאַרמיטלען״ אים פאַר אירטוועגן. זאָל ער וויסן, זאָל ער זי וועלן פאַרשטיין. די ווערטער זענען איר שוין געלעגן אויף די ליפּן, געזוכט אַ פּאַסיקע רגע פאַר דעם איבעררעד, און... אַז ס'איז אונטערגעקומען אַזאַ רגע, זענען די ווערטער ביי איר פאַרשווונדן, האָט זי נישט געקאָנט צונויפנעמען. גראָד דעמאָלט האָבן אירע בליקן זיך אָנגעטראָפן אויפן טאַטנס שמייכל וואָס איז צוגעפאַלן צו איר, זי אַרומגענומען מיט אַזאַ וואַרעמקייט, אַזוי האַרציק.

דאָס אייגענע איז געשען מיט ר׳ מרדכי־פייבלען אַליין... אין איינער אַ רגע האָט ער אַוועקגעלייגט די שווערע זיידענע גאַרטל אויף דער צעעפנטער גמרא, אַראָפּגערוקט זיך טיפער אין ווייכן פּליושענעם פאָטעל און צוזאַמענגענומען די ברייט־געדיכטע באָרד זיינע אין איין האַנט. אַ סך, גאָר אַ סך האָט ער געהאַט צו זאָגן זיין יוכבדן. וואָרעם נישט בלויז זי, נאָר אַפילו שיינדל, יינגער פאַר איר מיט אַ צוויי יאָר, וואָלט שוין אויך געקאָנט שטיין אונטער דער חופה. דער הימל האָט אים נישט געבענטשט מיט זין. דערוואָרט ער דאָס גאַנצע ביסל נחת אויף וועלכן אַ מענטש האָפט, פון זיי, פון די טעכטער, פון זייערע יידישע שטיבער וואָס זיי וועלן אויפשטעלן. אָבער, וואָס איז דער יסוד פון איר עקשנות, יוכבדס? וואָס איז די אמתע סיבה צוליב וואָס זי וויל נישט הערן פון קיין שום שידוך וואָס מען לייגט איר פאָר? און פאַרוואָס זאָל זי אָנטאָן צער טאַטע־מאַמען? פאַרוואָס קומט עס זיי?

אויף דער צונג זענען אים געלעגן נאָך האַרבע, תכליתדיקע רייד וואָס ער האָט איין מאָל פאַר אַלע מאָל געוואָלט אַרויסברענגען פון זיך, אַראָפּ־רעדן זיך, עס זאָל אים ווערן גרינגער און כדי צו וויסן אויך ווי ער האָלט מיט איר אין דער וועלט. ער האָט אויך חשק געהאַט איר צו דערציילן וועגן אַ שידוך וואָס מען האָט אים אָנגעשלאָגן, זייענדיק אין וועג, מיט זייער אַ רייכן טשאָרטקאָווער חסיד פון וואַרשע, און, אַז אין אַ ליאַדע טאָג דאַרף טאַקע אָנקומען אַן אויספּירלעכער בריוו מיט אַ סך פּרטים וועגן חתן אַליין. אָבער ווי ברעכט מען אַדורך איר איינגעשפּאַרטקייט? ווי אַזוי?

ר׳ מרדכי־פייוול האָט געצויגן די גאַרטל אַהין און אַהער, געהוידלט מיט די פראַנדזן אירע, מסדר געווען אין געדאַנק אַלע רייד, און צום סוף האָט ער זיי אַראָפּגעשלונגען, אָפּגעלייגט אויף אַ צווייט מאָל. נאָך אַלעם איז זי דאָך אַ געטריי קינד, די יוכבד, ווי אַזוי קאָן ער איר וויי טאָן, אָנטאָן צער? ווי אַזוי?

און ער האָט אַראָפּגענומען די גאַרטל פון דער גמרא, צוריק אַרומגע־גאַרטלט זיך, אָנגעהויבן לערנען אויפן קול, און דער ניגון האָט זיך אַריבער־געטראָגן אין די אַנדערע צימערן זיינע, איז פון דאָרט אַראָפּ אין הויף

אַריין, אויסגעמישט זיך מיט נאָך גמרא־טענער וואָס האָבן געשפּאַרט זיך פון שטיבל אַרויס ווו אַלט און יונג זענען געזעסן אַרום די טישן, געלערנט מיט ברען, געשאָקלט זיך אויף און אָפּ.

און ווייל די באַלקאָן־טיר לעבן וועלכער ר׳ מרדכי־פייבל איז געזעסן איז געווען צעעפנט, איז אויך צו דער לעווערטאָווער גאַס אַראָפּ פאַר־טראָגן געוואָרן זיין גמרא־ניגון, און יידן, פאַרבייגייענדיק לעבן זיין הויז, האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איינגעהערט זיך, און זיי האָבן מיט דרך־ארץ דערמאָנט ר׳ מרדכי־פייבלען, דעם רייכן חסידישן ייד, דער רייכסטער אויף לעווערטאָווער גאַס, און אפשר גאָר — פון די רייכסטע יידן אין שטאָט.

## קאַפּיטל צוויי

אין חסידים־שטיבל אין זיין הויף זענען אוודאי געווען גרעסערע למדנים פון ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך. עס האָבן דאָרט נישט געפעלט קיין שאַרפע קעפּ, עילוישע יונגעלייט, איידעמס אויף קעסט וועלכע האָבן נישט גענומען אויף זיך קיין דאגות־פרנסה, נישט עוסק געווען אין הבלי־עולם־הזה, נאָר זענען געזעסן על תורה ועבודה, פאַרברענגט גאַנצע טעג אין שטיבל, געלערנט, געפּלפּולט זיך, מחדש געווען חידושים אין ש״ס און פוסקים. דערפאַר טאַקע האָט דאָס שטיבל געשמט מיט אויסגערופענע תלמידי־חכמים אין שטאָט, ווי ר׳ יצחקל דער גסה־שוחט מיטן שמאָלן בינטל האָר אויף דער שפּיץ גאָמבע זיינער, ווי אַ וואָרצל פון אַ גרינצייג־געוויקס, יאָסל לערמאַן — אַ שוואָרצהאָריקער יונגערמאַנטשיק מיט אַן אָפּענעם, גאונישן קאָפּ און פלאַ׳דיקן זכרון, דער אַלטער ר׳ אליה׳לע און נאָך עטלעכע. אַז די דאָזיקע האָבן זיך צונויפגעטראָפן אויף איין אָרט און געשפּאַרט זיך אין לערנען, אין אַ גמרא־ענין, אין אַ פשט אין רש״י, אָדער אין אַ תוספות־קשיא, האָט ווי אַ פייער אָנגעצונדן זיך אַרום זיי. זייערע פּנימער האָבן געפלאַקערט, די פּיאות — פונאַנדערגעלאָזט זיך, צוצע־פלויגן, די שטערנס — צעווייקט אין שווייס, און די קולות פלעגן דעמאָלט גיין עד לב־השמים.

און פון דעסט וועגן איז ר׳ מרדכי־פייבלען נישט געווען לייכט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט אין אַזאַ שפּאַרעניש, אויב ער האָט זיך נאָר אָפּגערופן, אַריינגעמישט זיך. וואָרעם זיינע סברות זענען שטענדיק געווען גלייכע, קלאָרע, האָבן שטענדיק געהאַט אַ יסוד. צו דעם, האָט ער מיט זיין גוואַלדיקער בקיאות איבערגעשטיגן אַנדערע לומדים אין שטיבל. מסתמא, דערפאַר וואָס פון זייער יונג אָן איז ער געווען אַ גרויסער מתמיד און ער האָט אויך אין די שפּעטערע יאָרן נישט פאַרלאָזט זיך אויף גירסא דינקותא, נאָר טאַקע אַריינגעאַרבעט אין אַ בלאַט גמרא, געלערנט מיט עיון, מיט עמקות. ערשט דעמאָלט האָט ער געפילט די גרויסע הנאה פון לערנען.

*

מיטאָגצייט האָט ר׳ מרדכי־פייבל אומגעקערט זיך פון אַ נסיעה צום רבין און גלייך נאָך מנחה האָבן היימישע שטיבל־יידן אַריינגעכאַפּט זיך צו אים אָפּגעבן שלום און פאַר איין וועגס שוין געוואָלט הערן פון רבינס „שמועסן״ ביי די שבתדיקע טישן.

אַזוי, נישט אָפּגערעדט זיך, האָבן אין גרויסן עסצימער זיך צוזאַמענגעקליבן ר׳ יצחקל שוחט, איטשע־בער דער גבאי, ר׳ אלי־אהרן עפּלבוים — דער קהלה־דאָזאָר, ר׳ דודל ערליכמאַן, ר׳ יעקב־אהרון דער בעל־תפילה, ישראל דער טרעגער מיט דער אַרומגעגאַרטלטער גראָבער שטריק, און נאָך און נאָך. די טיר האָט כסדר זיך געעפנט און צוגעמאַכט, און דאָס צימער האָט זיך אָנגעפּילט מיט חסידים. „שאַ, שאַ״ — האָט ר׳ יצחקל שוחט אויסגערופן ביי יעדן סקריפּ פון דער טיר, ביים מינדסטן שאָרך וואָס האָט זיך געהערט אַרום טיש. „שאַ, שאַ״ — און ער האָט צוגעפּאַכעט מיט דער האַנט אין דער לופטן כדי נישט צו פאַרלירן אַ וואָרט פון רבינס תורה־שמועס וואָס ר׳ מרדכי־פייבל האָט נאָכגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט, און ר׳ יעקב־אהרון וואָס האָט נישט געקאָנט באַהאַלטן אין זיך די התפעלות זיינע, האָט יעדע ווייל אויסגערופן „אָוואַ, וואַ, אָוואַ וואַ, פלאי־פּלאים, מוראדיק!״ — —

בסך־הכל אַ וואָכעדיקער סוף־טאָג וואָס האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ שבתדיקייט. אַ שעה פון רעוא דרעון, ווי ביי שלוש־סעודות אין שטיבל, ווען זון פאַרגייט און אַ ליבע טונקלקייט פאַרשלייערט די שבתדיקע יידן וואָס זיצן אַרום טיש, פאַרבייסן אַ שטיקל חלה מיט הערינג און צעזינגען זיך אַזוי נעימותדיק: חדו השתא בהאי שעתא, דבה רעוא ולית זעפין״.

אין גרויסן עסצימער איז מיט יעדער מינוט געוואָרן טונקעלער און טונקעלער און קיין ליכט איז אין גאַנצן נישט געווען בייטיק. אָן עדה יידן איז געזעסן צוזאַמענגעגאָסן אין איין מאַסע, אויסגעטאָן פון גשמיות, האָט געטרונקען מיט דאָרשט דעם רבינס תורה־רייד. זייערע פאַרשמייעטע פּני־מער זענען געווען אָפּגעהעלט, און אַזאַ רוחניותדיקייט האָט געהויערט אין צימער און זיי פאַרטראָגן הויך, וייט, אין אוממשותדיקייט אַריין.

פון דער גרויסער ספרים־שאַנק וואָס האָט פאַרנומען אַ האַלבע וואַנט פון עסצימער, האָט אַ העל שטראַלעכל, ווייזט אויס, די גאַנצע צייט געלעגן דאָרט אויסבאַהאַלטן, אַראָפּגעשלענגלט זיך, איז אַרויפגעפאַלן אויף דער צונויפגעדריקטער מענטשן־מאַסע, צעפּיצלט זיך אויף זייערע קעפּ, איז אַריין אין באָרד־קנויל און דאָרט אַוועקגעקומען.

און אין מיטן דערין... זיצנדיק אַזוי אין גרויס התבטלות, האָט מען זיך אַ ריס אָפּ געטאָן פון אָרום טיש, אויפגעשטעלט זיך און גענומען אַרויס־שאַרן זיך פון ר׳ מרדכי־פייבלס שטוב. איינער האָט דעם צווייטן איבער־געגעבן אויפן אויער, אַז אַ קאָטש געשפּאַנט אין פיר פערד נאַשפּיץ האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַרן הויז־טויער.

„מן־הסתם אַ חשובער גוי״ — האָט עמעצער אַ בורטשע געטאָן און געשטופּט זיך צום הינטערשטן אַרויסגאַנג פון דער ווינונג וואָס האָט געפירט אין הויף אַריין.

„אוודאי אַ גראַף, אַ פּוילישער כראַביע — האָט אַן אַנדערער צוגע־וואָרפן בייסנדיק פון כעס זיין שפּיץ באָרד — זיי קומען דאָך צו אים ווי צו זייערס גלייכן, עך זעט דען נישט? ווען נאָר זיי ווילן, קומען זיי צו אים!״

„די שכינה איז צוזאַמען מיט אונדז אין גלות — האָט נאָך איינער געביטערט — אָט קומט אַ גוי אַ טמא און דו דאַרפסט גלייך אָפּטרעטן דיין פּלאַץ פאַר אים. איי, איי, איי! אַזאַ געהויבנקייט אין מיטן דער וואָך, און אַזוי צעשטערט... האַ? ברידערלעך, אַ גאַנצן טאָג פאַרדינסט וואָלט איך אַוועקגעגעבן פאַר איין שעה פאַרברענגען מיט אַנשי־שלומנו, פאַר איין שעה!״.

געזאָגט האָט עס ישראל דער טרעגער. אַ גאַנצן טאָג שלעפּט זיין ביינערדיקע פּלייצע שווערע משאות, זעק און קאַסטנס, איז פאַר אים דאָס זיצן צווישן מנחה און מעריב אין אַ געוויינטלעכן וואָכנטאָג מיט אַן עולם חסידים און איינהערן זיך אין רבינס הייליקער תורה, ממש טעם גן־עדן אויף דער וועלט.

און אַז ער האָט זיך שוין געפונען אין הויף, לעבן שטיבל, האָט ער האַלב צו זיך און האַלב צו די וואָס זענען געגאַנגען לעבן אים, אַ זאָג

געגעבן: „מיין טאַטע עליו השלום, האָט מיר איבערגעלאָזט בירושה פּעסטע, גראָבע שטריק, בינד איך פּעק און קאַסטנס אויף דער פּלייצע און שלעפּ זיי. מרדכי־פייבלען זענען נעבעך געפאַלן בירושה וועלדער, הייזער, גע־שעפטן מיט פּריצים, האָט ער אויך נישט קיין ברירה. ער מוז שלעפּן זיינע משאות... איך ווייס? אפשר איז גאָר מיר גרינגער פון אים, ווער ווייס? לאַכט נישט, לאַכט נישט, יעדער איינער — מיט זיין ירושה, מיט זיינע פּעק, מסתמא, אויך מיט זיינע דאגות...״

*

מיט אַן אויסגעבאָרגט שמייכעלע אויפן בלייך געוואָרענעם פּנים, איז ר׳ מרדכי־פייבל אַנטקעגנגעגאַנגען דעם גראַף יאַזשעמבסקי און אים אַריינגעפירט אין זיין שרייבצימער. א „וואַזשנעם טויש געמאַכט — האָט א מחשבה אים מיטבאַגלייט — אַן עדה־יידן, עובדי־השם, אַרויסגעטריבן דורך דער הינטערטיר צוליב אַזאַ גויטשינע... נישט אַנדערש ווי אַ שטראָף פון הימל, א שטראָף.״

משמעות, אַז ס׳האָט דער גראַף אַרויסגעפילט, אַז זיין גאַסטגעבער איז עפּעס „נישט מיט זיך״, האָט ער אים געוואָלט איינגעמען מיט חנופה, גערימט אים פּאַר יוכבדן וואָס איז מיטגעזעסן אין שרייבצימער, אויסגע־רעכנט די מעלות פון איר פּאָטער, זיין קלוגשאַפט, העפלעכקייט און אַנדערע גוטע מידות.

פון נימוס־וועגן האָט ר׳ מרדכי־פייבל ווידער אַרויסגעגייט פון זיך א שמייכעלע וואָס איז גלייך אַנטרונען. ער האָט גוט געקענט דעם גראַף יאַזשעמבסקי מיט וועלכן ער האָט געפירט זיינע וואַלד־עסקים און נישט געקאָנט אים חושד זיין אין אהבת־ישראל, אויך נישט צו אים...

דער גראַף איז נישט געווען קיין זעלטענער גאַסט ביי מרדכי־פייבלען אין שטוב און האָט געוווּסט וואָס עס דערוואַרט אים דאָ. זיינע נאָזלעכער האָבן אויסגעשפּירט, אַז אין קיך גרייט מען פּאַר אים אַ לייטישן אויפנעם. האַרבע־געווירצן־ריחות זענען צו אים דערגאַנגען, האָבן פאַרנעפּלט זיינע בליקן און ער איז גלייך געוואָרן אומגעדולדיק.

די בעל־הביתטע און יענטע די דינסט האָבן געטאָן אַלץ אין קיך, אַז די געקעכצן זאָלן שנעל פאַרטיק ווערן. סוף־סוף האָט איטע ר׳ מרדכי־

פייבלס באַוויזן זיך אויפן שוועל פון שרייבצימער און אַריינגעבעטן דעם גאַסט אין עסזאַל. זי איז געווען אָנגעטאָן אין דעם נייעם גראַנאַטענעם קלייד — אָקערשט אויפגענייט — פון פראַנצויזישן זייד, באַפּוצט מיט ווייסע קאַראַנקעס ווי באַשיט מיט ווייסע בלאַנקענדיקע שנייעלעך. צוויי גרויסע שנורן פערל וואָס ר׳ מרדכי־פייבל האָט פאַר איר געקויפט אין וואַרשע, האָבן געפינקלט איבער איר פרום צוגעדעקטן האַלדז.

די אויפן טיש אָנגעשטעלטע מאכלים, האָבן אַרויסגעפירט דעם גראַף פון גלייכוואָג. זיינע דיקע, נאָכהענגענדיקע ליפּן, ווי שטיקער לעבער, האָבן צוגעציטערט פון גלוסטעניש צו דעם אַלעם וואָס די אויגן האָבן געזען.

ר׳ מרדכי־פייבל האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך ריינעם ספּירט, אָוועק־געשטעלט איינס לעבן גאַסט און דאָס צווייטע פאַר זיך. ווי נאָר ער האָט באַנעצט די ליפּן, האָט יאַזשעמבסקי גלייך אויסגעליידיקט זיין גלעזל און דערשפּירט זיך אָן אַנדערער מענטש, געוואָרן אויפגעראַמט.

„שיכור ווערט מען פון שוואַכן בראָנפן, פון זיסע געטראַנקען, אוז ספּירט רייניקט אַלץ אינעווייניק, אַפילו דעם שׂכל מאַכט ער קלאָרער.״

אָפּגעזאָגט די חכמה, האָט דער גראַף אַליין אָנגעגאָסן פאַר זיך נאָך אַ גלעזל, אויסגעטרונקען, אָנגעגאָסן נאָך איינס, און דערווייל געלאָזט עס שטיין ווי פאַר שמירה־וועגן.

אין אַ ווייס בלאַנקענדיקן פאַרטעך, האָט יענטע, אַ דערפלאַמטע, זיך באַוויזן אין עסזאַל. איןביידע הענט האָט זי געהאַלטן טאַצן מיט פיש. אין איינער — מאַרינירטע אין זויערן, אין דער צווייטער — געפּרעגלטע. נאָר אַוועקגעשטעלט זיי אויפן טיש, איז זי שנעל אַרויס, און גלייך צוריקגע־קומען מיט אַ פאַרצעלייענעם פאַלומיסעק מיט געפילטע פיש, געקאָכט אויף זיס און שטאַרק געפעפערט.

יענטע האָט כסדר אַראָפּגענומען די אויסגעליידיקטע טעלערס און געבראַכט אויף זייער אָרט אַנדערע, מיט כלערליי מאכלים.

ערשט נאָך די פיש האָט דער גראַף אָנגעהויבן עסן מיט סדר, אָפּגערוט זיך און געגעסן, ווידער אָפּגערוט זיך און צוגעטרונקען. און, אַז ס׳איז געקומען צום גענדזנס מיט די געבאַקענע פאַרפעלעך, האָבן שוין זיינע אויגן „געגעסן״ מער ווי דאָס מויל איז געווען אין שטאַנד צו פאַרנעמען.

אַ פּאַרע האָט געשלאָגן פון זיינע שטייפע באַקן, פון די אָפּגעדעקטע הענט ביז איבערן אָרעם, אַ פּאַרע, ענלעך צו דער וואָס איז אויפגעגאַנגען פון די הייסע ברוינע פאַרפּעלעך וואָס האָבן, געבאַקענע אין שמאַלץ, אַרויסגע־גלאַנצט פון טעלער ווי צאַפּלדיקע אויגאַפּלען.

אַ שווערע מידקייט איז באַפאַלן דעם גראַף יאַזשעמבסקי. זיינע אויגן האָבן גענומען זיך קלעפּן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געוואָלט אַוועק פון טיש, און נישט געקאָנט אַ ריר טאָן די פיס פון אָרט. ר׳ מרדכי־פייבל איז שנעל צוגעלאָפן, האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם און צוגעשלעפּט אים צו דער פּליושענער קאַנאַפּע. יאַזשעמבסקי האָט אַרויפגעקייקלט זיך אויף איר, זי גוט אויסגעשמירט מיט דער סלינע וואָס איז אים גערונען פון מויל און גענומען פּלוידערן ווי אַ נישט דאַיִקער, בייזערן זיך און שעלטן. עס האָט אויסגעזען, אַז ער שרייט אַזוי אויף די פּאַראָבקעס זיינע, טרייבט זיי אונטער ביי דער אַרבעט, וואָרעם ער האָט זיי גערופן ביי די נעמען, געפּאַ־כעט מיט די הענט און געדראָט, געשריגן אויף זיי „זשידי״, „זשידי״, „גנבים״, „גזלנים״, — ביז ער איז איינגעשלאָפן. די אונטערשטע ליפּ איז ביי אים געבליבן אָפּגעבויגן און איז נאָכגעהאָנגען ווי אַ שטיקל פלייש וואָס ער האָט נישט באַוויזן אַראָפּצושלינגען פאַרן אַנטשלאָפן ווערן.

שפּעטער, ווען די טראָטואַרן אויף לעווערטאָווער גאַס זענען שוין געווען כמעט ליידיק, האָט ר׳ מרדכי אַרויפגערופן דעם גראַפס קוטשער אין שטוב אַריין, אַוועקגעשטעלט פאַר אים אַ פלעשל בראָנפן מיט „שיריים״ פון דער גרויסער סעודה. אָפּגעגעסן, האָט דער געזונטער גוי אויסגעצויגן ביידע שפּיצן פון זיינע לאַנגע, שטייפע וואָנצעס, אַראָפּגעלאָזט זיינע מוס־קולנע הענט — ווי אַ צעעפנטע צוואַנג — צו דער ווייכער קאַנאַפּע און אַ הייב געגעבן דעם בעל־הבית זיינעם ווי עס הייבט אויף אַ טרעגער אַ שווערן זאַק און לייגט אים אַרויף אויף איין אַקסל.

„זאָל דער הער נישט איבערנעמען זיך, שוין געוווינט דערצו, נישט פון היינט, נישט פון נעכטן״ — האָט דער קוטשער אָפּגערופן זיך צום איבערגעשראָקענעם ר׳ מרדכי־פייבל, און אַרויסגעטראָגן דעם פריץ פון זיין שטוב ווי עס טראָגט אַ געזונטער קצב־יונג אויף זיין אַקסל אַ זייטל פלייש.

די גומענע רעדער פון יאַזשעמבסקיס קאָטש האָבן נישט אָנגעמאַכט

קיין רעש אויף דער לעוורטאָווער גאַס. נאָר, ווייל עס איז דאָך געווען שפּעט ביי נאַכט, האָט דער גלאָף פון פיר פערד, געשפּאַנטע נאַשפּיץ, איבערגעוועקט מענטשן פון שלאָף. אַ סך זענען אַראָפּ פון די בעטן, האָבן געעפנט פענצטערס, נאָכגעקוקט דער שוואַרץ־לאַקירטער קאַטש וואָס האָט זיך געטראָגן איבער דעם שטיינערנעם ברוק, און פאַרשטאַנען, אַז אַ רייכער פריץ האָט אוודאי ביז איצטער פאַרבראַכט ביי ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך, דעם וואַלד־סוחר, וועמעס עשירות עס שטייגט, ווי מענטשן דערציילן, פון טאָג צו טאָג.

„נו, און איצטער קאָנסטו מאַכן דיין חשבון־הנפש — האָט אַ געדאַנקעלע אַ בליץ געטאָן ביי ר׳ מרדכי־פייבלען אין מוח, בעת ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין דער באַלקאָן־טיר און געקוקט אין דער ליידיקער גאַס אַריין. איטשע־בערן און דעם גאַנצן עולם האָסטו אַרויסגעשיקט דורך איין טיר און דורך דער אַנדערער — אַריינגעפירט דעם שיכור, דעם גוי מיט וועלכן דו מסחרסט. אַ האַלבע נאַכט אים אָפּגעגעבן, אַ גאַנצע האַלבע נאַכט.״

ער איז שנעל אָפּ פון דאָרט, איז אַריין טיפער צוריק אין צימער, אויפגעהויבן די הענט צום באַלקן. אין אַ סך פון זיינע גרויסע רווחים האָט דער אָ גוי אַ חלק. אויב אַזוי, איז ער דאָך אַ שליח פון הימל, ווי דען אַנדערש ?, נו, טאַקע ? !״

מיט ווייכע טריט איז ער פאַרביי לעבן די צימערן ווו די טעכטער זענען געשלאָפן, און האָט גוט פאַרמאַכט זייערע טירן, איז אַריין אין שלאָף־צימער און געטראָפן איטען נאָך אַ וואַכע.

„באַלעמוטשע נישט, מרדכי־פייבל. די נאַכט איז שוין באַלד פאַרביי און ס׳איז דיר נישט געבליבן אַ סך צו שלאָפן, ביסט דאָך אוודאי מיד.״

„אַלע די זעלבע, איטע, אַלע גויים — האָט ער אַ זאָג געגעבן נישט צום ענין, זויפערס זענען זיי, נואפים, נישטאָ אויף דער וועלט ווי די בני־ישראל, נישטאָ״.

„אוודאי אַזוי, אוודאי ! ווער איז נאָך אַזוי ווי יידישע אָפּגעהיטענע קינדער, ווער נאָך אַזוי ?״ און זי האָט גלייך צוגעגעבן : „טאָ לאָז אים אַרויס פון געדאַנק, טראַכט נישט מער וועגן דעם גוי, דעם טמא, לאָז אים אָפּ״.

יחיאל גראַנאַטשטיין

## קאַפּיטל דריי

באַלד נאָך דעם ווי ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך האָט אָפּגעקויפט ביים גראַף יאַזשעמבסקי דריי גרויסע וועלדער, לעבן דאָרף מיכאַלאָווקע, האָט ער אָוועקגעזעצט ר׳ הערש־לייבן דעם סופר שרייבן אַ ספר־תורה און צו דעם צוועק אים אָפּגעגעבן אַ צימער פאַר אַלע זיינע הצטרכותן. ער האָט אויסגעקליבן ר׳ הערש־לייבן, ווייל ער איז געווען אַ חסיד פון אַלטן דור, שוין אין די טיפע יאָרן, געהערט צו די בעסטע סופרים אין שטאָט, און אַחוץ אַלעם — אַ גרויסער ירא־שמים. ביי ר׳ הערש־לייבן האָט אַ ספר־תורה שרייבן גענומען יאָרן. נישט חלילה כדי צו באַקומען מער באַצאָלט, אָדער כדי צו געניסן אין די רייכע שטיבער פון די באַקוועמלעכקייטן וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך, נאָר, ווייל דאָס עצם שרייבן די אותיות פון דער תורה, די כוונות און די טבילות אין מקווה האָבן ביי אים גענומען אַ סך צייט, און די אַרבעט אַליין האָט פאַרלאַנגט פון אים זהירות, אָפּגעהיטקייט און נאָך אַנדערע זאַכן וואָס אַן ערלעכער סופר האָט געריכטעוועט זיך לויט זיי, און נישט גערעדט וועגן דעם.

אַ וואָך נאָך דעם ווי ר׳ הערש־לייב האָט אָנגעהויבן עוסק זיין אין זיין הייליקער מלאכה, האָט ר׳ מרדכי־פייבל געמאַכט אַ קידושא־רבא פאַר אַלע שטיבל־יידן. אַ דריי־פיר טעג פאַר שבת, האָבן צוויי סאַרווערס, פון די אויסגערופענע אין שטאָט, מומחים אין צוגרייטן פאַרשידענע געבעקסן און געקעכצן, איבערגענומען די שליטה ביי די צווייגרייכס אין קיך, געגעבן באַפעלן וואָס צו קויפן און וואָס צו טאָן. זיי האָבן אַרומגעדרייט זיך אָנגעטאָן אין ווייסע כאַלאַטן און אין הויכע ווייסע מיצקעס אויף די קעפּ, און לעבן זיי האָט יענטע די דינסט אויסגעזען ווי אַראָפּגעזעצט פון איר גדולה, ווי מען וואָלט ביי איר אומזיסט און אומנישט צוגענומען די מאַכט. אין יענטען האָט טאַקע דאָס בלוט געקאָכט פון פאַרשעמונג און נאָך מער האָט איר געקרענקט וואָס די צוויי סאַרווערס האָבן געשאַפט זיך מיט איר.

עלעהיי זי וואָלט געווען אָנגעשטעלט ביי זיי, אָדער, אַ לערן־מיידל וואָס ווייסט נאָך נישט צו טאָן אַליין די מינדסטע זאַך.

פרייטיק פאַר נאַכט, פאַר ליכטצינדן, האָט ר׳ מרדכי־פייבל אַריינגע־רופן די צוויי סאַרווערס צו זיך אין צימער, געהייסן זיי אַוועקזעצן זיך אויף דער קאַנאַפּע און צו זיי אַזוי געזאָגט: „איך וויל, אַז בשעת דעם קידוש זאָלט איר לייגן מער אַכט אויף די אָרעמע. נישט זשאַלעווען זיי קיין פאַר־ציעס לעקעך, צי פון די אַנדערע מאכלים. די רייכע שעמען זיך נישט. זיי שטעקן די הענט אין די טאַצן וואָס איר טראָגט אַרום, זיי ווינקען צו אייך און איר גיט זיי סיי ווי וואָס נאָר זיי פאַרלאַנגען. נישט אַזוי — דער אָרעמאַן. ער דערלויבט זיך נישט אויפצוהייבן צו אייך זיינע אויגן און וואָס איר וואַרפט אים צו, עסט ער. זאָג איך אייך דעריבער אָן: פאַרשעמט זיי נישט! גיט זיי גאַנצע פאָרציעס, שיינע, אויך פאַר די קינדער זייערע וואָס קומען מיט זיי מיט.״

וואָס אָן אמת, האָבן די סאַרווערס ביי זיך אין האַרצן געטראַכט אַנדערש, וואָרעם ווי אַזוי קאָן מען פאַרגלייכן פּשוטע, אָפּגעריסענע מענטשן, מיט בכבודיקע, אָנגעזעענע גבירים, וועמען דאַרף מען טאַקע מער צוזען אויף אַ שמחה, אויף אַ סעודה? זיי האָבן אָבער גוט געקאָנט ר׳ מרדכי־פייבלס פירונג, געוווּסט, אַז ער איז אַנדערש פון אַ סך גבירים אויף לעווערטאָווער גאַס אין וועמעס שטיבער זיי קומען אַריין און קאָנען גוט זייער קאַרגשאַפט און גרויסהאַלטנדיקייט, און זיי האָבן אים צוגעזאָגט מקיים צו זיין וואָס ער פאַרלאַנגט, אַז זיי וועלן טאָן אַלץ ווי ס׳איז זיין ווילן.

צו מאָרגנס, שבת אין דער פרי, דער בעל־תפילה האָט נאָך נישט געהאַט געענדיקט דאַווענען מוסף, איז ר׳ מרדכי־פייבל שוין געשטאַנען ביים אַרויסגאַנג פון שטיבל און האָט פאַרצוימט דעם וועג פאַר די וואָס האָבן געוואָלט אַרויסנאַרן זיך, אַוועקגיין אַהיים צו זיך. ער האָט גוט געוווּסט, אַז צווישן די דאָזיקע זענען פאַראַן געדריקטע וועלכע שעמען זיך צו קומען אין פרעמדע שטיבער אין זייער געמיין אָנגעטועכץ. האָט ער צעשפּרייט די הענט ווי פליגל און ביי יעדן איינעם געבעטן נישט אָנצוטאָן אים קיין צער און אַרויפגיין מיט צו אים אין שטוב. און אַזוי, מיטן שווערן טלית

פון טערקישער וואָל, אויף די אַקסלען, מיט דער אָנגעשפּילעטער זילבער־נער עטרה וואָס האָט געבלישטשעט און אָפּגעהעלט זיין טונקל־ברוינע־פּנים־הויט, האָט ער געשפּרייזט מיטן גאַנצן עולם אַרויף צו זיך אין שטוב.

ווען די שטיבל־יידן האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום די טישן אין גרויסן עסזאַל, זענען די קינדער פון די אָרעמע אין שטיבל אַרומגעלאָפן, צעטומלטע פון דער רחבותדיקייט, איבער אַלע צימערן פון דער גרויסער וווינונג און קוים־קוים אָפּגעפונען איינער דעם אַנדערן. עס זענען זיי געפעלן געוואָרן די שפּיגל־גלאַנציקע־געפּאַרבטע פּאָדלאָגעס און זיי האָבן געגליטשט זיך אויף זיי ווי אין ווינטער אויף געפרוירן אייז. פון יעדער זאַך זענען זיי נתפעל געוואָרן, האָבן געטאַפּט מיט די הענטלעך די ווייכע פּליושענע פאָטעלן, געקאַטשעט זיך אויף די ווייכע קאַנאַפּעס, אויף די דיוואַנעס. קיינער האָט נישט אומגעקוקט זיך אויף זיי, קיינער האָט זיי נישט אָנגעשריגן, עלעהיי זיי וואָלטן אַריין אין אַ הפקרדיקן פּאַלאַץ ווו יעדער איינער מעג טאָן וואָס ער וויל.

עטלעכע קינדער האָבן אויסגעקליבן זייער זיצאָרט דווקא אין שרייב־צימער. דאָרט אַהין האָבן זיי אָנגעברענגט פון אַלץ וואָס זיי האָבן באַקומען פון די סאַרווערס און פון אַנדערע, און געשלאָסן אַ שותפות.

„זאָג, שלמהלע, האָט איינער אַ יינגל אַ געשריי געטאָן צו ישראל דעם טרעגערס אָן אייניקל, זאָג, האָסט שוין געזען אין דיין לעבן אַזאַ גרויסן לאָמפּ מיט אַזעלכע געשליפענע גלעזעלעך ווי אין דער סאַלע? אוודאי קיין מאָל נישט, קיין מאָל נישט!"

„איז וואָס? האָב איך נישט געזען! ביי ענק אין קעלער איז דאָך אַפילו אַ נאַפּטלעמפּל נישטאָ, אַליין געזעסן מיט דיר ביי אַ ליכטל, נישט אמת? זאָג! זאָג!"

די קינדער האָבן זיך צעלאַכט אויפן קול, געהאַלטן מיט שלמהלען און זענען צופרידן געווען וואָס ער האָט געוווסט ווי אַזוי אָפּצוענטפערן אַ חבר וואָס וווינט אויך אין אַ קעלער־שטוב און וויל אָפּלאַכן פון זיינס אַן אייגענעם חבר. וואָלט אפשר נאָך געקומען צו אַ קריג צווישן די קינדער, ווען נישט וואָס פון צווייטן צימער האָט פּלוצלונג אַריינגעקאָלערט זיך אַ גרויסער רויטער עפּל, מסתמא, דורך עמעצן אונטערגעוואָרפן, און

עטלעכע גופימלעך האָבן אַ לאָז געטאָן זיך צו אים און זיך פאַרקנוילט אונטער דער סאָפע ווו דער עפּל איז געבליבן ליגן.

„יעדן אַ חלק, אַ גלייכן חלק", האָט שלמהלע געפּסקנט, און ניישט וואַרטנדיק, אַז אַנדערע, די שטאַרקערע צווישן זיי, זאָלן אויך מסכים זיין, האָט ער אַ הייב געטאָן דעם עפּל פון הינטער די גופימלעך, אַרויסגענומען זיין קניפּיק און צעשניטן פאַר יעדן אַ גלייכן חלק פון גרויסן עפּל.

*

שוין לאַנג ווי די שטיבל־יידן האָבן נישט געהאַט אַזאַ קידושא־רבא. אָבער נישט די עסנס, די ספּעציעלע מאכלים, די וויינען און ליקערן, זענען געווען זייער הנאה, נאָר דאָס זיצן צוזאַמען, דאָס פאַרברענגען ביי איין טיש. יעקב־אהרון דער בעל־תפילה האָט געזונגען איין ניגון נאָכן אַנדערן און דער עולם האָט מיטגעהאַלטן, צוגעפּאַטשט מיט די הענט, איז אַריין אין התלהבות, אין גרויסער דביקות. גרויס איז געווען די שמחה ביי איטשע־בערן דעם גבאי, ר' מרדכי־פייבלס אַ ידיד־נפש, מיט וועלכן ער פאַרברענגט אַ סך און עצהט זיך ווי מיט אַ בן־בית.

ווען יעקב־אהרון האָט אויפגעזונגען אַ לעבעדיק מאַרשל, איז איטשע־בער אַרויף אויפן טיש און אַוועק אין אַ ריקוד, באַהאַלטן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, צעשפּרייט די הענט ווי פליגלען וואָס וואָלטן אים געדאַרפט אונטערהייבן און אַוועקטראָגן.

„אוי, טאַטע־פאָטער אין הימל, האָט זיין שטים געריסן זיך צום באַלקן־צו, וטהר לבנו לעבדך באמת, באמת! טאַטע־ליבער — — — "

אָנגערעגט דורך איטשע־בערן האָט דער עולם אויפגעשטעלט זיך פון אַרום טיש, געשלאָסן האַנט אין האַנט, און געטאַנצט און געטאַנצט, געוואָרן ווי איין גוף, ווי איין נשמה, די אויגן — צוגעשלאָסן, פאַרגלייזט, פאַר־טראָגן אין עולמות־עליונים, אין העכערע ספערן, געלייטערטע.

*

פאַררוקט אין אַ ווינקל זענען געשטאַנען בערל דער גאַרבער און חאַסקל דער פעלהענדלער — צוויי שותפים וועלכע זענען צוליב דער שווע־רער צייט זיך פונאַנדערגעגאַנגען און האָבן צעטיילט צווישן זיך דלות און

חובות וואָס זיי האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן.ביידע האָבן גלייך דערזעען ווי ר׳ מרדכי־פייבל האָט אַ כאַפּ געטאָן ישראל דעם טרעגער פון ראָד אַרויס און אָנגעהויבן טאַנצן מיט אים האַנט אויף אַקסל, אַזוי פאַרפּלאָכטן זיך איינער אין אַנדערן, אַז מען האָט כמעט נישט געקאָנט וויסן פון וועמען עס גלאַנצט אַראָפּ דער פּראַנצויזישער זייד און פון וועמען עס שלעפּן זיך נאָך בגדים־צויטן ווי צעטרייבערטע אָדערן.

„וואָס איז פאַראַן אַ סך צו רעדן וועגן אַזאַ מרדכי־פייבל? ביטול היש! דאָס איז עס! אַ מענטש וואָס בלאָזט נישט פון זיך, האַלט זיך נישט גרויס, ווערט נישט פאַרפירט פון דער רייכקייט, נו, זאָג דו, חאַסקל, ס׳איז נישט אַזוי? וואָס שווייגסטו? אַ מינוט פריִער האָסטו מיך פאַרפלייצט מיט רייד און איצטער האַלסטו דאָס מויל פאַרשלאָסן.״

חאַסקל איז געווען פול מיט וואָכעדיקע דאגות פון וועלכע ער האָט נישט געקאָנט זיך באַפרייען — ממש, מעשה שטן. עס גייט אַ פרישע וואָך. מען דאַרף געבן קינדער צו עסן. זיי גייען אָפּגעריסן. אַ לייטיש שיכל האָבן זיי נישט אויף די פיס. ווי האַלט מען עס אויס? ווי אַזוי?

און וואָס שייך מרדכי־פייבלען — טראַכט ער ביי זיך — אַוודאי איז ביטול היש אַ גרויסע זאַך. נישט אַ סך קומען צו אמתדיק צו אַזאַ מדרגה, אָבער צוריקגעשמועסט, איז דען ישראל דער טרעגער ווייניקער חסיד פון אים? אַ קלענערער עובד־השם? ס׳הייבט זיך גאָרנישט אָן! טאָ וואָס זשע איז ווידער די רבותא? צו וואָס איז מען אנשי־שלומנו אויב נישט צו האַלטן זיך גלייך? און צו בערלען, זיין געוועזענעם שותף, האָט ער זייטיק אַ זאָג געטאָן: „נאָך גוט, ברודער, וואָס ס׳איז פאַראַן אַ שבת, וואָרעם, אין די וואָכנטעג זיצן דאָך גויים ביי אים אין שטוב, טרינקען, זויפן, פאַרטמאַ׳ן דאָ די יידישקייט. האָט ער טאַקע שכל, מרדכי־פייבל ווי אַזוי מענג צו זיין דעם שבת. יאָ, אַ בר־דעת איז ער אַ לייטישער, נישטאָ צו שעמען זיך מיט אים״.

„און פון דאַנעט טאַקע, פון אַזאַ שבתדיקייט, ציט זיך די השפעה אויף די וואָכעדיקע טעג, אויף מיר, אויף דיר, אויף אַלעמען. ס׳איז גאָרנישט קיין קליינִיקייט״ — האָט בערל אויסגעפירט, און דער איבעררעד צווישן זיי האָט אויף אַ ווײַלע זיך איבערגעריסן.

ביים גרויסן טיש, אויבנאָן, איז אָנגעגאַנגען אַ שפּאַרעניש אין אַ גמרא־סוגיא צווישן ר׳ יצחקל שוחט און דעם יונגן יאָסל לערמאַן. קעפּ האָבן זיך געבויגן איינער צום אַנדערן, אויערן האָבן אונטערגעהערט, אָנגע־שפּיצט זיך, אויפגעכאַפּט דעמס אַ זאָג, דעם צווייטנס, און אַ סך האָבן נישט געוואָגט אַריינצומישן זיך צווישן די גרויסע קענערס, נישט געוואָלט אָפּרופן זיך מיט אַ וואָרט.

אין דער זעלבער צייט איז ר׳ מרדכי־פייבל געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין גרויסן קרעדענס און האָט דורכגעוואָרפן אין געדאַנק סברות און אויפ־טועו פון ראשונים און אחרונים, איז געווען גרייט אָפּצופרעגן, אָוועקצו־מאַכן ר׳ יצחקל שוחטס אַ קשיא און פאַרענטפערן זי מיט זיינס אַ תירוץ. אָבער מעשה־שטן האָט אַ מחשבה זיך אָפּגעשפּאָלטן און אַריינגעפּלאָנטערט זיך אין פּשטל וואָס ער האָט געבויט. קוקנדיק אַזוי אויפן גאַנצן עולם וואָס האָט אַזוי משמח געווען זיך ביי אים אין שטוב, האָט ער פּלוצלונג אין האַרצן זיך אַ פרעג געטאָן: און פאַרוואָס האָט שוין פאַר איין וועגס נישט געקאָנט זיין טאַקע אַ שמחה ביי אַ קינד? ביי יוכבדן? ס׳איז דאָך שוין לאַנג צייט דערצו. די מחשבות האָבן אים אַוועקגעפירט פון גמרא־ענין און ער האָט פאַרלוירן די פעדים צו זיינע אויפטועו וואָס אָקערשט האָט ער זיי אַזוי פונדאַמענטאַל געבויט, געדאַרפט זיי נאָר אַרויסברענגען פון מויל. ר׳ מרדכי־פייבל האָט באַמיט זיך נאָך אַ מאָל אויפצוברענגען אין זכרון די אַלע סברות און דעות וואָס ווערן געברענגט אין די ספרים, און ער האָט נישש מער ווי געהאַט צער פון דעם וואָס אַלץ האָט ביי אים זיך אויסגעמישט, אַ העלפט — אַוועקגענומען, און נישט געהאַט מער מיט וואָס זיך אָפּצורופן אין דעם וויכוח וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט און זיך צע־פּלאָקערט.

בערל דער גאַרבער און חאַסקל דער פעלהענדלער האָבן אין צווישן באַנייט זייער נישט־שבתדיקן שמועס. צו מאָל האָט יעדער איינער פון זיי אַ כאַפּ געטאָן זיך און אַ זאָג געגעבן מיט ווייטיק, „אוי, ס׳איז דאָך שבת״, און פון דעסט וועגן האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו באַקלאָגן זיך אויף די שווערע צייטן, אויף די וויסטע גזירות פון גראַבסקין וואָס האָבן פאַראָרעמט די יידן, רואיבירט זיי צוליב די הויכע שטייערן וואָס מען האָט אַרויפ־

געלייגט אויף זיי. אַ סך אין שטיבל, האָט בערל געטענהט, שטעלן אָן אַ פּנים פון בעלי־יכולת, מען בעט נאָך אַהיים אַן אורח אויף שבת, מען פּאָרט אַ נסיעה צום רבין און אין דער אמתן לייט מען אויף דעם געלט, מען פאַרשטעלט דעם הונגער, די בויט פון אַ פרעמד אויג, מען דערלאָזט נישט, אַז עס זאָל עמעצער וויסן פון דעם.

חאַסקל איז געשטאַנען אין גאַנצן פריטשמעליעט. ערב שבת אין דער פרי האָט ער נישט געהאַט געגעבן זיין פייגען אַ גראַשן זי זאָל קאָנען קויפן אַ פישל, שוין אָפגערעדט, אַז זי איז נישט אַוועק אין יאַטקע בעמען אַ שטיקל פלייש אויף באָרג ווייל ער איז שוין דאָרט שולדיק אַ שיינע פּאָר זלאָטעס. און אָט גייט שוין ווידער אַ פרישע וואָך. זעקס וואָכנטעג אָן אַן אויסבליק צו פאַרדינען די מינדסטע מטבע. וואָס זשע וועט זיין? וואָס?

גאָרנישט זיין טבע, האָט בערל אַוועקגעלייגט אויף חאַסקלס געבוי־גענער פלייצע זיין שטייפע אויסגעאַרבעטע האַנט פון וועלכער עס האָט זיך געטראָגן אַ ביטערער ריח פון בהמה־פעל און זויערשטאָפן, אָבער זי האָט דעם חבר זיינעם אַ וואַרעם געטאָן, אַדורכגענומען.

„דו הערסט? אַן אָפענע טיר האָט איטשע־בער ביי מרדכי־פייבלען. כ׳וויס דערפון. נישט איין מאָל גיט ער אַ פאָל אַריין צו אים, רוימט אים עפּעס איין אויפן אויער, נעמט מרדכי־פייבל אַרויס דאָס שליסעלע פון זיין אייזערנער קאָסע, דערלאַנגט עס אים גוטמוטיק, מיטן גאַנצן האַרץ, און זאָגט צו אים: נעם, איטשע־בער, וויפל דו ווילסט, וויפל דו דאַרפסט, עס וועט מיר נאָך אַלץ בלייבן גענוג. נו, וואָס זאָגסטו, חאַסקל? געהערט אַזוינס?"

„נו, אַוודאי, אוודאי, נישט ווי אַנדערע", האָט חאַסקל קוים באַפרייט עטלעכע ווערטער פון פאַרשלאָסענעם מויל זיינעם.

*

איטשע ר׳ מרדכי־פייבלס איז געשטאַנען אָנגעלענט אין אַ טיר פון איינעם פון די צימערן און האָט אַריינגעקוקט אין עסזאַל ווו די מענער האָבן געטאַנצט און געזונגען. אַ שטויבזייל, ווי אַ רויך־וואָלקן, האָט גע־הויבן זיך צום באַלקן און כמעט אַלץ פאַרנעפּלט. טישטעכער האָבן געוואַל־

גערט זיך אויף דער ערד, זענען צעשמירט און צעטרעטן געוואָרן. זי האָט געזען איטשע בערן טופּען מיט די שטיוול אויפן טיש — אַ ביי מעבלשטיק — און עס האָט זי גאָרנישט געאַרט. „די טישטעכער וועלן גיין אין דער וועש, די פּאָדלאָגעס וועט מען פּראָטירן פון דאָס ביי, און אויב עס וועט עפּעס צעבראָכן ווערן, איז וואָס? די וועלט וועט נישט אונטערגיין. עס וועט סטייען אויף אַלץ. אַ לויב צו גאָט פאַר זיינע חסדים.״

נאָר אַ מחשבה ווי אַ ווערעמל האָט אַ ביס געטאָן: „און פאַרוואָס טאַקע שוין נישט אַן אמתע שמחה? אַ שמחה ביי אַ קינד? פאַרוואָס געפעלט „איר״ נישט דער שידוך מיטן טשאָרטקאָווער חסיד פון וואַרשע? אַ בחור אַ ירא־שמים, אַ שטאַרק פרומער, אַ למדן. וואָס טויג דאָ נישט? וואָס נאָך דאַרף ער זיין? וואָס קומט אַרויס פון דער גאַנצער רייכקייט, פון די אַלע וועלדער וואָס מרדכי־פייבל קויפט אָן, אַז מען פירט נישט אַ דער־וואַקסן קינד צו דער חופּה?

און אין צימער ווו עס זענען געזעסן בלויז פרויען, ר׳ מרדכי־פייבלס און איטעס קרובים, רייכע און אָרעמע אויסגעמישט, ווער באַהאָנגען אין גאָלד און אין בריליאַנטן און ווער — אין אָפּגעבליאַקעוועטע קליידער, שוין צום ווילפלטן מאָל איבערגעניצעוועטע, כדי צו האָבן אין וואָס אַרויפ־צוקומען, אין אַ שבת, צי יום־טוב, צום רייכן קרוב — אויך צווישן זיי זענען געווען אַזוינע וואָס האָבן אַליין, פון זיך אויס, געדאגהט ר׳ מרדכי־פייבלס און איטעס דאגות.

„גלייבט מיר, אַז וואָס מיין איטע גיט אויס אויף צדקה אין איין וואָך גיבן צען אַנדערע גבירטעס פון לעווערטאָווער גאָס נישט אויס אַ גאַנץ יאָר״. געזאָגט האָט עס גאָלדעלע די אַלמנה, איטעס אַ לייבלעכע שוועס־טער וועמען ר׳ מרדכי־פייבל האָט אויסגעהאַלטן אַלע יאָרן און אַפילו שוין חתונה געמאַכט דריי פון אירע זעקס טעכטער. זי האָט עס געזאָגט שטיל, אַז נישט אַ סך ביים טיש זאָלן הערן אירע לויברייד פאַר דער שוועסטער וואָס האָט אַ גאָלדן האַרץ, נישט צו געפינען.

ביילע ווידער, ר׳ מרדכי־פייבלס אַ מומע האָט נישט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק. פון וואַנעט וואָלט זי געקאָנט דערנערן אירע שקראָפּו־ליטשנע קינדער ווען נישט איר מרדכי־פייבל? ער צאָלט דאָך איר חודש־

געלט, האַלט אין גאַנצן אויס איר שטוב. זי האָט אַ נעם געטאָן גאָלדעלען ביים אָרעם, און זי צוגעצויגן אין גאַנצן צו זיך.

„מילא, וואָס האָב איך צו רעדן וועגן מיין פלימעניק, אַ מלאך, אַ מלאך". און אָפּווישנדיק די פאַרפּעצטע ליפּן אין עק טישטעך, ווי אַראָפּ־צושלינגען כאָטש אַ טייל פון דעם וואָס זי האָט געהאַט בדעה צו זאָגן, האָט זי געשטיקט זיך און אָפּגעקרעכצט. „אָבער צו געלט־צו ביילישי, דאַרף מען אויך האָבן מזל, אַזעלכע ווילע קינדער, גערעטענע, און איר זעט דאָך, כאָטש נעמט בגוואַלד און שטעלט זיי אונטער דער חופּה, יוכבדן און שיינדלען".

„ריכטיק, ריכטיק". גאָלדעלע האָט צוגעשאָקלט מיט איר שוין אַ ביסל באַהאָרטע גאָמבע. טרערן האָבן געשטעלט זיך איר אין די אויגן. „ביילע־קרוין, און איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז מזל גייט אייביק געפּאָרט מיט געלט, מיט רייכקייט, אַז ווו ס'איז דאָ געלט, קומט דאָס מזל אַליין צו גיין. און צום סוף, ער זעט דאָך... דער הימל מעג זיי שוין העלפן. ער דאַרף זיי העלפן, אַזעלכע גוטע, האַרציקע מענטשן".

„הלוואי, הלוואי, זיסער גאָט אין הימל".

# קאַפּיטל פיר

אויף אַ באַרג־שפּיץ, לעבן פּוילישן מאַרק, צופוסנס דעם קלויסטער וואָס טראָגט דעם נאָמען „דער הייליקער גייסט", הייבט זיך אָן די לעווער־טאָווער גאַס. פון דאָרט לאָזט זי זיך אַראָפּ שטאַרק משופּעדיק ביז צו דער „ראָגאַטקע" פון וואַנעט עס גייען זיך פונאַנדער וועגן און וועגעלעך צו אַז אַ שיעור דערפער און אויך צום יידישן שטעטל לעוורטאָוו.

לעבן דער „ראָגאַטקע", שוין אויסער דער שטאָט, האָבן פרומע קריסטן אַוועקגעשטעלט אַ שטיינערנע בודקע און אינעווייניק — אַ סטאַ־טוע פון דער „הייליקער מאַמע און איר קינד". פאָרנדיק אין שטאָט אַריין, צי אומקערנדיק זיך צוריק אַהיים, פאַרגעסן קיין מאָל נישט די פויערים און אויך אַנדערע קריסטן וואָס פאָרן, אָדער גייען דאָרט פאַרביי, אַראָפּ־צונעמען דעם הוט און איבערצוצלמען זיך. אַנדערע, פרומע, שטעלן זיך אָפּ, גייען צו ביז צו דער בודקע, קניִען אַוועק פאַר דער „הייליקער מאַמע", בעטן ביי איר אַ ברכה וואָס זאָל זיי באַגלייטן אין וועג, אָדער דאַנקען איר פאַרן אָנקומען בשלום אין שטאָט אַריין.

גאָרנישט אַזוי אַלט איז די לעווערטאָווער גאַס. עלטערע תושבים אין שטאָט געדענקען נאָך גוט די ברייטע לאָנקעס, די טאָלן און די בערג וואָס האָבן געשפּרייט זיך אויף דעם אָרט ווו עס שטייען היינט די הייזער פון דער לאַנגער לעווערטאָווער גאַס. אָבער, נישט בלויז דאָס געדענקען די עלטערע איינוווינערס פון דער שטאָט. זיי ווייסן אויך צו דערציילן, אַז יידן, געקומענע פון וואַנעט זיי זענען געקומען, האָבן דאָ געשטעלט די ערשטע הייזער, געבויט די גאַס, געפלאַסטערט דעם „בייעם וועג" אַרויס פון שטאָט.

מיט דער צייט האָבן אין לעווערטאָווער גאַס אָנגעקניפּט זיך — ווי אין אַ הויפּטאָדער — זייטיקע געסעלעך מיט נידעריק געבויטע הייזקעס, אַלע באַוווינטע דורך יידן, ס'רוב פון אָרעמען שטאַנד, דראָבנע הענד־לערס, מלמדים און זייערע „חדרים", בעלי־מלאכות און פּשוטע אַרבעטער. אויף אויף לעווערטאָווער גאַס האָבן נישט געפעלט קיין געדריקטע, נויט־

באַדערפטיקע משפחות, על־פּי־רוב — פאַרקוועטשט אין קעלערשטיבער, אויף ביידעמער, אָבער, זיי האָבן דאָך פאַרט געוווינט אויף לעווערטאָווער גאַס...

שפּעטער אַריין האָבן זיך געפונען יידן וועלכע זענען פון לעווער־טאָווער גאַס אַוועק וווינען אין פּוילישע געגנטן פון שטאָט, אויף עוואַנגע־ליצקאַ גאַס, אויף קאַשטשעלנאַ, אויף בערנאַרדינסקאַ, צי אויף דער „קראַ־קעווער פּאַרשטאָט" אַליין. די דאָזיקע האָבן ביסלעכוויז דערווייטערט זיך פון יידישקייט, פאַרדרייט זייערע נעמען, געזאָרגט דערפאַר, אַז זייער אויסזען זאָל זיך ענדערן, זאָל ווערן ענלעך צו זייערע גוישקע שכנים. זיי האָבן טאַקע געקליידט זיך ווי זיי, געטראָגן האַרטע מעלאָניקעס, זענען געזעסן אין פּוילישע קאַפע־הייזער און געשיקט זייערע קינדער אין די פּוילישע שולן.

דאָס אמתע, אָריגינעלע יידישע לעבן איז געבליבן אויף לעווערטאָווער גאַס און אין די געסעלעך אַרום איר.

די איינציקע גוים זענען דאָ געווען די סטרוזשעס פון די יידישע הייזער, די בריווטרעגערס, עטלעכע אַפּטייקערס, און די פּוילישע פּאָלי־ציאַנטן וועלכע קומען אין די יידישע געשעפטן זוכן עבירות און נעמען הודשלעך „לא יחרץ" געלט.

אַ גאַנצע וואָך איז די לעווערטאָווער גאַס פול מיט פּויערים פון דער גאַנצע סביבה. זיי ווילן בשום־אופן נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון אַ פּויליש געוועלב, קומען נישט אַרויף אויף די פּוילישע גאַסן, האָבן נישט קיין צוטרוי צו די פּוילישע סוחרים און האַנדלען בלויז מיט די יידן אויף לעווערטאָווער גאַס, קויפן ביי זיי וואָס נאָר זיי דאַרפן: לעדער אויף שטיוול, ברעטער צום בויען, שטאָפן, כל־מיני אייזן־זאַכן, האַמערס און טשוועקעס, דלאָטעס און מעסערס, קאָסעס און ווידלעס, קאַלך און גאַלאַנטעריע, נאַפט און סמאָלע, און בראַנפן אויף חתונות און אויף לוויות.

אַ גאַס פון יידישע קרעמערס וואָס איז אַ גאַנצע וואָך אויסגעמישט מיט קריסטלעכע פּויערים. זיי ברענגען אין שטאָט אַריין פון די אַלע זאַכן וואָס יידן דאַרפן — אַלע סאָרטן גרויפּן, הינער, קאַטשקעס, גענדז און אייער,

פרוכטן מכל המינים, ווייסע עופות צום כפרה־שלאָגן, סכך אויף סוכות, און וואָס נישט? אַזאַ מין זיווג פון ששת־ימי־בראשית וואָס קאָן גאָר אַנדערש נישט געמאָלט זיין.

אין גאַנצן אַנדערש איז דער אויסזען פון דער לעווערטאָווער גאַס אין שבת ווי אין וואָכנדיקן טאָג. אַ שלווה איז דעמאָלט אויף איר אויסגעשפּרייט. נישטאָ אין שבת קיין זכר פון די פּויערישע וועגענער. דער יידישער מאַרק פּוסטעוועט. ליידיקע שטעלעכלעך, אָפּגעליידיקטע סטראַגאַנעס.

ערשט אין די שפּעטערע שעהען קומען אַהין אַרויס פון די אַרומיקע געסעלעך די יידישע פורמאַנס, דראָזשקאַזשעס, קצבים און זייערס גלייכן, זעצן זיך אויס אויף די ליידיקע טישן און בענקלעך וואָס געפינען זיך דאָרט, פירן שמועסן סתם אין דער וועלט אַריין, קייען באַניקערן, געטריקנטע ארץ־ישראל ניסלעך, וואַרפן אין מויל אַריין געפעפערטע אַרבעס, אָדער געקאָכטע באָבעס, און טייל מאָל פאַרענדיקן זיי אויך „אויף הייס" וואָכעדיקע „חשבונות", קריגן זיך לייטיש אָדורך, און צעשלאָגן זיך אַפילו ווי עס באַדאַרף צו זיין.

שבת אין דער פרי איז די לעווערטאָווער גאַס האַלב ליידיק. די גע־שעפטן געשלאָסן. די וואַרשטאַטן — פאַרמאַכט. אָפן זענען די שולן, די בתי־מדרשים, די חסידים־שטיבלעך. טאַטעס פירן ביי די הענט זייער קליינוואַרג, אָנגעטאָן אין שבתדיקע בגדים, און אין די טאַשן ביי די קינדער — צוקערלעך, קיכעלעך און אַנדערע גוטע זאַכן וואָס די מאַמעס גיבן זיי מיט, עס זאָל זיך זיי גלוסטן צו דאַווענען, צו בעטן גאָט, אַזוי ווי די פאָטערס זייערע.

ערשט פאַר נאַכט וועקט די לעוועטאָווער גאַס זיך איבער. די פעטע עסנס, דער קאָכעדיקער טשאָלנט, דער קוגל, די פעטע קישקע און געבראָ־טענע פליישן מאַכן מיד, שלעפן איין. קאָן מען אַ ביסל שלאָפן אין שבת, אָבער מ'טאָר אים נישט פאַרשלאָפן. נאָר אויפגעשטאַנען, שפּאַרט גלייך אַרויס אין גאַס אַריין אַן אָפּקלאַנג פון תורה־לערנען. אַ זיידע פאַרהערט זיין אייניקל, וויל וויסן צי ער קאָן דאָס אַלץ וואָס דער מלמד אין „חדר" האָט אין אים אַריינגעאַקערט גאַנצע זעקס טעג. די באָבע האַלט גרייט דאָס שבת־

אויבס, און וועט נאָך דערלייגן אויב זי וועט אויסגעפינען, אַז דאָס פּאַרהערן איז אַדורך בשלום, מיט הצלחה. אין אַן אַנדער שטוב לערנט אַ טאַטע מיט זיינס אַן אונטערגעוואַקסן בחורל אַ בלאַט גמרא מיט תוספות, צינדט אָן אין יונגן האַרץ אַ חשק צו תורה, אַז עס זאָל אים סטייען אין מיטן דער וואָך אַריין. און ערגעץ ווו זיצט זיך אַ ייד אַ למדן און לערנט זיין שבתדיקן סדר פון לערנען, זינגט צו אַ ניגון וואָס באַהעפט זיך, אַרויסקומענדיק אויף לעווערטאָווער גאַס, מיט אַ צווייטן ניגון, אויך אויסגעזונגען ביי אַן אָפן ספר.

אין צווישן האָבן די צייטן זיך געביטן. עס איז אויסגעוואַקסן אַ יונגער דור וואָס האָט צו ביסלעך זיך דערווייטערט פון בית־מדרש, פאַרלוירן דעם חשק צו גיין הערן שבת־נאָכן־עסן מוסר־דרשות פון צוגעפאָרענע דרשנים, גיין צו „טישן״ פון רביס וואָס קומען פון גאָר ווייט כדי צו „האַלטן שבת״ ביי איינעם פון זיינע חסידים, צי אין זיינס אַ שטיבל. אַן אַנדערע יוגנט. אין אַ שבת פאַר נאַכט זעט מען שוין יוגנטלעכע אַרויסקומען אויף לעווער־טאָווער גאַס אויסגעפּוצט און אויסגעסטראָיעט. זיי לאָזן זיך אַוועק אויף שפּאַציר אויסער דער שטאָט, פילן זיך דאָרט פריי, אַ שטייגער זיי וואָלטן זיך דערווייטערט מיילן ווייט פון זייערע היימען און מעגן טאָן וואָס מען וואָלט נישט געוואַגט צו טאָן אין די אויגן פון טאַטע־מאַמע.

אין די אָרעמע געסלעך האָבן די יונגע זייער לבוש און זייער באַשעפ־טיקונג. אין פרייען שבתדיקן טאָג, קומען ס׳רוב פון דער אַרבעטער־יוגנט אַרויס אין גאַס אין בלויע העמדער אָנגעטאָן, אין רויטע קראַוואַטן, אָדער באַצירט אין רויטע בלומען. זייער אָרט איז דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, לייענען דאָרט, הערן אויס רעפעראַטן פון אַראָפּגעבראַכטע געסט, און קומען אַרויס פון דאָרט פול מיט האָפענונג און באַגער צו בעסערע צייטן ווען דער סאָציאַליזם וועט באַקומען די מאַכט, וועט אויסשפרייטן זיין שליטה, און ווערן בעל־הבית פון די פאַבריקן און רייכטום וואָס ליגן אין די הענט פון יחידים.

נאָך אַלעם, איז די לעווערטאָווער גאַס נאָך אַלץ געבליבן די וואָרעמע יידישע נעסט, און די עלטערע, די פרומע, האָבן מיטן גאַנצן האַרץ גע־

גלייבט, אַז דאָס יידישקייט וועט דאָ אָנהאַלטן לאַנגע, לאַנגע דורות, אַז ס׳איז נישט פֿאַראַן אַזאַ כוח וואָס זאָל אין גאַנצן דערווייטערן קינדער פֿון עלטערן, און אַז אַלץ וואָס ס׳געשעעט, איז נאָר אַ פּועל־יוצא פֿון דער גרויסער וועלט־מלחמה, פֿון דער מהומה וואָס האָט אַלץ מבלבל געווען און, אַז וואָס מער מען וועט זיך דערווייטערן פֿון דער דאָזיקער תקופה, וועט מען אַוודאי אומקערן זיך צוריק צו דעם וואָס איז געווען, צום אַלטן שטייגער־לעבן וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַזוי פֿיל דורות, אַזוי פֿיל...

יחיאל גראָנאַטשטיין

## קאַפּיטל פינף

דער גרויסער קידוש ביי ר׳ מרדכי־פייבלען אין שטוב האָט זיך פאַר־צויגן ביז אין מיטן טאָג אַריין, און, אַז ס׳איז געקומען די צייט און דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, זענען, פון פריִער נאָך אָפּגערעדט, גע־בליבן ר׳ יצחל שוחט, דער אַלטער חסיד ברוך־וואָלף, איטשע־בער דער גבאי און ר׳ מרדכי־פייבל אַליין. נאָך ביים טיש זיצנדיק האָבן זיי באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן אַן עצה וועגן קינדער פון אייגענע שטיבל־יידן וועלכע האָבן אָנגעהויבן דערווייטערן זיך פון שטיבל, אַראָפּגיין פון גלייכן וועג, זענען „פאַרדייטשט" געוואָרן.

ברוך־וואָלפס מיינונג איז געווען, אַז אַ שריפה דאַרף מען לעשן ווי נאָר מען דערזעט דעם ערשטן פונק. אַ רגע שפּעטער, איז עס שטאַרקער פון דיר, עס פאַרברענט אַלץ, איז נישט מבחין בין טוב לרע. דער זעלבער דין איז מיט יידישקייט. ווי נאָר דאָס שלעכטס איז פוגם אין דעם, באַגנוגנט עס זיך נישט ביז עס פאַרלענדט עס חלילה אין גאַנצן, פירט אָוועק אין שאול... און דעריבער, דעריבער איז זיין מיינונג, אַז מיט ווייכע רייד קאָן מען גאָרנישט דערגרייכן. מיטן שטן מוז מען פירן אַ מלחמה, אַן אָפענע מלחמה, ווייל ער אַליין טוט עס פון אייביק אָן. אַנישט, הערטס וואָס כ׳וועל אייך זאָגן, אַנישט וועט פון אַ סך אונדזערע שטיבער ווערן אַ תל־עולם.

ר׳ יצחקל שוחט, אַליין, געהאַט שוין אויסגעגעבן אַלע זיינע קינדער, האָט געהאַלטן מיט ברוך־וואָלפן. אַז אַ בחור הייבט אָן אַריינקומען אין שטיבל אין אַ געפּרעסטן קאָלנער און דערצו נאָך מיט אַ שניפּס — איז ער שוין „אָפּגעקאָכט". מאָרגן וועט ער טוישן די שטיוול אויף האַלבע געשנורעוועטע לאַטשן, וועט אָנטאָן אַ קאָלירט העמד, און ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז צום סוף וועט ער אַרויסגיין חלילה לתרבות־רעה. אין אַ חסידים־שטיבל טאָר מען צו דעם נישט דערלאָזן. מ׳טאָר נישט!"

ר׳ מרדכי־פייבל איז ביים איבעררעד געזעסן אַ מידער, האָט נישט

אָפּגערופן זיך. אַז מען ווייסט נישט ווי עס זעט אויס אין דער אייגענער שטוב, דאַרף מען שווייגן, טאָר מען נישט זאָגן אַ דעה. אוודאי בלאָזן בייע ווינטן אויף דער גאַס. ער קומט דאָך מער אין דער וועלט, ווייס ער עס גוט. אָבער אויסצוהיטן זיך פון פּגעים, דאַרף מען אויך האָבן סייעתא־דשמיא. ס'איז נישט אַזוי פּשוט. פאַראַן צייטן, אומשטאַנדן, ווען מען קאָן דורך מלחמה באַצווינגען דאָס שלעכטע, און צייטן, ווען מען דאַרף זיך ווענדן מיט חכמה, אַפילו מיט ערמה, כדי נישט באַשעדיקט צו ווערן.

ער האָט געהאַט אין זינען צו זאָגן זיינע היימישע און גוטע־פריינד, אַז מען דאַרף טיפער אַריינטראַכטן אין די זאַכן וואָס געשעען כדי זיי ווי געהעריק צו באַנעמען, אָבער אין דער רגע האָט עמעצער אויפגעפּראַלט די טיר פון ר' מרדכי־פייבלס שטוב, איז אַריין אין דער סאַלע און האָט שווער אָפּגעדעכט. „אייער טעכטערל — — — „שקצים" — — — — „אָנגעשלאָגן" — — —

גלייך נאָך דעם איז אַריין טאַמאַש, דער סטרוזש פון זיין הויז, און האָט אַריינגעטראָגן חנהלען אויף די הענט. דאָס פּנימל — אין גאַנצן אויסגעבלייכט, פאַרחלשט, דאָס שבתדיקע קליידל אירס — אין בלוט איינגעשמירט.

אַ מהומה אין שטוב. מענטשן זענען אַריין און אַרויס, האָבן פאַרבראָכן די הענט, געוואָלט העלפן און נישט געוווסט ווי אַזוי, מיט וואָס. ר' מרדכי־פייבל אַליין, שטענדיק אַן ענערגישער, קיין מאָל נישט פאַרלוירן זיך, איז איצטער געשטאַנען געבויגן איבער חנהלעס בעט אַן אָפּהענטיקער, דאָס האַרץ ביי אים — פאַרשטשעמעט.

און אויף לעווערטאָווער גאַס האָט געקאָכט זיך און געזידט. יידן זענען אַרויס פון זייערע שטיבער, האָבן זיך געזאַמלט לעבן ר' מרדכי־פייבל צווייגרייכס הויז, מוותר געווען אויף זייער שבתדיקער מנוחה וואָס איז סיי ווי צעשטערט געוואָרן, האָבן געוואָלט וויסן וואָס און ווי אַזוי ס'איז געשען מיטן גבירס טעכטערל, און צי ס'איז טאַקע אמת, אַז שקצים האָבן עס אַזוי שטאַרק אָנגעשלאָגן.

מען האָט זיך אָנדערציילט מעשיות אויף מעשיות. די האָבן געוווסט, אַז עטלעכע פּוילישע שקצים פון קאַרמעליצקאַ גאַס האָבן פון אין דער פּרי

אַן שוין געטשאַטעוועט אויף חנהלען, און ווי נאָר זי האָט זיך באַוויזן פאַר זייערע אויגן, האָבן זיי אַ שלעפּ געטאָן דאָס קינד אין סאָד אַריין וואָס איבערן שטיבל און דאָרט זי גוט אָנגעשלאָגן. אַנדערע ווידער האָבן דערציילט, אַז חנהלע דעם גבירס איז אויסגעאַנגען אויף טאַמאַשעס הענט ווען ער האָט זי אַריינגעטראָגן צום בעל־הבית אין שטוב — אַ זאַך וואָס האָט געקאָנט זיך אַזוי אויסדאַכטן, אָבער וואָס איז נישט געווען אמת.

אברהמטשע דער „קאָכלעפל", דער „אַלצווייסער", ווי מען האָט אים גערופן אויף דער לעווערטאָווער גאַס, האָט געוווּסט מער פּרטים פון דעם געשעעניש. ער האָט אויפגעקליבן אַ ביסל מענטשן אַרום זיך און פאַר זיי געשילדערט ווי אַזוי די שקצים האָבן פאַרשלעפּט דעם וואַלד־סוחרס טעכטערל אין הויף פון שפּיטאָל־קלויסטער אויף דער באָניפראַטן גאַס און ווי אַזוי זיי האָבן זי דאָרט געקאַטעוועט.

„ווער עס לייענט גוט די פּוילישע בלעטער, דאַרף נישט זיין קיין נביא כדי פאַרויסצוזען וואָס עס דערוואַרט אונדז אין דאָזיקן לאַנד. זיי ווילן, אַז מיר זאָלן אַוועק פון דאַנעט, אַז מיר זאָלן ביי זיי איבערלאָזן אונדזערע פאַרמעגנס. הערטס, זיי ווילן נאָך אַלץ טאָן, אַז מיר זאָלן אַליין אַנטלויפן פון דאַנעט. איר'ט זען, איר'ט נאָך זען! היינט איז געווען אַן אָנהייב, אַן אָנהייב! איך, אברהמטשע, זאָג עס אייך!"

פון אַזעלכע רייד האָבן פּנימער זיך געכמאַרעט, אַרויפגעצויגן אויף זיך אַן אומעטיקייט. דער מענטשן־ראָד אַרום אברהמטשען — אַ באַבאָרדטער, עלטערער בחור וועלכער פלעגט פאַר אַ פּאָר גראָשן וואָס ער פלעגט געבן דעם סוחר פון די צייטונגען, אויסלייענען יעדן טאָג וואָס עס איז אים געקומען אונטער דער האַנט און טאָקע פון דעם געוווּסט וואָס עס טוט זיך אין לאַנד און אין דער וועלט — איז אויסגעוואַקסן, האָט פאַרנומען אַ שטיק טראָטואַר. ער האָט נישט געקאָנט אַזוי לייכט באַפרייען זיך פון זיין צאָרן און גרימעניש.

„הערט וואָס איך זאָג אייך, וואָס ס'איז געשען היינט, איז נישט אַ צופאַל. עס שטייט ווער הינטער די שקצים. אַן אויסגעפּלאַנטע זאַך איז עס געווען. האַלט זשע עס נישט פאַר גרינג. אין דער אַנטיסעמיטישער צייטונג אין אונדזער שטאָט איז מיט עטלעכע טעג צוריק געווען געשריבן:

און איך האָב עס אַליין געגלייבט, אַז יידן דאַרפן אין פּוילן נישט זיין קיין אייגנטימער פון פּוילישער ערד, פון פּוילישע וועלדער, פון פאַבריקן און קאָנצעסיעס. זיי שרייבן און מיינען עס אויף אַן אמת, און מיר גלייבן נישט אין דעם...״

עמעצער וואָס האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן אברהמטשעס איכה־ווערטער, האָט אַ רוף געגעבן: „הערט זיך נישט צו, מענטשן, צו דעם וואָס דער שוואַרצזעער רעדט. עס גייט אויף אַ נייע וועלט. דער פּראָלעטאַריאַט וועט איבערנעמען די מאַכט און מיר וועלן דאָ לעבן רויִק און זיכער״. אָפּגעזאָגט די פּאָר ווערטער, האָט יענער גלייך זיך אָפּגעטראָגן, איז נעלם געוואָרן.

„לאָזט אָפּ די פּאָליטיק, האָט אַן אַנדער קול געטראָגן זיך פון המון אַרויס, לאָזט זי אָפּ, און דו, אברהמטשע, מיט דיינע באָרד און פּיאות, וועסטו בעסער מאַכן, אויב דו וועסט אָפּציִען פון דאַנעט. אַ כאַפּטע פּאָליציאַנטן, גיט׳ס נאָר אַ קוק, לאָזן זיך אַראָפּ פון דער „שוויענטאָ־דוסקאָ״ גאַס, אַהערצו, זאָלן זיי דיך בעסער נישט האָבן פאַר די אויגן״.

אברהמטשע האָט נישט געהערט צו די וואָס קאָנען פאַרשווייגן, האָט ער אויפגעזוכט דעם וואָס האָט אים געעצהט אָפּצוטראָגן זיך, און אָפּגעמאָסטן אים מיט אַ שפּאָטישן בליק.

„און דו מיינסט אַוודאי, אַז אַ גוי מאַכט אַן אונטערשייד צווישן אַ ייד מיט באָרד און פּיאות און אַ גלאַט אָפּגעראַזירטן, אַפילו ווען ס׳פּנים איז נאָכגעוואַשן מיט פּריש קעלניש וואַסער? אַ טעות! אַ טעות, ברודער, ביידן האָט ער גלייך פיינט, ביידן גלייך, נעם עס דיר אין זינען אַריין״.

*

אין שרייבצימער ביי ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך איז געזעסן אַ הויכער פּאָליציי־אינספּעקטאָר און אויסגעפרעגט טאָמאַשן פּרטים וועגן דעם געשעעניש. נאָר טאָמאַש געדענקט נישט אַ סך זאַכן. אַזוי צעטומלט איז ער געווען. ער האָט שוין געהאַט געענדיקט זיין שבתדיקן באַזוך אין די שטיבער פון פּאַנס הויז, דאָ אַראָפּגענומען די לייכטער, דאָרט עפּעס גלייכגעשטעלט, פאַרטרונקען, צוגעביסן, און גאַנץ געמיטלעך געגאַנגען אַ בליק

טאָן אין גאָרטן פון יאַקוב דעם פּרוכטן־הענדלער וואָס גרענעצט מיטן פּאַנס הויף, כדי צו זען אויב מען גנבעט נישט דאָרט קיין עפּל צי באַרנעס פון די ביימער אַראָפּ. נו, אין דעם, שפּאַצירנדיק אַזוי אין סאַד, האָט ער דערזען עטלעכע יונגע חברה שלעפּן עפּעס מיט זיך, געווען זיכער, אַז זיי האַלטן אַ זאַק מיט אָנגעריסענע פּרוכטן. דערזעענדיק אים, האָבן זיי אָנגעהויבן לויפן, ביז זיי זענען אַריין אין הויף פון קלויסטער אין באַניפראַטן־שפּיטאָל. איז ער זיי נאָכגעלאָפן, און קומענדיק אַהין, האָט ער געפונען חנושיאַן, דעם פּאַנס טעכטערל, אַ צעשלאָגענע, אַ פאַרחלשטע. אַזאַ שטיל וויל קינד".

„און וואָס האָסטו דעמאָלט געטאָן ?"

„וואָס כ'האָב געטאָן ? אַ כאַפּ געטאָן חנושיאַן אויף די הענט און געלאָפן מיט איר גלייך צום פּאַן אין שטוב".

דער אינספּעקטאָר איז משמעות געווען צופרידן פון טאָמאַשעס עדות־זאָגן. ער האָט איבערגעקערט אַ גלעזל בראָנפן אין מויל אַריין פונעם פלעשל וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, און אָפּגעווישט די באַנעצטע ליפּן.

„דאָס איז אַלץ, טאָמאַש, וואָס דו ווייסט צו דערציילן ?"

„אַלץ, הער פּאָליציי — — —" ערשט איצטער האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צו דעם פּאָליציי־אינספּעקטאָר, געוואָלט זען דעם גראַד זיינעם כדי צו וויסן ווי אַזוי אים צו טיטולירן און איבערצייגט זיך, אַז ער געפינט זיך נישט אויס אין דעם.

„דו וואָלסט אפשר געקאָנט מיר שילדערן ווי אַזוי זיי האָבן אויסגעזען די יונגע חברה ? וויפל זענען זיי געווען ? אין וועלכער זייט אַוועק זענען זיי אַנטלאָפן ?"

„אָה, הער פּאָליציי — — — ווי אַזוי קאָן טאָמאַש שילדערן זייער אויסזען, אַז זיי זענען אים אַנטלאָפן פון די אויגן ?! אַחוץ דעם, זיינע אויגן זענען שוין יאָרן לאַנג קאַליעדיקע, זיי אייטערן תמיד. זיין סטעפּאַניאַ, די כאָליערע זאָל זי נעמען, פאַרשפּרייט וועגן אים נישט געשטויגענע מעשיות, אַז דאָס קומט אים פון טרינקען ברענספּירט, אַליין זאָל זי פאַרברענט ווערן. ס'איז נישט אמת. עס פעלט אים נישט קיין ריינער בראָנפן. אָן אָפּענע קאָנטע האָט ער ביי בערלען דעם שענקער, קויפט אויך

ביי אים פאַר מזומן געלט. נו, טאַקע דערפאַר, צוליב זיינע קראַנקע אויגן, נישט געזען... אַ שאָד... ער וואָלט זיי..."

אַ צעשטערטער שבת אויף לעווערטאָווער גאַס. מען אומעט האָט זיך אויסגעלייגט אויף יידישע פנימער. מען איז געווען באַזאָרגט און מ'האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן דעם וואָס איז זיך פאַרלאָפן.

נאָך מער פאַרשטערט איז געווען דער שבת אין די אָרעמע געסעלעך אַרום דער לעווערטאָווער. דאָרט איז מען געווען נישט בלויז באַזאָרגט, נאָר אויפגעקאָכט. ביי די יידישע קצבים האָט דאָס בלוט געזידט. אַ נקמה־גלוסטונג האָט געשוועבט אין יאַטקע־געסל. נישט אָפּגערעדט זיך, זענען די יידישע קצבים אַרויס פון זייערע שטיבער און אַוועקגעלאָזט זיך צו דער לעווערטאָווער גאַס. זייערע העמדער — צעפּראַלט, די האָר ביי יעדן אָנגע־יאָזשעט, נאָדל־שטייף. אַ העליש פייער האָט געברענט אין זיי. מען האָט עס לייכט געקאָנט זען אין זייערע צעפלאַמטע באַקן, אין די אָנגעשטייפטע, האַרטע נאַקנס, אין די אויגן זייערע וואָס האָבן אַזוי בליציק געפינקלט. אַ סך פון זיי האָבן אַפילו פאַרשטעקט אין די שטיוול־כאָליעוועס שאַרפע מעסער־קלינגען, קצבישע, כדי צו זיין גרייט „עפּעס" צו טאָן, אויב עס וועט נאָר „אויסקומען". די פּאָליציאַנטן האָבן גוט געקענט די יידישע קצבים־יונגען פון יאַטקע־געסל און ווי נאָר זיי האָבן זיי געזען אַרויסקומען פון די געסעלעך אַרום לעווערטאָווער, האָבן זיי, מסתמא כדי צו ווייזן די שטאַרקע יידישע יונגען, אַז זיי מיינען נישט זיי, אַריינגעשטעקט צוריק די גומענע נאַגייקעס אין די נאָכהענגענדיקע לויזע שיידן, און געגומען דערביי פון דעסטוועגן מאַרשירן מער בחברותא.

אויפן בריקל פון קליינעם טייכל וואָס שניידט דורך די לעווערטאָווער גאַס, האָבן די קצבים־יונגען זיך אָפּגעשטעלט און אַוועקגעזעצט זיך אויף דעם פאַרענטש פון דער בריק.

„הערטס, חברה, איז מיין נאָמען נישט שמעיה, אויב כ'וואָלט נישט איצטער אַוועקגעלייגט אַ טויטן איינעם פון די שקצים וואָס האָבן אָפּגעטאָן די מעשה, ווען ער וואָלט נאָר געקומען מיר אונטער די הענט. כ'בין אַפילו גרייט צו פוילן אין טורמע, אַזוי זאָל איך לעבן! אַבי צו נעמען נקמה. ס'בלוט קאָכט אין מיר, אַז כ'ווער אַזש אין גאַנצן פאַרברענט".

„און איך מיין, אַז מירן נישט ווערט זיין די ערד וואָס טראָגט אונדז, אויב מיר אַליין וועלן נישט אויסגעפינען די וואָס האָבן צעממיתטט דעם וואַלד־סוחרס טעכטערל, האָט גדליה „באַנק" אונטערגעהאַלטן שמעיהן. אַזאַ זאַך זאָל געשען אויף לעווערטאָווער גאַס? הא? און פאַרוואָס טאַקע זענען מיר געזעסן אין די שטיבער און האָבן געפרעסן און נישט אַרויס גלייך אויפזוכן די שלעגערס? פאַרוואָס? אויף דער גניבהשער פאָליציי וועלן מיר זיך פאַרלאָזן? יעד מיין, אַז מען וואָלט געדאַרפט, חברה, שוין איצ־טער, אַרויף אויפן פוילישן מאַרק, טאַקע דאָרט לעבן קלויסטער, און עפּעס „אָפּטאָן", אַז ס'זאָל זיי בעמען די כאָליערע, אַז זיי זאָלן וויסן, אַז מיר וועלן זיך נישט לאָזן."

ביז וואָס ווען האָט אָבער די זון אָנגעהויבן זיך זעצן. אַ לייכט ווינטל האָט געטריבן אויפן בריקל און געקילט די הייסע געמיטער. די קצבים־יונגען וואָס האָבן די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט צו רייבן זייערע האַנט־פלאַכן איינע אין דער אַנדערער, זענען נישט אַרויף אויפן פוילישן מאַרק ווי עס האָט געוואָלט גדליה „באַנק". זיי זענען אַראָפּ פון בריקל און געלאָזן פאַראַדירט אויף דער לעווערטאָווער, האָבן זיך צעטיילט אין צוויי גרופּעס, איינע — אויף איין טראָטואַר, און איינע — אויפן צווייטן, און די ייִדן וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען לעבן זיי, האָבן זיך געפילט זיכערער, ווי זיי וואָלטן געווען אונטער שמירה, ווי זיי וואָלטן געקומען אָנזאָגן, אַז מען מעג אויף זיי זיך פאַרלאָזן, אַז ייִדן אויף לעווערטאָווער וועלן מער נישט זיין הפקר, אויך נישט די פון אַנדערע ייִדישע געסעלעך.

*

ווי יעדן שבת פאַר נאַכט זענען אויף די שוועלן פון די צוגעשלאָסענע געוועלבער געזעסן עלטערע ייִדענעס און איבערדערציילט זיך מעשיות און געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער וואָך, זאַכן וואָס האָבן פּאַסירט מיט זיי אַליין, מיט שכנים פון זייער זגאַל און מיט אַנדערע. אָבער וואָס ס'האָט דעם טאָג פּאַסירט מיטן טעכטערל פון גרויסן גביר אויף דער לעווערטאָווער גאַס האָט אַזוי אויפגעטרייסלט, אַז מען האָט גאָרנישט געקאָנט רעדן וועגן

עפעס אַנדערש. פון די שוועלן אַראָפּ האָט זיך געטראָגן אַ ביטער קרעכ־צעניש, אַ זיפצעריי.

„בלויז דער וואָס זיצט אין הימל ווייסט וואָס אַלץ עס קאָן נאָך געשען, אָבער יעך מיין, אַז ס׳איז נישט גוט. צ׳הערט, ליבעלע? וואָס ס׳איז געשען מיטן רייכן צווייגרייכס טעכטערל האָט שיער נישט געטראָפן מיט מיין אייניקל — אַזוי האָט נעכע די גבאיטע פון עזרת־נשים אין שניידערשן בית־מדרשל, אָפּערגערעדט פון אונטער דער שוואַרצער שאַל וואָס האָט כמעט אין גאַנצן צוגעדעקט איר אַלט־צעקנייטשט פּנים — אַן אויסזען פון אַ פאַריעריקן אתרוג געוויקלט אין ווייכער פּאַקעלע — צ׳הערט כאָטש, ליבעלע? יעך מיין, אַז ס׳האָט געמוזט זיין פאַראַכטאָגן זונטיק ביי נאַכט, צי גאָר מאָנטיק, ניין, טאַקע זונטיק, חיה־גיטל, מייןביילעס טאָכטער, גיט פלוצלונג אַ פאַל אַריין אין שטוב, דאָס פּנים אירס אין גאַנצן פאַרענדערט, באַווייזט נישט אויסצורעדן אַ וואָרט, ציט זיך אויס אויפן דיל און חלשט אַוועק. מיר האָבן זי גערופן, געשריגן צו איר, חיה־גיטעלע, חיה־גיטעשי און גאָרנישט. די ציין — פאַרשטשעמעט, די אויגן — פאַרגלייזט, נו, אַ מת אין שטוב, עפּעס אַ קלייניקייט? מיין ביילע האָט געהאַקט זיך דעם קאָפּ אין וואַנט, געווייגט, געקלאָגט, און איך האָב אַ כאַפּ געטאָן די שאַל, געוואָלט אַ לויף טאָן אין בית־מדרשל אַריין, גלייך צום אָרון־הקודש, נאָר עמעצער פון די שכנים האָט אַריינגעבראַכט אַ שטיקל ציטרין, אַריינגעשטופּט חיה־גיטלען אין מויל אַריין און צו דעם נאָך געגעבן איר עטלעכע קראַפּליעס וואָס מינטערן, און שטעלט זיך פאָר — חיה־גיטל האָט זיך אויפגעוועקט, ממש תחיית־המתים. און ווייסט איר כאָטש, ליבעלע, פון וואָס ס׳איז איר דאָס געקומען? שקצים האָבן זי נאָכגעיאָגט פון די פּוילישע גאַסן אָן, געוואָרפן אויף איר שטיינער, ביז זי איז אַריין אין שטוב און אַוועקגעפאַלן. נו, וואָס זאָגט איר צו דעם?״

ליבעלע די מילכיקערן האָט אַ פּיר געטאָן די האַנט איבערן פּנים, אַ קער געטאָן די נאָז אַהין און אַהער, און נאָך דעם ווי זי האָט אָפּגעווישט די ליפּן, האָט זי געלאָזט אַ פּאָר פינגער אויפן מויל, ווי צו שטופּן אויף צוריק די ווערטער וואָס האָבן משמעות געזוכט אַ וועג זיך צו באַפרייען.

עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און זי האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צו נעכען.

„אַ תל־עולם מאַכט מען פון אונדז, נעכעשי. איר ווייסט דאָך גוט פון וואָס עס באַשטייט מ'שטיינס געזאָגט, מיין פרנסה ? פון צעטראָגען קאַנען־מילך איבער די שטיבער אויף לעווערטאָווער גאַס. דאָ אַ קווערטל, דאָרט אַ האַלבן ליטער. מיט מיינע געשוואָלענע פיס דראַפּטשע איך איבער שטאָק און שטיין און וואָס פאַרדין איך ? די מילך איז דען מיין ? אַ שטאָל מיט קוען האָב איך ? אָבער גראַבסקי וויל פון דעם נישט וויסן, מאָנט ביי מיר שטייערן, לאָזט מיך נישט לעבן. הערטס, נעכטן אין דער פרי, פרייטיק, נאָר געהאַט אומגעקערט זיך מיט די ליידיקע קאַנען, האָט זיך אַריינגע־שטעלט אין שטוב אַן עקזעקוטאָר פון דער רעגירונג און געזאָגט, אַז ער איז געקומען אַרויסנעמען אַלע זאַכן ווייל כ'האָב נישט באַצאָלט די שטייערן. געזען אַזאַ זאַך, האָב איך אַ זאָג געגעבן צו אים : גוטער מענטש, ס'איז דאָך ערב־שבת, כ'האָב נאָך גאָרנישט באַוויזן צוצושטעלן אויף דער קיך פאַר מיינע שוועלבעלעך, פאַר מיין פאַראַליזשירטן מאַן וואָס ליגט שוין עטלעכע יאָר אין בעט. אַדרבא — אַזוי זאָג איך צום עקזעקוטאָר — גיב אַ קוק צי וועסט געפינען אַ ברעקל פלייש אין אַ טאָפּ, צי עס קאָכט זיך אַ פישל. כ'האָב אים אָנגעוויזן אויפן בהמה־קאָפּ וואָס איז געלעגן אין זאַלץ און געכשרט זיך, אָט איז עס וואָס איך האָב אָנגעגרייט אויף שבת פאַר מיינע קינדער, וואָס זשע ביסטו געקומען ביי מיר נעמען ? וואָסערע זאַכן וועסט פון דאַנעט אַרויסטראָגן ? די נאַפּט־מאַשינקע ? דעם צעלאָמיעטן טיש ? ער איז דאָך אונטערגעשטעלט מיט אַ שטעקן. און די שאַנק איז בעסער ? די מעשענע לייכטערס וועסטו ביי מיר צונעמען ? אין ערב שבת ? „די זשידעס האַלטן זייער געלט פאַרשטעקט אין די קישנס, אין לעכער" — אַזוי זאָגט דער עקזעקוטאָר. נו, האָב איך אויפן אָרט געוואָלט אַ נעם טאָן די שעניקעס און די קישנס אָנגעפּילטע מיט שטרוי, און אויסשיטן זיי, אַז די טוכלע זאָל אים גלייך אַריין אין די אויגן. צ'הערט מיך, נעכעשי, ער איז טאַקע אַוועק, דער גוי, אָבער וואָס וועט זיין מאָרגן, איבער מאָרגן ? ער וועט מיך דען אַדורכלאָזן ? כ'בין דאָך פאַרשריבן ביי זיי, בין איך".

נעכע און ליבעלע האָבן זיך אַרומגעזען, אַז עס הייבט אָן ווערן טונקל,

האָבן זיי זיך אויפגעשטעלט, איינגעהילט צוריק די פנימער אין די שאַלן. ליבעלע האָט אָנגענומען איר עלטערע חברטע פאַרן אָרעם, און, נאָר אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, האָט זי צו איר סתם אַזוי אַ זאָג געגעבן, אַז עס וואָלט געווען פון דעסט וועגן אַ סברא, אַז איר ביילע זאָל מער אַכטונג געבן אויף זייער חיה־גיטלען, אַ מיידל שוין אין די יאָרן, מען דאַרף נישט לאָזן זי אַרומפּלאָנדערן זיך אין די נעכט אויף די גאַסן, אוודאי נישט אויף די פוילישע, וואָרעם קיין גוטס קומט פון דעם נישט אַרויס.

אין נעכען האָט אַ פייער זיך אָנגעצונדן, אַרומגענומען זי פון קאָפּ ביז פיס. זי האָט ראַפּטעם לויז געמאַכט דעם אָרעם, נישט געוואָלט, אַז ליבעלע זאָל זי אָנהאַלטן, און אומקערנדיק זיך צו איר מיטן רויט צעפלאַמטן פנים, אַ שפּיי געטאָן פאַר ליבעלעס פיס.

„פו, פו, פו, זאָלט איר ווערן. אַ שיינע ריינע כפרה. אַזוי צו רעדן וועגן איר חיה־גיטלען? אַ כשר יידיש קינד איז זי! נו, גייטס, גייטס שנעלער אַוועק פון מיר, אָבער שוין".

ווי אָפּגעגאָסן מיט אומריין וואַסער, האָט די אָרעמע ליבעלע נאָך מער איינגעהילט זיך אין איר אַלטן שאַל און געלאָזט זיך אַוועק אַליין אַהיים. דאָס האַרץ האָט אין איר געוויייטיקט צוליב דעם וואָס זי איז נישט געווען געוואָרנט מיט די רייד, און צוליב דעם וואָס איר חברטע האָט זי געשאָלטן, פאַרשעמט, אויף דער גאַס. נעכע אַליין האָט פון כעס נישט געקאָנט רירן זיך פון אָרט. פון אויפגערעגטקייט האָט זי אַ שטעק אַריין געגעבן אַלע פינף פינגער פון איין האַנט אין איר שיטער, אויסגעקראָכן שייטל און עס גערוקט אַזוי אויפן קאָפּ אויף און אָפּ ווי זי וואָלט חלילה געהאַלטן עס ביי אַוועקשליידערן. גראָד דעמאָלט האָט זי געגעבן אַ קוק אַרום זיך און דערזען, אַז ס'איז שוין שטאַרק שפּעט, האָט זי אין געאייל אַוועקגעשפּרייזט צום שניידערשן בית־מדרשל, אַ פּאָר טריט פון איר שטוב, איז אַריין איבער־ווייביק, אַוועקגעזעצט זיך און געזאָגט, מיט טרערן אין די אויגן, „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב".

*

באַלד איז צוגעפאַלן די נאַכט און דער ליבער שבת איז אַוועק. אַ גוי

מיט אַ לייטער אין האַנט האָט פויל געשלעפּט זיך איבער דער לעווער־טאָוועד גאַס און אָנגעצונדן די גאַז־לאָמפּן. פּענצטער־שויבן פון יידישע שטיבער, ביז איצטער געגלאַנצט אין טונקלקייט, האָבן מיט אַ מאָל אָפּגע־העלט. פלאַקערן פון הבדלות האָבן זיך געדראָפּעט ווי צינגער אויף שויב־גלאָז און אָפּגעווישט שאָטנס וואָס האָבן געקלעפּט אין אים פון בין־השמשות אָן.

*

נאָך איידער דער שבת איז אַוועק, איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז ווי נאָר מען וועט מעגן, וועט ער טעלעפאָנירן צום רבין, מזכיר זיין חנהלען און בעטן פאַר איר אַ ברכה. דערווייל איז געוואָרן אויס שבת און ער האָט נאָך אַלץ נישט אַוועקגערירט זיך פון קינדס בעטל.

רפאל דער פעלטשער האָט פון ביי טאָג אָן שוין באַוויזן צו זיין אין שטוב ביי אים עטלעכע מאָל, איז אַליין געגאַנגען אין דער גוישקער אַפּטייק אַריין באַשטעלן די רעצעפּטן. דער דאָקטער צינבערג איז אָקערשט אויך אַרויס פון שטוב, האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן יוכבדן אין אויער אַריין און ער, ר׳ מרדכי־פייבל האָט נישט געוואַגט זי איבערצופרעגן.

„ניין, נישט טעלעפאָנירן וועט ער צום רבין, נאָר מאַכן אַ נסיעה און טאַקע נישט אָפּלייגן.״

ער האָט גענומען חנהלעס הענטל אין זיינער, געגלעט עס, איבער־געלאָזט אויף איר אָנגעהיצטן שטערן אַ וואַרעמען קוש, און איז אַוועק אין שרייבצימער, גענומען גרייטן זיך צו מעריב־דאַווענען, אַריינצופירן אין שטוב די בייע וואָך נאָך אַזאַ צעשטערטן שבת.

בלויז אַ פּאָר רגעס איז ער געשטאַנען ביי דער באַלקאָן־טיר, נישט מער ווי כדי אָפּצופרישן זיך און צו אים זענען דערגאַנגען אָפּקלאַנגען פון רייד פון דער גאַס, לעבן זיין הויז.

„איז וואָס וועט טאַקע זיין? ווער ווייסט וואָס דער מאָרגן קאָן נאָך ברענגען, ווער ווייסט?״

„נו, טאַקע, ווער ווייסט?” האָט ר׳ מרדכי־פייבל איבערגעחזרט וואָס די אויערן האָבן אים צוגעטראָגן.

„ס׳איז בלויז אַן אָנהייב”, האָבן די בלעטער פון קאַשטאַן־בוים לעבן זיין באַלקאָן אונטערגעטראָגן אים רייד פון מענטשן וואָס זענען פאַרביי־געגאַנגען אונטן, אויפן טראָטואַר, לעבן זיין שטוב.

„ס׳איז בלויז אַן אָנהייב” — האָבן די ליפּן זיינע אויסגעפּרעפּלט.

„ס׳איז בלויז אַן אָנהייב” — האָט די נייע וואָך אים אַריינגעשושקעט אין אויער.

יחיאל גראַנאַטשטיין

# קאַפּיטל זעקס

פאַר טאָגס איז דער אַלטער יאַנקל פאַרפאָרן מיט זיין דראָזשקע פאַרן הויז פון ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך. אַ העלער ליכט־פּאַס ווי אַ פייער־שטאַנג איז געווען אויסגעלייגט אויפן טראָטואַר, אַנטקעגן דער האַלב־געעפנטער באַלקאָן־טיר פון שרייבצימער ווו ר׳ מרדכי־פייבל האָט געפאָרעט זיך, געגרייט זיך אין וועג אַריין. יאַנקל דער דראָזשקאַזש האָט זיך געיִשובט צי דאַרף ער אַרויפגיין צום גביר אין שטוב אַריין נישט געוועזן, אָדער בלייבן זיצן אויף דער קאָזלע און וואַרטן. נאָר אין דער מינוט טאָקע האָט ר׳ מרדכי־פייבל באַוויזן זיך אויפן באַלקאָן און אים אַרויפגערופן אין שטוב אַריין.

אַראָפּגייענדיק פון זיין געזעס האָט יאַנקל, דער עלטסטער פון די יידישע דראָזשקאַזשעס אין שטאָט, אָפּגעשטויבט דעם אייבערמלבוש, איבערגעקוקט די בלישטשנדיקע קנעפּ זיינע, אָפּגעווישט דעם גלאַנציקן דאַשעק פון זיין רונדיקן הוט כדי אויסצוזען לייטיש אין אַזאַ רייכער שטוב.

ער האָט נאָר איבערגעטרעטן די שוועל און עס האָט אים פאַרשווינדלט פאַר די אויגן, נישט געוווסט צי ער מעג מיט זיינע שטיוואַלעס אַ טריט טאָן איבער דער גלאַנציק־אָנגעשמירטער פּאָדלאָגע, און ער איז שטיינגע־בליבן ווי צוגענעגלט צו דער ערד.

ר׳ מרדכי־פייבל איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען כדי אַרויסצופירן אים פון דער צעטומלטקייט. „נעמט אַראָפּ, ר׳ יאַנקל, דעם מאַנטל, פילט זיך היימיש, ס׳אַ יידישע שטוב. און צייט איז פאַראַן גענוג, מירן נאָך באַווייזן צו טרינקען אַ גלאָז טיי, איר׳ט זען״.

יאַנקל האָט הכנעהדיק געטאָן וואָס דער רייכער בעל־הבית האָט אים געהייסן. נישט מער, וואָס אַראָפּלאָזנדיק זיך אין ווייכן פאָטעל אַריין אויף וועלכן ר׳ מרדכי־פייבל האָט אים אָנגעוויזן אָעקצוזעצן זיך, איז ער אין אים אַריינגעפאַלן ווי אין אַ ליידיקן זאַק אַריין און אים האָט זיך אויס־

געדאַכט, אַז זיין שווערער גוף האָט אַוודאי צעריסן דאָס ווייכע געוואַנט אַדורך און אַדורך.

בסך־הכל איז ער געזעסן אַ פּאַרבליפטער. אַלץ וואָס די אויגן האָבן געזען פון הינטערן דאַשעק אַפער, איז אים אויסגעקומען נישט געוויינטלעך, און וועגן דער אַנגעפּאַקטער, פולער שאַנק מיט ספרים האָט ער געטראַכט, אַז ווען ער, יאַנקל, וואָלט אַפילו אויסגעלעבט צען מאָל זיינע באַשערטע יאָרן, וואָלט ער אַוודאי נישט באַוויזן דאָס אַלץ אַדורכצובלעטערן און אויסצוזאָגן אַפילו ווען עס וואָלט אים אָנגעקומען גרינגער מיט די קליינע אותיותלעך.

אַ קורצע ווײַלע האָט ר' מרדכי־פייבל אויפגעהאַלטן זיך אין קיך און באַלד באַוויזן זיך אין שרייבצימער מיט צוויי פּאַרעדיקע גלעזער טיי. מיט די שפּיציקע צײַנדלעך פון פעכלדיקן זילבערנעם צווענגל, האָט ער אַרײַנגעטאָן אין יעדע גלעזער צו דריי קלעצלעך צוקער, צוליב וואָס דער אַלטער יאַנקל האָט אַזש אַ דריגע געטאָן, אָפּגעווישט מיט איין האַנט דעם פאַרשוויצטן שטערן, און שטיל, אַנגסטיק, אַ זאָג געגעבן: „הער צווייגרייך, דריי קלעצלעך? ד ר י י? אַ שאָד, אַ שאָד...״

אויף ר' מרדכי־פייבלס באַקן האָט זיך געריסעוועט אַ דין שמייכעלע וואָס איז גלייך נעלם געוואָרן. ער האָט בכוונה נישט געלייגט קיין אַכט אויף יאַנקלס רייד, ווי ער וואָלט זיי נישט געהערט. אַנשטאָט דעם האָט ער אים אונטערגעטריבן טועם צו זיין פון זיסן געבעקס וואָס ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

אויסגעטרונקען די טיי, האָט ר' מרדכי־פייבל מרמז געווען, אַז מען דאַרף קלייבן זיך אין וועג אַריין. דער אַלטער יאַנקל האָט מיט שווערקייט אַרויסבאַקומען זיך פון ווייכן פאָטעל, אַ נעם געטאָן ר' מרדכי־פייבלס וואַליזקע אין האַנט, און שטיל, אויף די נעגל, זענען ביידע אַרויס פון שטוב.

געדיכטע סופּנאַכטיקע פינצטערניש האָט געקנוילט זיך אַרום די הייזער־ווינקלען. שאָטנס ווי גאַנצע סטאַדעס בעלי־חיים האָבן מיטגעצויגן זיך אויף די טראָטואַרן, מיטגעדראַפּעט זיך באַרג־אַרויף מיט דער דראָזשקע, געפּלאָנטערט זיך צווישן די רעדער און צום סוף געקײַקלט זיך אויף צוריק, געגליטשט זיך באַרג־אַראָפּ, אַוועקגעפאַלן הינטערן בריקל פון קליינעם

טייכל וועמעס וואַסערל עס האָט צו ביסלעך געדרעמלט און צו ביסלעך שטיל געכוואַליעט ווי בלויז נישט צו פאַרלירן דעם אָטעם.

אַן אָפּגעליידיקטע גאַס. ליידיקע טראָטואַרן. בלויז דאָ און דאָרט האָט אָפּגעקלונגען אין דער ליידיקייט אַן טכאָ פון שטיוול־טריט פון פּאָליציי־פּאַטרולן. זיי האָבן ריטמיש מאַרשירט אויף די טראָטואַרן פון דער לעווער־טאָווער גאַס, אָנגעשפּיצט די אויערן און צעשיקט די בליקן דאָרט אַהין ווו נאָר זייערע געניטע אויגן האָבן עפּעס אויסגעשפּירט.

ווו נישט ווו האָט געוואַכט אַ סטרוזש פון אַ יידיש הויז, געהאַלטן דעם בעזים אין האַנט, געוואַרט אין אומגעדולד, אַז נאַכט זאָל שוין אויסענדיקן זיך, עס זאָל זיך שוין דערהערן דער באַקאַנטער אָפּקלאַנג פון די שליסלען אין בערל דעם שענקערס האַנט — אַ סימן, אַז ער גייט עפענען די שענק און מ׳וועט גלייך קאָנען פאַרטרינקען דעם נאַכט־פאַרדינסט פון עפענען און צומאַכן דאָס טויער פאַר געקומענע אין הויז אַריין, אָדער פאַר אַרויס־גייענדיקע פון אים.

טירן פון אַ בעקעריי אויף לעוועראַרטאָווער גאַס האָבן פּלוצלונג זיך צעעפנט און הויפנס ליכט האָבן זיך אַרויסגעמישט אין דער טונקלקייט אַריין. בעקער־יונגען אין ווייסע כאַלאַטן האָבן אויסגעשטעלט אויפן טראָ־טואַר לאַנגע ברעטער מיט פאַרעדיקע ברויטן, נאָר וואָס אַרויסגענומענע פון אויוון. אַן אָנגענעמער ריח איז פון זיי אויפגעגאַנגען. דער אַלטער יאַנקל איז גראָד אָנגעפאָרן מיט דער דראָזשקע און דערשמעקנדיק דאָס פרישע געבעקס, האָט אים גענומען קיצלען אין נאָז פון וואָס ער האָט זיך פאַר־דישעט, גענומען ניסן. נאָענט פון דער בעקעריי אויף די שוועלן פון די נאָך פאַרמאַכטע געוועלבער, זענען היימלאָזע קעץ געלעגן אין שלאָף פאַרטראָגן. יאַנקלס אומאויפהערדיק ניסן און דישען זיך האָט זיי איבער־געוועקט און זיי זענען אין בהלה זיך צעלאָפן.

אַ פערד, גאָרנישט קיין גרויסע „בריה", כמעט אַ „פּגר". פויל האָט עס זיך געשלעפּט באַרג אַרויף. די שוואַכע פיס זיינע האָבן זיך געבויגן איבערן שטיינערנעם ברוק ווי עס וואָלט געגאַנגען איבער שטרויכלונגען.

דער אַלטער יאַנקל האָט צו מאָל אַרויסגעצויגן פון וועסטל־טאַש זיין גרויסן זייגער מיט עטלעכע טירלעך און, אַז ער האָט געזען, אַז ס׳איז נאָך

פאַראַן געווען צייט, האָט ער אַפילו נישט אַרויסגענומען די בייטש פון האַלטער כדי זי אַ פיר צו טאָן — כאַטש אין דער לופטן — און דערמאָנען דעם שטומען באַשעפעניש, אַז זיין פּאַרציע האָבער, אַן אמת, געמישט מיט שטרוי, האָט עס באַקומען, און דעריבער וואָלט געווען אַ סברא, עס זאָל נישט מאַכן קיין „קונצן" און גיין אַ ביסל לייטישער. ער האָט אָבער נישט געוואָלט „איינרייסן" מיט זיין „ברויט־געבער", האָט ער גערעדט צו אים מילד, געבעטן זיך ביי אים צו שטעלן לייטישער די פיס, וואָרעם ער פאָרט דאָך מיט איינעם פון די גרעסטע גבירים פון שטאָט, אַ גאָר לייטישער מענטש.

ר׳ מרדכי־פייבל איז די גאַנצע צייט געזונקען אין זיינע מחשבות, געווען שטאַרק באַזאָרגט וועגן חנהלען, וועגן די רמזים פון די דאָקטוירים און צוליב זייער כסדרדיקן סודלען זיך מיט יוכבדן. ער האָט נישט געוואָלט אַריינפאַלן אין עצבות, געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו באַפרייען זיך פון דעם קאָפּ־ברעכעניש, האָט ער אַ צעגעם געטאָן די הענט וואָס ער האָט געהאַלטן פאַרשטעקט אין די אַרבלען, און אַ פרעג געטאָן דעם האַלב פאַרדרעמלטן יאַנקל ווי עס זעט ביי אים אויס מיט פּרנסה, צי מ׳קאָן פון אַזאַ פערדל אַרויסציִען גענוג חיונה.

יאַנקל האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ בלויז אין דער העלפט און זיינע ווערטער זענען צוגעפאַלן מער צום שטיינערנעם ברוק, פאַר די רעדער פון דער דראָזשקע ווי צום גביר וואָס האָט צו אים אַרויפגערעדט. געלויבט איז דער אייבערשטער אין הימל. ניין. נישטאָ ביי אים קיין דאגות־פּרנסה. מען שטופּט לייטיש אַדורך די זעקס טעג אין דער וואָך און אין שבת עסט מען בשר ודגים ווי עס שטייט אין דער הייליקער תורה געשריבן. אַ ביסל 96־ער שטייט אויך אויפן טיש, מען זשאַלעוועט זיך נישט. פאַר וואָס דען אַנ־דערש? אַוודאי זענען שוין געווען בעסערע צייטן. אויף „קראָקעווער פאָרשטאָט" וועט היינט אַ פּאָליאַק נישט איינשטייגן אין אַ יידישער דראָזשקע. די פּוילישע דראָזשקאָזשעס פאַרטרייבן זייערע יידישע חברים פון די קריסטלעכע גאַסן. אויף דער קאַרמעליצקע גאַס האָט מען מיט אַ וואָך צוריק שיער נישט צעממיתט דאָס פערד און צוצענומען די דראָזשקע פון זיין שכן, אייזיק, „מיטן הויכן שטערן". ער איז קוים אַרויס

פון דאָרט מיטן לעבן. יאָ. פּרנסה איז פאַראַן, אָבער, אַזעלכע מעשיות ווילט זיך נישט פאַרטראָגן. מען קאָן נישט וויסן צו וואָס עס וועט דערפירן, האָט ער מיט דעם געענדיקט, און שוין".

„וואָס הייסט?"

„אויס! פאַרקויפט די דראָזשקע, ס'פערד איז שוין אויך נישט זיין".

„און פּרנסה?"

„אין פּאַלעסטינע! מען דערציילט, אַז תל־אביב ווערט אַ שטאָט מיט שטעט גלייך. יאַנקל וועט אויך דאָרט איינהאַנדלען אַ פערד און אַ דראָזשקע און אַרומפאָרן איבער די גאַסן. יידישע גאַסן — הער צווייגרייך. נישט „קאַרמעליצקאַ" און נישט „שוויענטאָ־דוסקאַ". איר פאַרשטייט? מסתמא זענען דאָרט אויך פאַראַן גבירים וואָס גייען נישט צו פוס, וואָס דאַרפן אַ פאָר טאָן, און אַ כלה צום זאַל דאַרף מען דאָרט אויך אַוודאי צופירן (וויפל קאָסט עס שוין?). פאַראַן אויך אַנדערע יידישע שמחות. טאָ וואָס איז שייך צו זאָרגן? דער עיקר — מיט יידן צוזאַמען. „זיי" גייען מיר שוין איבערן האַלדז, די פּאַליאַקן דאָ, איר הערט? כ'קאָן נישט קוקן אויף זייערע פּרצופים, כ'קאָן נישט. יאָ, און וואָס ס'איז ביי אייך געשען, איז ווייניק? נאָך ווייניק? ניין, ניין, ס'איז נישט פאַר יאַנקלען. פאַר אַנדערע אויך נישט".

ר' מרדכי־פייבל האָט געשרומפּן זיך אין ווינקל פון דער דראָזשקע. יאַנקלס רייד האָבן אים געשמיסן איבערן פּנים, צעטומלט. איצטער האָט ער געוואָלט, אַז ס'זאָל שוין נעמען אַן עק צום פוילן שלעפּן זיך פון אויסגע־דאַרטן פערד, געוואָלט וואָס שנעלער אַרויס פון דער דראָזשקע, נישט הערן יאַנקלס שטראָפרייד.

ווען יאַנקל האָט סוף־סוף פאַרקערעוועט די דראָזשקע לעבן וואָקזאַל, איז ר' מרדכי־פייבל אַרויסגעשפּרונגען ווי פון אַ הינערפלעט. ער האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט און אויסגעשטרעקט די האַנט צום אַלטן דראָזש־קאָזש מיט וועלכן ער פאָרט שוין יאָרן לאַנג. „אַ גרויסע זאַך טוט איר, אַ גרויסע זאַך. אָבער נישט יעדער קאָן עס באַווייזן. נישט יעדער. אדרבא, זאָל גאָט העלפן, אַז מיר זאָלן שוין טאַקע זוכה זיין צו דער גאולה שלימה, טאַקע אַלע. זייט מצליח ר' יאַנקל".

„און איר קאָנט אויך מצליח זיין, הער צווייגרייך, הערט וואָס אַ פּשוטער אַלטער דראָזשקאָזש רעדט צו אייך. אויב מיר וועלן אַלע פאָרן אַהין, וועלן מיר בייטן די גאולה, אַז זי זאָל קומען. זי וועט אונדז צוליב דעם פאַרלויפן דעם וועג, וועט האָבן קפיצת־הדרך...״

ר׳ מרדכי־פייבל האָט אים שוין נישט געהערט. מיט געלאַסענע, באַ־טראַכטע טריט איז ער אַריין אין וואַרטזאַל. אַ סך גוישקע בליקן האָבן באַגלייט זיין געמאָסטענעם גאַנג, באַוווּנדערט זיין ריינעם, שיינעם לבוש, דעם איידעלן אויסזען און זיין ברייט צעקעמטע גאָלד־ברוינע באָרד.

אין מינוטן אַרום בלויז איז ר׳ מרדכי־פייבל שוין געזעסן אין אַ קופּע אין וועלכן עס האָט אים אַריינגעפירט אַ פּוילישער באַן־טרעגער, נאָכגע־טראָגן זיין וואַליזקע און באַקומען דערפאַר אַ מטבע אין דער האַנט אַריין פון וואָס די אויגן האָבן ביי אים אויפגעלויכטן.

דער קופּע אין וועלכן ר׳ מרדכי־פייבל איז אַריין, איז געווען כמעט אין גאַנצן באַזעצט און געהאַט נאָר דעם איינעם פּלאַץ וועלכן עס האָט פאַר אים אויסגעפונען דער באַן־טרעגער. די מענטשן זענען געפאָרן פון ווייטע מקומות, געוואָלט אָנקומען קיין וואַרשע, קיין לאָדזש און אַנ־דערע ערטער. די ליכט אין קופּע איז געווען פאַרשטעלט, און די פּאַסאַ־זשירן זענען אַלע געשלאָפן, צוגעפאַלן און אָפּגעשלאָגן זיך פון זייערע זיצערטער, ווי עס וואָלט זיי אַלע גענומען צום ברעכן, אָדער ווי זיי וואָלטן געהאַט זיך אָפּגעשמועסט אויסצוציען זיך אויף דער ערד אין איין און דער זעלבער צייט.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אַ פרימאָרגן־ליכט האָט אָנגעהויבן אַריינפלייצן, איבערגעוועקט און אויסגעווישט די אויגן פון שלאָף. איינער האָט געקוקט דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין און מען האָט אַרומגעזען זיך, אַז אַלע אָן אויסנעם זענען יידן, אחינו בני ישראל...

„ס׳איז פּשוט אַ מחיה, האָט פריידיק אויסגערופן אַ נידעריק, פאַר־שטויבט יידל וואָס האָט אַן עפן געטאָן די טיר פון קופּע און אַריינגעשטופּט זיך אינעווייניק מיט קיישלעך לעבעדיקע עופות, אָנגעהאָנגענע אויף ביידע הענט. ממש אַ גן־עדן, בלויז יידן!״ ער האָט שנעל באַפרייט זיך פון די קיישלעך, צוזעשטעלט זיי הינטער די בענק, אויף די פּאָליצעס, באַשעג־

קענדיק אויך ר׳ מרדכי־פייבלען — הינטער זיינע פיס — מיט אַ קיישל הינער.

„און איך, יידן, האָב יאָרצייט נאָך מיין לייטזעליקער מאַמע, אַ צדקת, האָט אַ רוף געגעבן אַ פּאַסאַזשיר, נאָר וואָס צוריקגעקומען פון דרויסן שוין אַ געוואַשענער. דאַכט זיך, אַז מיר האָבן פּונקט אַ מנין, וואָרטס, וואָרטס, מירן זען — הושיעה את עמך וברך את נחלתך — — — נו, יאָ פאַראָן, ברוך אתה — — — אשר נתן לשכוי בינה — — — ברוך אתה — — — שלא עשני אשה — — —״

ער האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן די ברכות און אין קופּע האָט זיך אַריינגעשטעלט דער קאָנדוקטאָר — אַן אויסגעפּאַשעטער גוי מיט אַ שטייפן קאַרק און אַ פּאָר וואָנצעס וואָס האָבן ביי אים אַראָפּגעהאָנגען ווי שרויפן מיט לאַנגע שאַרפע שפּיצן. נאָר אַריין, און ער איז געבליבן שטיין צעחושט, דאָס לשון — אָפּגענומען, אוודאי פון כעס, פון גרימצאָרן. ערשט, אַז עס זענען אָפּ אַ פּאָר רגעס, האָט ער אַ רעווע געטאָן: „וואָס איז דאָ? אַ „באָזשניצע״? פּאַלעסטינע? ביי אונדז, אויף פּוילישער ערד?״

„נו, נו, עע, עע, האָט איינער, נישט וועלנדיק אומקערן זיך מיט די אָנגעטוענע תפילין צום ערל, אַ מורמל געגעבן צו אַ צווייטן דאַוונענדיקן, נו, ביד, בי֖ד — — —״

„נישט אין דער יַד אַריין, נאָר אין מויל אַריין, אַ ביסל יי״ש, עס זאָל אים אַ ברי טאָן אונטער דער צונג״. האָט דאָס יידל פון די קיישלעך מיט די הינער געעצהט און אַליין האָט ער גענומען קאָרטשן זיך, צוזאַמענצִיִען זיך, ווי ער וואָלט פאַר זיך אַליין געזוכט אַן אָרט אין איינעם פון זיינע צעשטעלטע קיישלעך אונטער די בענק.

„דעם בילעט״, האָט דער קאָנדוקטאָר צעבייזערט זיך, זעענדיק ווי דאָס נידעריקע יידל טאַמלט אַזוי, ווייסט נישט ווו אַהינצוטאָן זיך. „נו, דעם בילעט!״ זיין שטרענג קול איז זיך צעגאַנגען איבערן קופּע און דאָס יידל פון די הינער איז שוין געווען האַלב אויסגעצויגן אונטער איינעם פון די בענק. דער קאָנדוקטאָר, מעגלעך, אַז ער האָט שוין געקענט דעם פּאַסאַ־זשיר, האָט גלייך אויפגעזוכט אַ קיישל מיט עופות און עס אַ כאַפּ געטאָן אין דער האַנט אַריין. די בעלי־חיים, צעשראָקענע, האָבן אויפגעהויבן אַז

אַלאַרעם, געפּלאַטערט מיט די ווייכע אויגן־דעקלעך, צעקוואַקעט זיך ווי בשעת מען האַלט זיי איבערן קאָפּ און מען זאָגט דעם „זה כפּרתי״. פון מורא, אַז מען גייט זיי אַלעמען אויסקוילענען, האָבן זיי צוריק אַריינגעצויגן אין קיישל זייערע לאַנגע העלדזער, צוזאַמענגעקנוילט זיך, באַהאַלטן די קעפּלעך און האָבן אויסגעזען נישט מער ווי אַ פּאַק פּעדערן.

דאָס פּעטע פּנים פון קאָנדוקטאָר האָט געפּאַרעט ווי אַ קאָכעדיקער טאָפּ אויפן פייער און אין זיינע העל־בלויע אויגן, צעגליטע, האָבן אַרומגעטאַנצט פונקען.

דאָס נידעריקע יידל איז אַפּער פון אונטער דער באַנק, האָט צוגענענט צום קאָנדוקטאָר, געקאַרטשעט זיך אין דרייען, געוואָרן וואָס אַ מאָל נידע־ריקער און נידעריקער און האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געגאַנגען אָנטאָן דעם גוי אַ כּישוף. מיט איין האַנט האָט ער אָנגענומען דאָס קיישל מיט די הינער וואָס דער קאָנדוקטאָר האָט געהאַלטן.

„פון זיי, פּאַניע דראָגי, ווערסטו דאָך נישט האָבן קיין בילעט, טאָ גיב מיר קודם־כל צוריק דאָס קיישל. און אַחוץ דעם, זעסט דאָך אַליין וואָס דו האַלטסט! דאָס זענען הינער? נישט מער ווי פּעדערן! קוים — פּעדערן. טאָ וואָס איז שייך אַ בילעט פאַר פּעדערן? פון וואַנעט זאָל ער נעמען דערויף? די גרויסע רווחים וואָס זיי ברענגען שוין אים אַריין, מישטיינס־געזאָגט. און וואָס שייך אים אַליין — אמת, אמת ווי דער טאָג, אַז ער וואָלט אפשר געדאַרפט קויפן אַ האַלבן בילעט, וואָרעם אויף דער באַנק זעצט ער סיי ווי זיך נישט אַוועק, פאַרנעמט נישט קיין אָרט, און צווייטנס, ווען קאָן ער האָבן צו באַצאָלן? נאָר אויף צוריקוועגס, אַז ס'וועט אים געלונגען צו פאַרקויפן דאָס „ביסל פּעדערן״, די קליינע פּיסקעלעך. יאָ. ער זאָגט צו אַז טאַקע אויף צוריקוועגס וועט ער קויפן, אפשר, נאָך אַ גאַנצן בילעט, ער מעג זיין זיכער דער „פּאַן קאָנדוקטאָר״.

די אויערן־לעפּלעך ביים קאָנדוקטאָר האָבן געבלייכט זיך פון כּעס, די שפּיץ־נאָז זיינע האָט כּסדר געביטן די קאָליר. ער האָט אויסגעשטרעקט די פרייע האַנט און געוואָלט אַ שלעפּ טאָן דאָס יידל צו זיך און אים אַרויספירן פון קופּע. אַ ווילדער שרעק איז ווידער באַפאַלן דעם ביסל עופעלעך אין קיישל. אַ רחמנות געווען אויף זיי. זיי האָבן געדזשאָבעט זיך ביז אין טיפן

פלייש אַריין, געלאָזט זיך בלוט, ווי זיי וואָלטן געהאַט אָפּגעשמועסט זיך אַז עק צו מאַכן אַליין צו זייער טרויעריק לעבן.

נאָר פּלוצלונג האָט אַ פלאַש בראָנפן ווי אַ פּאַן אַ הייב געטאָן זיך אין חלל פון קופּע. פון ר׳ מרדכי־פייבלס טאַש אַרויס איז די פלאַש געגאַנגען פון האַנט צו האַנט ביז זי איז אָנגעקומען צום קאָנדוקטאָר. זיינע אָנגע־שטייפטע וואָנצעס זיינען גלייך לויזער געוואָרן. דערנאָך האָבן אויך די בייזע בליקן זיינע געלאָשן זיך ווי מען וואָלט אויף זיי געגאָסן קאַלט וואַסער. אַן שהיות און גאַנץ לייכט, האָט די פולע פלאַש אַריינגעגליטשט זיך אין זיין בוזעם־טאַש און להבדיל ווי עס גייט אַ ייד אויס שמונה־עשרה, אַזוי האָט דער קאָנדוקטאָר, הינטערווייַלעכץ אַרויסגערוקט זיך פון קופּע.

„דאָס אויסגעפּרוּווטסטע מיטל ווי אַזוי איינצונעמען אַ גוי — האָט ר׳ מרדכי־פייבל אַ זאָג געגעבן צו אַ שכנותדיקן יידן — נאָר אין דער יַד אַריין. אַ פלעשל בראָנפן פּטרט אַ סך צרות״.

ביים פענצטער איז געזעסן אַ יונג בחורל, האָט געהאַלטן אַן אָפן בוך, און איז די גאַנצע צייט דורך קיינעם נישט באַמערקט געוואָרן, געהאַלטן זיך אָפּגעזונדערט. אַ באַחנט בחורל. אַ פּאָר שוואַרצע־קלוגע אויגן, אַ צעפּאַטל־טער קאָפּ האָר, די אַרבל פון העמד אַרויפגעשאַרצט ביז איבער די אָרעמס.

„אַ סך גלייכער צו קויפן אַ בילעט, רעב ייד, ווי עס קומט, איידער צו געבן דעם גוי שוחד, מתנות״.

אויף ר׳ מרדכי־פייבלס פּנים האָט אויסגעלייגט זיך אַן ערנסטקייט. אַוודאי וואָלט געווען אַ סך גלייכער און יושרדיקער ווען דער ייד מיט די היינער וואָלט געקויפט אַ בילעט, ווי יעדער איינער. מען טאָר נישט אַנדערש על־פּי־דין. אָבער, ווען ס׳איז שוין געווען אַ מעשה בדיעבד, און מסתמא איז עס אַ ייד אַ קבצן, אַן אָרעמאַן, טאָ וואָס איז געווען צו טאָן? לאָזן אַוועקפירן דעם ייד צו דער פּאָליציי? לאָזן אים איינזעצן, און וואָס וואָלט טאַקע געווען מיט די עטלעכע קיישלעך־עופות? ווער ווייסט צי ער האָט זיי נישט איינגעהאַנדלט פאַר אָנגעבאָרגט געלט? און וואָס וואָלטן ווייב און קינדער געטאָן ווען מען וואָלט אים דערווייל פאַרהאַלטן?

דאָס בחורל האָט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון ר׳ מרדכי־פייבלען וועלכער איז אים אויסגעקומען אַ בעל־הבתישער ייד, אַ נישט פאַרשלאָ־

פענער חסידישער מענטש, מיט שכל, און דעריבער האָט ער זיך געוווּנדערט הלמאַי האָט דווקא אַזאַ שטייגער מענטש אַרויסגענומען פון זיין שיינער לעדערנער טאַש די פלאַש בראָנפן כדי צו געבן שוחד דעם קאָנדוקטאָר? פאַרוואָס זאָל עס אַזוי זיין? פאַרוואָס?

ער האָט נישט געזען, אַז ר׳ מרדכי־פייבל קלייבט זיך אים צו ענט־פערן, האָט ער אַ זאָג געגעבן:

„איר זייט אפשר, גערעכט, רעב ייד, מיט אייער שווייגן. איר ווייסט עס נישט ווייניקער פון מיר, אַז דער לאַנגער גלות האָט ביי אונדז פאַר־קרימט די מידות, די וועגן. איז פאַראַן אַן עצה צו דעם — איבערלאָזן די גויים זייער ערד, און אַוועק אין אייגענעם, צוגעזאָגטן לאַנד. המ... איר קוקט אַזוי ווילד אויף מיר. אָן שום סיבה. אָט למשל פאָר איך היינט צום לעצטן מאָל אויף דער פוילישער באַן. צו דער שיף פאָר איך, כדי אויפצו־גיין קיין ארץ־ישראל. און איר, איר אַלע, ווען וועט איר עס טאָן? נאָך נישט די צייט?״

„קיינער איז נישט בעל־הבית איבער דער צייט, פאַראַן אַ „מנהיג הבירה״ און אין זיין שליטה איז אַלץ, אַלץ״.

אָבער אויך נאָך דעם ווי ער האָט עס געזאָגט, האָט ר׳ מרדכי־פייבל נישט אָפּגעפונען די רויִקייט. אַ שווייס האָט אים באַגאָסן. וווּ מען גיט זיך אַ קער הערט מען נאָר „ארץ־ישראל״. יידן זענען אין פוילן פאַראָרעמט געוואָרן, לויפט מען אַוועק קיין ארץ־ישראל. אפילו רייכע פאַרקויפן הייזער, ליקווידירן פרנסות און פאָרן אַהין. דער אַלטער יאַנקל לאָזט איבער זיין דראָזשקע, וויל נישט לעבן מער מיט גויים צוזאַמען און פאָרט קיין ארץ־ישראל. דאָס באַחנטע בחורל פאָרט איצטער גלייך צו דער שיף כדי דאָס אייגענע צו טאָן. אויך אין שטיבל קלייבן זיך עטלעכע היימישע צו פאָרן אַהין. און, אַז ער איז ערשט נעכטן געזעסן ביי חנהלעס בעטל, האָט זי געבעטן זיך ביי אים צו נעמען וועלדער, די הייזער, אַלץ וואָס מען פאַר־מאָגט, און עס אַריבערפירן אַהין, קיין ארץ־ישראל, ווייל זי וויל שטאַרק, אַז אַלע, אַלע, דער גאַנצער הויף, אַלע אירע חברטעס זאָלן דאָרט זיין... איז עס נישט משונהדיק? וואָס ליגט אין דעם? פון וואַנעט שפּראָצט ער דער דאָזיקער ווילן, דער נייער? פון וואַנעט?

„און אפשר טאַקע, האָט אַ מחשבה געעפנט זיך אַ טירל צו ר׳ מרדכי־פייבלען כדי אים שוין נישט אָפּצולאָזן. אפשר טאַקע לאָזן פאַלן אַ וואָרט ביים רבין וועגן „אַראָפּכאַפּן״ זיך אַהין, אַרומקוקן זיך און פאַר איין וועגס אַ קויף טאָן אַ שטיקל ערד, אַ פּרדס, נו, אפשר טאַקע?״

*

ווען ר׳ מרדכי־פייבל איז אַריין אין רבינס הויז, איז אין פּאָדערצימער שוין געשטאַנען אַ לאַנגע ריי פון חסידים וואָס האָבן געוואַרט אַריינצוגיין צום רבין. יעדער איינער איז געווען פאַרנומען מיט זיך, האָט איין מאָל און נאָך אַ מאָל אַדורכגעקוקט, איבערגעלייענט דאָס אָנגעשריבענע „קוויטל״, בודק געווען צי מען האָט נישט אַדורכגעלאָזט אַן ענין פון די ענינים וואָס מען האָט געוואָלט דערמאָנען פאַרן רבין, צי מען האָט חלילה עפּעס נישט פאַרגעסן.

ביי אַ טישל, נישט ווייט פון רבינס טיר איז געזעסן דער אַלטער שמחה־בינעם וועלכער האָט נאָך משמש געווען דעם „אַלטן רבין״ זכר צדיק לברכה, אַליין שוין אין די אַכציקער. ווי ער זאָגט עס נישט איין מאָל מיט פאַרביטערונג, ליגן אים נאָך אין טעם יענע צייטן ווען חסידים זענען נישט געקומען צום רבין בעטן ישועות און רפואות, וואָרעם זיי וואָלטן געשעמט זיך מיט דעם. רפואת־הנפש האָבן זיי געזוכט, הרחבת־הדעת אין עבודת־השם כדי צו קאָנען שטייגן אין השגות, אין מדרגות.

די אַלטע ניקעלנע ברילן זיינע (די גלעזער זייערע שוין יאָרן לאַנג געשפּאָלטן און צונויפגעקלעפּט) אַראָפּגערוקט, אָנגעהאַלטן אין צוואַק־סענעם באַהאָרטן וואָרצל ביים סאַמע שפּיץ נאָז, איז שמחה בינעם געזעסן אָנגעבויגן איבער אַ ספרל מיט פאַרגעלטע בלעטער און די אויגן זיינע זענען פון קורצזעיִקייט, ממש געלעגן אויף די פּיטשינקע אותיות, עלעהיי עס וואָלט דער נאָז־שפּיץ געדינט אים ווי אַ טייטל.

ער האָט כמעט ווי נישט אומגעקוקט זיך אויף די חסידים וואָס האָבן אויסגעפּולט דאָס צימער, בלויז געקוקט אין ספרל, געביסן די האָר פון דער כמעט אויסגעציפּטער דורך אים אַליין, גרייז־גרויער באָרד.

אין דער גרויסער ענגעניש האָט צו אים צוגעשאַרט זיך אַן אומ־

באַקאַנט פּנים, נישט פון היימישן עולם, און געבעטן אים אָנצושרייבן פאַר זיינעטוועגן אַ קוויטל. שמחה־בינעם האָט אָפּגעמאָסטן דעם אומבאַ־קאַנטן מיט פאַראַכטלעכע בליקן פון וואָס די ברילן זיינע האָבן געהויבן זיך אויף און אָפּ ביז זיי האָבן סוף־סוף צוריק איינגעזעצט זיך רויִק אויף דעם נאָז־וואָרצל.

„היינטיקע קוויטלעך", האָט שמחה־בינעם אַ מרוקע געטאָן נאָך דעם ווי דער פרעמדער איז אָפּ מיטן קוויטל וואָס ער האָט פאַר אים אָנגע־שריבן און אַוועקגעשטעלט זיך אין דער ריי אַריינצוגיין צום רבין. „מיט אַלע זייערע גשמיותדיקע הצטרכותן קומען זיי אַהער, וועגן אַלע ענינים פון גוף וועלן זיי אויסווייגען און אויסקלאָגן פאַרן רבין, און ווי זיי האַלטן מיטן חלק־אלוקי־ממעל, ווי אַזוי זיי גיבן זיך אַן עצה מיטן יצר־הרע, וועגן דעם קיין זכר נישט! המ... אַז זיי פילן גאָרנישט, אָדער עס אַרן זיי נישט די יסורים פונעם נפש, פון דער נשמה וואָס פּייניקט זיך אויס אין זייער ערדישן גוף"...

עס האָט זיך דערנענטערט ר' מרדכי־פייבלס ריי אַריינצוגיין צום רבין. שוין צוגעקומען צו דער טיר. צו מאָל, האָט ער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף דער מעשענער קליאַמקע און גלייך זי אָפּגעלאָזט. שוין צום וויפלטן מאָל האָט ער אין געדאַנק מסדר געווען די זאַכן וואָס ער האָט געוואָלט בעל־פּה דערמאָנען ביים רבין, אינעווייניק. און הגם דער עיקר קומען זיינער איז וועגן חנהלען, בעטן פאַר איר אַ רפואה שלימה, וויל הערן אַ בפירושע ברכה זי זאָל במהרה געזונט ווערן, וואָלט ער אויך געוואָלט מרמז זיין וועגן די יסורים וואָס ער טראָגט אויס אין שידוכים־זאַכן מיט יוכבדן און, אַז ער ווייסט נישט וואָס עס זענען די אמתע סיבות דערפון. ער איז נישט געווען זיכער צי עס וועט אים אויסקומען ביים סאַמע לעצט אויף אַ פראַגע צו טאָן וועגן מאַכן אַ נסיעה קיין ארץ־ישראל — עס ווענדט זיך ווי עס וועט אויסזען „אינעווייניק" ווו נישט איין מאָל קומט אַוועק דאָס לשון פון גרויס יראה און דרך־ארץ, צי פון אַ וואָרט וואָס גיט אַזאַ ברי, אַז דאָס מויל ווערט דערנאָך פאַרשלאָסן און עס ווילט זיך מער נישט רעדן.

ר' מרדכי־פייבל האָט אַרויסגענומען אַ זויבער־ריין טאַשנטיכל, גע־

ווישט דעם שווייס פון שטערן און פון די באַקן, און אין דער רגע האָט די טיר זיך געעפנט. עמעצער האָט אַרויסגעשאַרט זיך, און ר׳ מרדכי־פייבל איז אַריין אינעווייניק. אַ ביסל געבויגן, האָט ער צוגעאיילט זיך צום טיש וווּ עס איז געזעסן דער רבי אַרומגענומען אין אַ טונקל זיידענעם גע־בלימלטן שלאַפּראַק. דעם רבינס געדיכטע ברעמען האָבן אַראָפּגעהאַנגען איבער די אויגן, און ווי דורך שפּאַרונעס האָט ער געקוקט אויף ר׳ מרדכי־פייבלס פאַרווירטקייט.

דער רבי האָט צוגענומען דאָס „קוויטל" צו זיינע שוואַכע אויגן, גע־לייענט עס געלאַסן, זייער געלאַסן. ער האָט אים אויסגעפרעגט אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט וויסן און ר׳ מרדכי־פייבל, שוין צו ביסלעך גלייכגע־שטעלט, האָט געענטפערט באַזינען, מיט סדר.

„פון הייליקן טאַטן זכר צדיק לברכה האָב איך געהערט, אַז דער באַרדיטשעווער האָט געטייטשט דעם פּסוק „הודו לד׳ כי טוב כי לעולם חסדו" — אַ ייד דאַרף קאָנען שטענדיק לויבן דעם אייבערשטן פאַר זיינע מעשים. „כי לעולם חסדו". אומעטום און אין אַלץ איז פאַראַן זיין חסד. נישט מער וואָס די היינטיקע דורות זענען צו שוואַך אויסצושטיין נסיונות, יסורים, דאַרף מען בעטן עס זאָל זיין „אַך טוב וחסד ירדפוני". אַפילו דאָס יאָגן, די רדיפה זאָל זיין מיט חסד."

ר׳ מרדכי־פייבל איז געשטאַנען ווי צוגעגליווערט צום אָרט. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, בעטן, נאָר דאָס מויל זיינס איז געווען צוגעשלאָסן, פאַרמאַכט אויף שלעסער. אַ האַלב וואָרט איז נישט געווען אַרויסצוקריגן פון אים.

אים איז אויסגעקומען, אַז דער רבי שטרעקט אויס די האַנט צו אים, וויל אים געזעגענען, און ער, ציטערדיק, האָט אויך אונטערגעהויבן די האַנט. אָבער דער רבי האָט גאָר נאָך אַ מאָל אַ נעם געטאָן ר׳ מרדכי־פייבלס קוויטל, צוגענומען עס צו די אויגן, אונטערגעהויבן די ברעמען און ווידער עס געלייענט, קוים באַוועגט מיט די ליפּן. ר׳ מרדכי־פייבל האָט איצטער גוט צוגעבויגן זיך און איינגעהערט זיך אין רבינס יעדן וואָרט וואָס ער האָט געוואָלט דערהאַלטן אין זכרון.

ער איז אַרויס פון רבינס צימער און גלייך געוואָלט אַריינגיין אין

ד'ער אכסניה. אָבער אַנשטאָט דעם, האָבן זיינע פיס אים געפירט איבער די שמאָלע געסעלעך פון קליינעם שטעטעלע, האָט דאָרט געטריטלט פאַמעלעך, אין איין געסל אַריין, פון צווייטן אַרויס. שפּעטער, אַז ער האָט סוף־סוף דערשלאָגן זיך צו דער אכסניה, האָט ער אָנגעוויזן דעם בעל־הבית אויפן בעט, מרמז געווען, אַז דאָס איז די איינציקע זאַך וואָס ער דאַרף איצטער האָבן.

נאָר שלאָפן האָט ער סיי ווי נישט געקאָנט. דעם רבינס רייד האָבן ווי פייער־אותיות אויף אַ שוואַרצער טאַשמע נישט אָפּגעטאָן זיך פון זיינע אויגן.

„אַ ייד אַ חסיד דאַרף בעטן אויף התעוררות צו תשובה דורך צנורות פון רחמים. די מעלה פון התעוררות וואָס קומט פון שורש פון חסד און רחמים איז זייער גרויס" — —

נישט בלויז פאַר די אויגן האָט ער געזען די ווערטער, זיי האָבן זיך אויסגעקלאַפּט ביי אים אינעווייניק, אויסגעלייגט זיך אויפן האַרצבעטל און ער האָט זיי אַריינגעטאָטעמט אין זיך און מיט זיי איינגעדרעמלט.

## קאַפּיטל זיבן

אביגדור דער סטעלמאַך האָט געגעבן אַ בליק צום פענצטערל וואָס האָט געשטעקט אין סופיט פון זיין בוידעמשטיבל ווי אַ פאַרפּלעקט אויג, און אַ מורמל געטאָן: „וואָס ליגסטו נאָך? גיי אַראָפּ פון געלעגער, טו וואָס מען דאַרף, נעם טלית־און־תפילין און — אין בית־מדרשל אַריין, פויל זיך נישט."

אין געאײַיל איז ער אַראָפּ פון דער האַרטער שלאָפבאַנק, האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך די אַרבעטס־מלבושים, געוואַשן די הענט און דאָס פּנים, געזאָגט „אַ פּאָר ווערטער", און מיטן טלית־און־תפילין־זאַק אונטערן אָרעם, איז ער אַרויס פון שטוב, אַוועקגעלאָזט זיך צום בעל־עגלהשן בית־מדרשל. אין מלמדים־געסל, ווו דער טאַטע זײַנער, אַ סטעלמאַך ווי ער, האָט אים איבערגעלאָזט בירושה אַ פלאַץ, נישט ווײַט פון אַרײַנגאַנג, לעבן מלבושים־הענגער.

אין בית־מדרשל אַרײַן איז ער אָנגעקומען דער סאַמע ערשטער. דער אַלטער שמש איז נאָך געלעגן אויף אַ באַנק אין פּאָליש און לײַטיש געשלאָפן. ווי יעדן אין דער פרי, האָט אביגדור אָנגעצונדן עטלעכע חלבנע ליכטלעך וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון דער היים, אַרײַנגעשטעלט זיי אין עמוד־לײַכטער, גענומען איין ליכטל מיט זיך, אַוועקגעזעצט זיך אויף זײַן שטענדיקן פּלאַץ און עפענענדיק דעם סידור — אויך אַ ירושה פון טאַטן — גענומען „קײַען" פּסוקים וואָס כאָטש ער האָט פון געוווינהייט שוין געקאָנט זיי פון אויסנווייניק, זענען זיי פון דעסט וועגן אַרויסגעקומען פון זײַן מויל גרײַזיק, צעקאַליעטשעט.

עפּעס האָבן די ווערטער היינט באַזונדערס געפּלאָנטערט זיך ביי אים אין מויל, ווי עס וואָלט עמעצער בכוונה זיי צוצעמישט. ער האָט אויפגעהערט צו זאָגן פון אויסנווייניק, גענומען דעם סידור אין האַנט אַרײַן, געמישט די אַלטע געלע בלעטער זײַנע, געקוקט אויף די גרויסע אותיות און זיי כמעט ווי נישט געזען. אַ טומאַן איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן.

אַביגדורן האָט פאַרשטשעמעט ביים האַרץ, ער האָט געהאַט פאַרדרוס אויף זיך הלמאַי עס „לייגט" זיך אים נישט היינט דאָס זאָגן ווי עס באַדאַרף צו זיין. אגב דעם, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אַ צייט לאַנג האָט ער אַרומגעטראָגן זיך מיט תרעומות אויף זיין פאַרשטאָרבענעם טאַטן פאַר וואָס ער האָט אים נישט געהאַלטן לענגער אין „חדר", נישט געזען, אַז ער זאָל ווערן מער היימישער מיט דער „עברי", מיט די לאַנגע צעצויגענע פסוקים און שווערע ווערטער וועלכע ער האָט ביז די עלטערע יאָרן זיינע נאָך נישט געקענט „דורכגעביסן". איז אַ וווּנדער פאַרוואָס זיי קומען אַרויס פון זיין מויל צעבראָכן, צעפּיצלט ווי די שפּענער וואָס פאַלן אַוועק בעת ער טשעשעט צו האָלאַבליעס, אַקסן צו וועגענער, קאָזלעס, אָדער אַנדערע וואָגן־טיילן? איז ער אַביגדור, דען שולדיק דערין?

וואָס אָן אמת, האָט ער גוט געוווּסט, אַז ער דאַרף נישט קומען מיט טענות צום טאַטן וואָס איז שוין אויפן עולם־האמת. אַ פּולע שטוב מיט קינדער זענען זיי געווען, און ער, דער טאַטע, האָט יונגערהייט נאָך פאַרלוירן די כוחות, איז קראַנק געוואָרן. געקומען איז עס אים פון אַ קאָפּע וואָס אַ פערד האָט אים דערלאַנגט אין בויך אַריין ווען ער האָט געפּאָדקעוועט זיינע פיס. נאָך דעם ווי ער איז אויפגעשטאַנען פון דער קרענק, האָט ער אים, דעם עלטסטן, אַ יאָר צען אַוודאי געווען, אַרויסגענומען פון „חדר", אַוועקגעשטעלט אים לעבן זיך, געלערנט אים די מלאכה ווי אַזוי צו שמידן, ווי אַזוי אונטערצוקאָוועןן, צוזאַמענצושטעלן אַ זאָטל, ווי אַזוי אויסצופורעמען אַן אַקס. און, אַז מען טוט דאָס אַלץ פון ייִנגלווייז אָן, פון וואַנעט זאָל מען שפּעטער וויסן וואָס אין סידור שטייט? פון וואַנעט?

יאָ, דאָס אַלץ איז טאַקע ריכטיק, אָבער וואָס האָט עס צו טאָן מיט נת׳קען דעם שניידער? און וואָס עפּעס האָט דער פּוילישער בלאַט וואָס ער האָט אים געוויזן געהאַט צו שרייבן וועגן אים, אביגדורן, און נאָך אַריינגעשטעלט דאָרט זיין בילד? ווער האָט עס אים „אַראָפּגענומען" אויף אַ פאָטאָגראַפיע? וואָס האָבן זיי אויסגעפונען אין אים? וואָס?

אביגדור האָט געקוקט אין סידור, נישט געוואָלט פאַרלירן דעם סדר פון די בלעטער, און אַנשטאָט דעם, געזען פאַר די אויגן זיין אייגן בילד

אין פוילישן בלאַט, מיט דער לאַנגער באָרד זיינער, מיטן האַמער אין דער האַנט, און זייער „הייליקע" לעבן אים.

ניין! קיין איין־און־איינציק וואָרט פון דעם וואָס נת׳קע האָט אַרויס־געלייגט פון בלאַט, און אויסגעטייטשט וואָס ס׳איז דאָרט געשריבן, איז אים נישט אַריין אין קאָפּ, האָט ער נישט באַנומען. אָבער איצטער, דווקא איצטער, ווען אים ווילט זיך דאַווגען, קומען נת׳קעס רייד און זענען אים מבלבל. זיין פּשוטער שכל קאָן בשום אופן נישט משיג זיין צוליב וואָס עס האָט אַ גוישקער בלאַט געגעבן אַ גאַנץ באַשרייבעכץ וועגן אים, וועגן זיין בויד, און להבדיל וועגן דער „טומאה" וואָס שטייט אין שכנות מיט איר. וואָסער עוולה טוט ער דער „שטיינערנער פּריצהטע" מיט דעם וואָס זיין בויד שטייט לעבן איר? ער, אביגדור, מינערט פון איר כבוד? עס שטייט איר נישט אָן, אַז ער האָרעוועט דאָרט אַ גאַנצן טאָג, לעבן איר? און ווען אַפילו ער שפּייט אויס דריי מאָל ווען ער באַמערקט זי דורך די שפּאַרונעס פון דער בויד, איז וואָס? ווער ווייסט דערפון? בלויז גאָט אין הימל. ווייל אַזוי קומט עס איר. געננוג צרות האָבן „זיי" אָנגעטאָן יידן, די אַלע „היי־ליקע" זייערע! ער ווייסט דערפון. מוז ער זי נאָך אַכטן אויך? אָפּגעבן איר כבוד? פאַרוואָס קומט עס איר?

אין גרויסן עמוד־לייכטער האָבן די חלבנע ליכטלעך געשמאָלצן זיך אין אייגענער היץ, און דער „שויתי", באַדעקט מיט שויב־גלאָז, האָט אין אָפּשיין פון די קנויטן־פלאַמען אויסגעזען ווי ער וואָלט אין פייער זיך געפלאַקערט. דער בעל־תפילה, אַ געזונטער פורמאַן, אַ „קענער", האָט זייער געלאַסן געזאָגט די הויכע שמונה־עשרה — מסתמא, כדי נישט געשטרויכלט צו ווערן, און די מתפללים פון בעל־עגלהשן בית־מדרשל האָבן אין דביקות און ערלעך מיטגעקייעט מיט אים די שווערע ווערטער „וכל הזדים מהרה תעקר ותשבר ותמגר ותכלם ותשפילם ותכניעם במהרה".

פון שטענדיק אָן האָבן די דאָזיקע ווערטער אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן ווי אַ שרעקלעכער געבייזער אויף די רשעים וואָס טוען אויף דער וועלט אָן פיל שלעכטס. און וואָס עס איז געשריבן אין פוילישן בלאַט וועגן אים און זיין בויד איז נישט רשעות? וואָרעם, וואָס ווילן זיי? ער זאָל זיך אָפּטראָגן פון זייער „הייליקער"! וווהין זאָל ער זיך אָפּטראָגן? וווהין?

יאָ, און וואָס נאָך האָט נת׳קע אים אַרויסגעלייענט פון דעם בלאַט? זיי וואַרענען די פויערים, אַז זיי זאָלן נישט איבערטרעטן די שוועל פון זיין בויד, נישט פאַררעכטן ביי אים זייערע וועגענער, נישט פאַדקעווען ביי אים זייערע פערד. צו פוילישע סטעלמאַכעס שיקן זיי די פויערים, נאָר צו פאַ־ליאַקן און נישט צו אים! נו, דאַרפן זיי נישט איינבעמען אַ וויסטן סוף פאַר אַזאַ שרייבן? ניין, ניין! אביגדור וועט נישט רירן זיך פון אָרט! זאָלן זיי צונעמען די „טומאה" ווהין נאָר זיי ווילן. אדרבא, ער איז גרייט צו באַצאָלן וויפל נאָר עס וועט קאָסטן דאָס איבערפירן זי. אַבי ווייטער פון אים. זיין בויד שטייט אויף דעם אָרט אַ סך לענגער פון איר. דער טאַטע זיינער האָט זי באַקומען בירושה פון זיידן ווען די יידן האָבן אָנגעהויבן שטעלן די ערשטע הייזער אויף דער לעוואַרטאָווער גאַס. ווען ער איז געווען נאָך אַ קינד האָט ער עס אַליין פון זיידן געהערט. ניין! ער וועט נישט אָוועק פון זיין אָרט, וועט נישט מוותר זיין, קיין מאָל נישט!

צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע דאַוונערס האָט ער אויסגעטאָן טלית־און־תפילין און איז אַרויס פון בית־מדרשל, אַוועקגעלאָזט זיך צו דער לעוואַר־טאָווער גאַס וואָס האָט שוין פון לאַנג געהאַט אויפגעוואַכט. די טראָטואַרן זענען געווען פול מיט מענטשן וואָס האָבן געאיילט זיך צו דער אַרבעט, אין וואַרשטאַטן צי אין פאַבריקן אַריין. באַלד דערנאָך האָבן אויך סוחרים און קרעמערס באַוויזן זיך אין גאַס. לאַנגע שליסלען האָבן געקלונגען אין זייערע הענט ווי זייגערס וואָס קלאַפּן הויך אויס זייער גאַנג. יונגע קינדער זענען אַרויס פון זייערע שטיבער באַגלייט פון וואַרעמע מאַמעשע בליקן און האַרציקע ברכות זיי זאָלן באַגערן צו לערנען תורה. אַ סך פון זיי זענען געווען באַהאָנגען מיט טאָרבעלעך עסן, פלעשלעך טיי און נאָך אַנדערע גוטע זאַכן, מיטגעגעבן פון דער היים.

אביגדורס גאַנג צו דער בויד איז דאָס מאָל געווען אַ געלאַסענער. גע־גאַנגען און געחשבונט, געגאַנגען און געחשבונט. זייער לאַנג שטייט שוין די בויד זיינע, דאָרט נאָך דער „ראָגאַטקע." אָן אַ שיעור שפּאַרעס אין די ווענט. עס בעט זיך שוין צו לייגן נייע שינדלען אויפן דאַך, וואָרעם, אַז עס קומט סוכות־צייט רעגנט אַריין, אין ווינטער לייגט אַפילו זיך אָן שניי אין דער בויד און אין זומער ווידער ברענט די זון גוט גוט איבערן

קאָפּ. נאָר צוריקגעשמועסט, וואָס דאַרף דען אָרן אַן אָפּענער דאַך פון אַ בויד ? פאַרקערט, אַ מענטש וואָס שטייט אַ גאַנצן טאָג מיטן האַמער אין דער האַנט, מיט דלאָטעס, מיט צוואַנגען, שטייט געבויגן אין דרייען, האָט צו טאָן מיט גויים, קאָוועט זייערע פערד, פאַרטיקט אויס אַן אַקס, אַ ראָד, אַ דישעל, פאַר אַזאַ מענטש וואָס זיין גאַנץ היות באַשטייט אין כוח פון די הענט, אין גבורה פון גוף, יאָ, פאַר אַזאַ אייגעם איז גאָרנישט שלעכט אויפ־צוהייבן צו מאָל די אויגן צום הימל און וויסן, אַז דאָרט, אין דער הייך, זיצט טאַקע דער וואָס איז דער בעל־הבית פון אַלץ, פון כוח און פון שוואַכקייט, פון ווויל און — חלילה פון שלעכטס. נישט איין מאָל דאַכט זיך אים טאַקע, אַז פון דער בויד אויס איז נענטער דער וועג צום הימל, און, אַז ער וויל, רעדט ער זיך אַראָפּ ס׳האַרץ פאַר אים, טענהט אַפילו זיך אויס, מיט זיין לשון מיט וועלכן ער איז געוווינט.

ער איז געגאַנגען זייטיק, לעבן די הייזער־ווענט. אויף לעווערטאָווער גאַס האָבן פויערישע וועגעלעך, אָנגעפולט מיט הינער און אייער, פרוכטן און גרינוואַרג, גרויפּן און אַנדערע דאָרפישע פּראָדוקטן, געשלענגלט זיך איינס נאָכן אַנדערן ווי אַ מיליטערישע קאָלאָנע. די פויערים האָבן אַפילו נישט געדאַרפט אונטערטרייבן די פערד, קערעווען זיי, וואָרעם, פון גע־ווינהייט, און לויטן חוש האָט יעדעס פערד אַליין אויסגעשפּירט זיין יידישן הויף וווהין עס דאַרף פאָרפאָרן. צוקומענדיק נאָענט צו אים, האָט עס טאַקע היימישדיק אָנגעהויבן הירזשען, ווי אָנצוזאָגן די גוטע בשורה, אַז מען איז דאָ, אַז מ׳איז בשלום אָנגעקומען אין שטאָט.

ווען אביגדור איז סוף־סוף צוגעקומען נענטער צו דער ראָגאַטקע, איז אַן אָנגענעם ווינטל אים געקומען אַנטקעגן, האָט אים אָפּגעפרישט. ער האָט געוואָלט אַ ווײַלע זיך אָפּשטעלן, אָפּרוען, אָבער גערדיכטע רויך־קנוילן וואָס דער הויכער קוימען פון דער גרויסער מעטאַל־פאַבריק האָט אויסגעשפּיגן, האָבן אים אָוועקגעטריבן, און ער האָט מיטן אויסגעטראָטענעם וועגעלע אָוועקגעלאָזט זיך צו דער בויד זיינער. די רויך־קנוילן, מיטגעטראָגן נידע־ריק דורכן ווינט, האָבן פאַרנעפּלט דעם גאַנצן אָרום, זיינע טריט. עס האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט פּלוצלונג געוואָרן פאַרנאַכטלעך, טונקל, אָדער מען וואָלט בכוונה געוואָלט אים אָפּטאָן אַ שטיקל.

צו ערשט האָט דער גוף זיינער אַ טרייסל געטאָן זיך ווי אַדורכגעד גומען פון אַ וויסטער קעלט. די אַרומיקע ליידיקייט האָט אים אַזאַ שמיר געטאָן פאַר די אויגן, אַז די פּיס האָבן געגומען ברעכן זיך אונטער אים. ער האָט מורא געקראָגן, אַז די טלית־און־תפילין זאָלן נישט אַרויספאַלן חלילה פון זיינע הענט, האָט ער זיי פעסט צוגעדריקט צום אָרעם. אַ וויל־ דער אויסגעשריי האָט אַרויסגעריסן זיך פון זיין מויל און צוצעטראָגן זיך איבער די גרינע פליינען וואָס האָבן געשפרייט זיך אַרום און אַרום. זיינע אויגן האָבן געזוכט די בויד און זי איז נישט געווען. ווי זי וואָלט אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל און אַפילו נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ סימן. ער איז געשטאַנען אַ צעטומלטער. נישט געוווסט וואָס צו מאַכן מיט זיך. אין די ערשטע מינוטן, האָט ער געוואָלט איינרעדן זיך, אַז עפּעס איז דאָ אַ טעות, אַז אפשר האָבן די פיס אים אַוועק־ געפירט פון ריכטיקן אָרט, אַז ער איז געגאַנגען אין אַ שלעכטן וועג. פאַרבלאָנדזשעט, אָדער וועך ווייס וואָס. ווי אַ בלינדער האָט ער געשטרעקט די הענט פאַרויס, געוואָלט אָפּגעפינען די אבידה, די בויד, וווהין ער מוז אַריינגיין און טאָן זיין אַרבעט. אַזוי פיל אויסגעפּאַרטיקטע רעדער און זאָטלען, און האָלאָבליעס, און וואָס נישט? צי איז נישט אַ מאָל פאָרגעד קומען ביי נאַכט אַן ערד־ציטערניש, און ער ווייסט גאָרנישט דערפון? אביגדור האָט גוט צעעפנט די אויגן, און געזען לעבן זיך די „טומאה" — די „הייליקע". ניין! ניין! מיט איר האָט גאָרנישט פּאַסירט. בלויז זיין בויד איז אַוועקגעקומען, אויסגעריסן געוואָרן, אַן עק צו איר. ווי אַזוי איז עס מעגלעך? ווי אַזוי?

אַ האַרבסטיקע זון האָט אַפּערגעשאַרט זיך פון הינטער אַ וואָלקן און באַלויכטן מיט גאָלד די ברייטע פּאָלעס פון אביגדורס לאַנגער קאַפּאָטע. אויף אַ באַזינטן אופן האָט ער אָנגעהויבן באַנעמען וואָס עס איז געשען. די באַשרייבעכץ אין פּוילישן בלאַט איז אים אויסגעקומען קלאָרער, די כוונות זייערע — פאַרשטענדלעכער. ער האָט זיך אומגעקערט צו דער הייזקע מיט דער „הייליקער", אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן, און נישט זעענדיק קיין לעבעדיק נפש אין דער נאָענט, האָט ער אויסגעשפּיגן דריי מאָל צופוסנס דער סטאַטוע. „אויב אַזוי, האָט ער גערעדט צו איר, שטעקט

דיין האַנט אין דער מיאוסער מעשה. כ׳פּאַס דיר נישט — הייסט עס — פאַר אַ שכן, אמת? פּלוצלונג געגומען שעמען זיך מיט מיר, אָווּאַ, וואַ. איך שטיי דיר, הייסט עס, נישט אָן, טאָ לאָז, און איך וועל דיר אָנשפּייען אין פּנים אַריין, גלייך אין פּנים אַריין. טפו טפו טפו. אַט אַזוי — „שקץ תשקצנו ותעב תתעבנו כי חרם הוא" — אַז איינגעזונקען זאָלסטו ווערן ווי מיין בויד."

ער איז אָפּ פון דאָרט, האָט אויסגעפונען אַ בוימוואָרצל און אַוועקגעזעצט זיך. צו מאָל האָט ער באַלכסונדיק געקוקט צום הימל און בתמימות געמיינט צו פרעגן: און וואָס אַ שטייגער וועט אַזאַ אביגדור איצטער טאָן? נו, טאַקע, וואָס? פאַראַן אַ שטוב מיט קינדער, מען דאַרף זיי געבן צו עסן, און די בויד איז אַוועקגעקומען, אויסגעריסן געוואָרן, צי איינגעזונקען אין דער ערד. אויפן ערשטן טאָג־לעבן פון וואַנעט וועט ער נעמען? אָבער ביין, ער האָט די ווערטער נישט אַרויסגעבראַכט פאַרן מויל. בלויז די אומעטיקע בליקן זיינע האָבן שטומערהייט אויסגעשריגן זיין ווייען, געבעטן, אַז מ׳זאָל אים אָפּגעבן די אבידה, זיין אַלטע בויד, אַפילו אַזוי ווי זי איז, מיט די גרויסע שפּאַרעס אין די ווענט, מיטן צעלעכערטן דאַך, אַזוי ווי ער האָט זי געלאָזט ערשט נעכטן ווען ער איז גלייך נאָך דער אַרבעט, אַוועק אין בית־מדרשל אַריין צו מנחה־מעריב...

ס׳איז געוואָרן גרויסער טאָג און ער איז נאָך אַלץ געזעסן אויפן בוים־וואָרצל ווי אַן אָבל ביי וועמען מ׳האָט אָקערשט אַוועקגענומען דעם מת פון די אויגן. פייערישע וועגענער האָבן געשלעפּט זיך הין און קריק אויפן שאָסיי, אָבער ער האָט נישט אויפגעהויבן צו זיי די אויגן זיינע, געהאַלטן דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט, און די לאַנגע באָרד זיינע, האָט כמעט ווי אַנגערירט די ערד און אויסגעזען ווי אַ שוואָם וואָס אַ ליאַדע האַנט קאָן אַראָפּנידערן צו איר און זי אויסרייסן פון שטאָם.

ער האָט אַ קוק געגעבן אויפן זייגער, געזען, אַז ס׳איז שוין געגוג שפּעט און געלאָזט זיך צוריק אין שטאָט אַריין, איז געגאַנגען ווי אַ הילך, אַ וואַנדערער וואָס איז פון ווייטע מקומות אָנגעקומען אַ מידער אין שטאָט אַריין.

אביגדור איז נישט אַרויף צו זיך אין בוידעמשטיבל. ער איז אַוועק

אין זיין בית־מדרשל און געטראָפן אָפן די טיר. קיינער איז דאָרט נישט געווען, אחוץ אַן אָרעמאַן וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף אַ באַנק און געשלאָפן.

ער איז צו צו זיין ירושה־פּלאַץ, אָװעקגעזעצט זיך און אַריינגעקלערט צי ער איז נישט מחוייב נאָך אַ מאָל אָנצוטאָן טלית־און־תפילין, איבער־דאַווענען דאָס גאַנצע דאַווענען, ווייל אין דער פרי האָט ער אין זינען געהאַט דעם פּוילישן בלאָט וואָס נת׳קע דער שניידער, זיין שכן, האָט אים פאַר־געלייענט, און ווייל די טריפהנע „מאַמע״ זייערע האָט אים מבלבל געווען, אַריינגעמישט זיך אין יעדן וואָרט וואָס ער האָט אַרויסגעבראָכט פון מויל. ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, געהאַלטן די תפילה של יד און נישט אָנגעטאָן זי אויף דער האַנט. זיינע בליקן האָבן אַרומגעוואַנדערט איבערן בית־מדרשל, אָפּגעהאַלטן זיך ביים אָרון־הקודש וועלכן ער האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק אַליין אויסגעפּאַרטיקט און אַריינגעשטעלט. ער האָט נאָך אַ מאָל באַטראַכט זיין שניצאַרבעט און זי איז אים איצטער שטאַרק געפעלן געוואָרן. זיינע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. עטלעכע זון־שטראַ־לעכלעך זענען אַריין דורכן הויכן אָפענעם פענצטער און האָבן זיך איבער־געבראָכן אויף די צוויי לוחות מיט די עשרת־הדברות. האָבן די אותיות פון „אנכי״ און „לא יהיה לך״ זיך אָנגעצונדן אין אַ העליש פייער און ס׳איז געוואָרן ליכטיק אַרום און ווי מען וואָלט אין גאַנצן בית־מדרשל אָנגעשטעלט אַן אַ שיעור ברענענדיקע ליכט.

יחיאל גראַנאַטשטיין

## קאַפּיטל אַכט

אין שטיבל האָט מען הינטערן גלאָז פון „שויתי״ אַוועקגעלייגט אַ צעטל אויף וועלכן ס׳איז געווען אָנגעשריבן „חנה בת איטע לרפואה שלימה במהרה בתוך שאר חולי ישראל״. צווישן מנחה און מעריב האָט מען געזאָגט קאַפּיטלעך תהלים. אויך אין אַנדערע בתי־מדרשים אין שטאָט האָט מען געבעטן רחמים פאַר חנהלען, ר׳ מרדכי־פייבלס יונג טעכטערל.

די שטוב ביי די צווייגרייכס איז געשטאַנען אָפן ביי טאָג און ביי נאַכט. מענטשן זענען געקומען און געגאַנגען. אַנדערע זענען געבליבן נעכ־טיקן, האָבן געוואָלט העלפן מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט. אַלע האָבן געוווסט, אַז דאָס קינד איז זייער, זייער שלאַף.

„דער וואָס זיצט אין הימל קאָן העלפן אַפילו אין דער גרעסטער עת־צרה״ — האָט עמעצער פון דער משפחה אַ זאָג געגעבן אין דער לופטן אַריין, און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

„מען דאַרף גיין איינרייסן קברים — האָט חיה איטשע־בערס אָפּגע־ענטפערט דעם קול וואָס איז צו איר דערגאַנגען — כדי די וואָס רוען דאָרט זאָלן בעטן פאַר דעם יונגן שוועלבל״. שוין עטלעכע טעג ווי חיה האָט נישט אַרויסגערירט זיך פון ר׳ מרדכי־פייבלס שטוב, נישט געלאָזט איר חברטאָ־רין, איטען, אַליין, איז אַפילו נישט אַריין צו זיך אין שטוב אַ בליק טאָן וואָס עס טוט זיך דאָרט, איבערגעלאָזט אַלץ פאַר איר איטשע־בערן.

און אין קיך, אויף דער שמאָלער, הילצערנער שלאָפבאַנק האָבן פּעסעלע יעקב־אהרונס און יענטע, דאָס משרת, אויף זייער אופן באַווײנט חנהלעס שלאָפקייט. יענטע האָט שטאַרק געביטערט. „זי קאָן שווערן, אַז מען ווייסט גאָר נישט אויף לעווערטאָוועד גאָס וואָסער גוטע מענטשן עס זענען אירע בעלי־בתים. ממש, מלאכים אויף דער ערד, נישט אין הימל. ווער נאָך ווי זי ווייס עס אַזוי גוט? איז פאַרוואָס זשע פּעסעלע, קומט עס זיי? איר זענט דאָך עפּעס שטאַרק פרום, אַזוי זאָגט מען דאָ אין הויף, מען

דערציילט, אַז איר זאָגט יעדן טאָג אויס גאַנץ תהלים, טאָ ענטפערט מיר, כ׳וויל וויסן, פאַרוואָס קומט עס זיי? פאַרוואָס שטראָפט מען אַזעלכע גוטע מענטשן? האָ?״

פּעסעלע האָט געקליבן זיך אָנצושרייען אויף יענטען, דאָס דינסט־מיידל, וואָס פאַרשטייט גאָרנישט, וואָס האָט נישט געלערנט, וואָס קוקט נישט אַריין אין די הייליקע ספרים און רעדט רייד וואָס מ׳טאָר נישט הערן, וואָרעם וואָס איז שייך צו קומען מיט טענות־ומענות צום רבונו־של־עולם? פרעגן אים פאַרוואָס אַזוי און פאַרוואָס אַזוי? אָבער פון מורא, אַז זי קאָן זי נאָך חלילה פאַרשעמען מיט אַ וואָרט, האָט זי בלויז טיף אָפּגעקרעכצט סיי אויף חנהלעס קרענק און סיי אויף יענטען, וואָס פון אומוויסן, און אַוודאי פון געטריישאַפט צו איר בעלי־בתים, האָט זי גע־ברענגט פאַרן מויל רייד וואָס טאָרן נישט אַרויסגעזאָגט ווערן.

אַ צעבראָכענע שטוב. איטען איז נישט צו דערקענען. איר העל־לייכטנדיק פּנים האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ פאַרכמורעטקייט, אַיעדער שמייכל איז פון איר אַוועקגעקומען, גייט אַרום אין שטוב אָפּגעלאָזט, נישט אויפגעקעמט, די קליידער וואָס זי טראָגט — צעקנייטשט, צעקנאָדערט, פון נישט אויסטאָן זיך, פון נישט אַוועקלייגן דעם קאָפּ אין די נעכט. עס גייט איר גאָרנישט אָן. ווו זי גיט אַ טריט, לאָזט זי איבער אַ טרער, שעפּטשעט פון אויסנווייניק תחינות, רעדט צו פאַרשטאָרבענע טאַטע־מאַמע, פאַרלאַנגט פון זיי, אַז זיי זאָלן אויספועלן אַ ישועה פאַר זייער אייניקל, דער שווער קראַנקער חנהלען.

ר׳ מרדכי־פייבלען זעט מען כמעט נישט אָן אין שטוב. אָדער ער זיצט אָפּגעשלאָסן ביי זיך אין שרייבצימער מיט אַ ספר אין האַנט, צי ער זאָגט תהלים, אָדער ער געפינט זיך ביי חנהלעס בעט. אין די נעכט שיקט ער אַלעמען שלאָפן און אַליין וואַכט ער ביים קינד, ביז פאַרטאָגס. מען הערט נישט פון אים אַ קרעכץ, לאָזט די יסורים יערן אין זיך אַליין. סיי די זינד און סיי די שטראָף געהערן אויסשליסלעך אים, אַזוי האַלט ער, ווי עס שטייט געשריבן: „פּוקד עון אָבות על בנים״... ער פאַרשטייט דעם באַטייט, דעם יסוד דערפון.

שטאַרק צוגעבונדן איז ער צו חנהלען, האָט זי זייער ליב. ווען ער

זיצט ביי איר בעט, פירט ער זיין האַנט איבער איר אָנגעהיצטן שטערן, און, אַז קיינער שטייט דאָרט נישט, בייגט ער זיך צו נענטער צו איר און לאָזט איבער אויף אירע ווייכע בעקלעך אַ וואַרעמען קוש, אַ קוש פון אַ טאַטן... טייל מאָל נעמט חנהלע זיין האַנט אין אירער, שפּילט זיך מיט זיינע פינגער און אין מיטן דערין גליטשן זיך אַרויס פון אירע פלאַקער־דיקע אייגעלעך טרערן־קיילעכלעך ווי קרישטאָלענע קרעלן. בלויז אַ ווײַלע בלייבן זיי אַזוי ליגן אויף די באַקן און טריקענען גלייך אויס, ווי זיי וואָלטן געפאַלן אויף ברענענדיקן קויל.

*

שפּעט אין אָוונט האָט מען גערופן צו חנהלען אַ קאָנסיליום פון דאָקטוירים. זיי האָבן נישט לאַנג אויפגעהאַלטן זיך ביי חנהלעס בעט, זענען אַריין אין אַ צימער און פאַרמאַכט זיך. ווען זיי זענען אַרויסגעקומען פון דאָרט, האָבן זיי גערעדט אומקלאָר, פאַרשטעלט. זייערע רייד האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם פּחד. נאָך זייער אַוועקגיין האָט חנהלע דווקא געפילט זיך בעסער, איז געווען אויפגעלייגטער, האָט נישט באַקלאָגט זיך אויף ווייטיקן אין קאָפּ, געבעטן מען זאָל איר געבן עפּעס צו טרינקען און זי איז אַפילו לייכט אַנטדרעמלט געוואָרן.

אין מיטן דער נאַכט האָט חנהלע זיך איבערגעוועקט און געטראָפן דעם טאַטן, ווי תמיד, לעבן איר בעט.

„זאָג מיר טאַטעשי דעם אמת, נאָר דעם אמת, כ׳וועל נאָך געזונט ווערן?"

אירע אייגעלעך האָבן געגליט,ביידע פּנים־באַקן האָבן פלאַמיק געגלאַנצט. זי האָט צוזאַמענגעקאָרטשעט איר איינגעפאַלן, דאַר גופל, גענומען דעם טאַטנס האַנט, אַרונטערגעלייגט זי הינטער איר לינקער באַק און זי שטאַרק צוגעדריקט.

„אַוודאי, קינד מיינס, וועסטו געזונט ווערן. מיט גאָטס הילף, חנהלע".

„און וואָס ווערט מיט אַ קינד וואָס שטאַרבט?"

„מ׳טאָר נישט, חנהלע, אַזוי רעדן, חלילה!"

„און קינדער, לאָזט מען אַריין אין גן־עדן, טאַטעשי?"

חנהלעס רייד האָבן אים צעטומלט, פאַרווירט.

„פאַרוואָס ענטפערסטו מיר נישט, טאַטעשי? קינדער האָבן אויך זינד? זיי ווערן באַשטראָפט, נאָכן שטאַרבן?"

„אַלע מענטשן וואָס טוען גוטס אויף דער וועלט קומען אין גן־עדן, אָבער זיי גייען אַוועק פון דאַנעט, ערשט ווען זיי ווערן זייער, זייער אַלט. קינדער לעבן אַ סך אַ סך ביז זיי ווערן אַלט."

„און איך האָב עבירות, טאַטעשי? ווען איך האָב געשפּילט מיט די קינדער אין הויף, האָב איך נישט שטענדיק געזאָגט דעם אמת, כ'געדענק נישט טאַטעשי, ווען ס'איז געווען, אָבער כ'ווייס, כ'ווייס..."

חנהלעס פאַרשנדיקע בליקן זענען צוגעפאַלן צו ר' מרדכי־פייבלען ווי אַ פאַרוואָרפענע נעץ פון וועלכער ער האָט געוואָלט זיך באַפרייען און ס'איז אים נישט געלונגען. חנהלע האָט ווידער איינגעדרימלט אויף אַ ווײַלע און איז צוריק אויפגעקומען.

„וואָס זאָגסטו, טאַטעשי, מיט די ליפּן, פון אויסנווייניק?"

„תהלים זאָג איך, פאַר דיין געזונט ווענן. ס'איז אַ סגולה."

„מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז מיר טאַקע אַ ביסל גרינגער, כ'פיל זיך בעסער, טאַטעשי."

„אויב אַזוי, וועסטו אפשר אויף גוט איינשלאָפן!"

„כ'מיין אויך אַזוי, וויפל איז דער זייגער, טאַטעשי?"

„נאָך דריי."

„האָסט אַפילו נישט צוגעלייגט זיך, פאַרוואָס אַזוי?"

„נאָך דעם ווי דו וועסט איינשלאָפן, וועל איך זיך צושפּאַרן."

חנהלע האָט אומגעקערט זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט, און נאָך אַ רגע, צוריק אויסגעדרייט זיך צום פאָטער.

„כ'האָב דיר נאָך נישט דערציילט, טאַטעשי, אַז אַ נאַכט פריער, אָדער אפשר גאָר, נאָך היינט ביי טאָג, ווען כ'האָב איינגעדרעמלט האָט זיך מיר געחלומט, אַז מיר קלייבן זיך פאָרן קיין ארץ־ישראל. אַלע האָבן געפּאַקט די זאַכן און איך האָב אויך אַלע מיינע קליידער געלייגט אין אַ גרויסער, גרויסער וואַליזע. אַלץ איז אַריין אין איר. אַלץ. נו, טאַטעשי, מיר וועלן

טאַקע פאָרן אַהין? אויף אַן אמת? איך וויל אַזוי שטאַרק, אַזוי שטאַרק..."

„מירן נאָך זען. קודם־כל זיי געזונט, חנהלע."

„טאָ בייג זיך צו, טאַטעשי, איך וועל דיר געבן אַ קוש און גלייך איינשלאָפן."

„און אויפשטיין געזונטערהייט."

„און דו אויך. לייג זיך צו, טאַטעשי, שוין אַזוי שפּעט, אַזוי שפּעט"...

*

אַ ביטער געקלאָגעריי האָט אים אויפגעוועקט, און אין דער ערשטער מינוט האָט ער אַפילו נישט געדענקט ווען ער איז אַוועק פון חנהלעס בעט און פון וואַנעט ער האָט זיך דערנומען אין שרייבצימער, אויף דער שמאָ־לער סאָפקע.

„רחמים, ר ח מ י ם — — " איבער אַלע שטיבער האָט געטראָגן זיך איטעס געשריי. זי איז אַראָפּ אין הויף אַריין, האָט איבערגעוועקט שכנים, געשטערקט די הענט צום הימל וואָס האָט אָנגעהויבן בלויען, געוואָלט דאָרט דערהערט ווערן.

פאַרוויקלט אין שאַל, די הענט פאַרבראָכן, איז זי אַריין אין שטיבל אין אַ געוויין, איז צו צו די פּאָר יידן וואָס האָבן שוין דאָרט זיך געפונען און גערופן, נישט מיט איר קול — — — „תהלים, ת ה ל י ם פאַר מיין קינד, ת ה ל י ם — — — "

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און דאָס שטיבל איז געוואָרן פול מיט מענטשן, מיט שכנים פון הויף און פון נאָענטע הייף אויף לעווער־טאָווער גאַס, מיט מענטשן וואָס האָבן דערוווּסט זיך וואָס עס געשעט ביים גרויסן גביר אין שטוב. איטשע־בער דער גבאי האָט אָנגעצונדן אַ סך ליכט, צעשטעלט זיי ביים עמוד און אויף די טישן. אַליין איז ער צו צום עמוד־שטענדער און אָנגעהויבן זאָגן קאַפּיטלעך תהלים.

מיט פאַרכטיקע טריט איז איטע אַליין צו צום אָרון־הקודש, האָט געעפנט די טירלעך, אַוועקגערוקט מיט דרך־ארץ דאָס פּרוכת, אַריינגע־שטעקט דעם קאָפּ איבעווייניק און אַריינגעוויינט וויפל זי האָט נאָר געהאַט כוח, געבעטן פאַר איר קינד. די מענער זענען געשטאַנען אָפּגערוקט אין

אַ זייט, בלויז איר מרדכי־פייבל האָט זיך געפונען לעבן איר, איז געשטאַנען פאַרצאָגט און פאַרוויינט ווי זי.

אויפן וועג צוריק אַרויף אין שטוב אַריין, נאָך אין טויער, האָבן זי אָפּגעוואַרט חיה איטשע־בערס און פעסעלע יעקב־אהרונס. זיי האָבן איטען גענומען אונטערן אָרעם און צוזאַמען אַוועקגעלאָזט זיך צום „גוטן־אָרט."

עס איז נאָך געווען זייער פרי ווען זיי זענען אַהין אָנגעקומען, נאָר, אַז דער יידישער שומר האָט דערזען דעם גביר צווייגרייכס ווייב פון לעווערטאָווער גאַס, געפירט דורך אירע צוויי חברטעס, האָט ער פאַר־שטאַנען, אַז עפּעס אויסטערלישעס איז אַוודאי געשען און אויפגעשלאָסן שנעל דאָס טויער, אַריינגעלאָזט זיי אינעווייניק.

חיה איטשע־בערס, אַ געניטע אין „לויפן־בעטן" אויף קברים, האָט קודם־כל צוגעפירט איטען צו די מצבות פון אירע עלטערן, דערנאָך — צו זיידעס און באָבעס, צו גוטע פריינד, צו נשים־צדקניות מיט וועלכע זיי זענען געזעסן צוזאַמען ביים דאַוונען און זענען אַוועק אויפן עולם־האמת. צום סאַמע לעצט איז איטע אַליין אַריין אין אוהל פון „תורת אמת" און האָט דאָרט אַריינגעשריגן אין קבר אַריין, אַראָפּגערעדט צום פאַרשטאָר־בענעם צדיק ווי צו אַ לעבעדיקן און ווי זי וואָלט געשטאַנען ביי אים אין שטוב. „דו קאָנסט אַלץ אויספועלן. מיין טאַטע עליו השלום איז געווען דיינער אַ חסיד. האָט געטאָגט און געגעכטיקט ביי דיר, אַלע שבתים און אַלע ימים־טובים. די מינדסטע זאַך נישט געטאָן אָן דיך צו פרעגן: טאָ באַמי זיך, הייליקער צדיק, מען זאָל אין הימל שענקען יאָרן מיין אָרעם שוועלבעלע וואָס האָט נאָך גאָרנישט געזינדיקט, וואָס איז ריין ווי דאָס ליכט וואָס דו האָסט אַליין באַשאַפן."

זייער לאַנג האָט זי אויפגעהאַלטן זיך אין אוהל, לענגער ווי ביי אַנדערע קברים. און ערשט, אַז זי האָט דערשפּירט, אַז די כוחות גייען ביי איר אויס, אַז דאָס האַרץ איז שוין באַלד אויסגעהוילט, אַז דאָס מויל איז טרוקן און עס קאָן שוין פון אים אַפילו אַ צעבראָכן וואָרט נישט אַרויס, האָט זי זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט זיך, גערופן די חברטעס און געלאָזט זיך צוריק אַהיים.

זי האָט נישט מער ווי געעפנט די טיר און איז אַנידערגעפאַלן. אויף

דער ערד, באַדעקט מיט אַ ליילעך איז געלעגן דאָס קליינע גופל פון חנהלען. אַ קנוילעכל, נישט מער. צוויי ליכט האָבן געברענט און עטלעכע מענער, און ר׳ מרדכי־פייבל צווישן זיי, האָבן געזאָגט צידוק־הדין אין אַזאַ טרויעריקן ניגון וואָס האָט געדאַרפט אַרויסבאַגלייטן דעם מלאך־המוות, נאָך דעם ווי ער האָט אויסגעפירט זיין שליחות.

„אַזאַ יונג קינד” האָט פּעסעלע שטיל געשעפּטשעט, געווישט די ליפּן און געזאָגט: „ברוך דיין אמת”. אין זיינע הענט איז אַלץ. וויל ער גיט ער, וויל ער נעמט ער צוריק.”

„אין גן־עדן זאָל זי רוען” — האָט חיה אונטערגעהאַלטן.

„אַ מליץ־יושר זאָל זי זיין פאַר דער גאַנצער משפּחה, פאַר אַלע” — האָט אַן אַנדערע שכנה פון הויף אויך געוואָלט זאָגן אַ גוט וואָרט און אַריינגעשלוכצט אין אירע צוויי האַנט־פלאַכן מיט וועלכע זי האָט פאַר־שטעלט דאָס פּנים ווי פריייטיק פאַר נאַכט ביים ליכט־צינדן.

„אין וועמעס זינד? אדרבא, זאָגטס, אין וועמעס זינד, האָט יענטע אַ פרעג געטאָן פּעסעלען וואָס איז געשטאַנען לעבן איר, פאַרוואָס קומט עס זיי, אַזעלכע גאָלדענע מענטשן? האַ? זאָגט מיר, ענטפערט מיר!”

## קאַפּיטל נײַן

ליבעלע די מילכיקערין און די אַלטע נעכע — צוויי שכנות, איינע לעבן דער אַנדערער, און חברטעס שוין אַ סך יאָרן, האָבן נישט געקאָנט לאַנג בלייבן ברוגז. אין זייערע שטיבער איז זייער ענג, עס קומט קיין לופט נישט אַריין, די ווענט נעצן ביי זיי פון אייביק אָן, איז, אַז עס קומט שבת נאָכן עסן, פאַרנאַכט־צו, ווו זאָל מען זיך אַהינטאָן, אויב נישט אַרויסגיין אין גאַס, אַוועקזעצן זיך אויף אַ שוועל, „כאַפּן אַ ביסל לופט", אַ שמועס טאָן מיט אַ נאָענטן מענטש וועגן דעם וואָס עס איז זיך פאַרלאָפן אין דער פאַרגאַנגענער וואָך? אָדער, כדי סתם אַראָפּצורעדן זיך פון האַרץ?

נאָר איבערגעוועקט זיך פון שלאָף, האָט ליבעלע זיך צונויפגענומען און אַוועקגעשפּאַנט מיט אירע קורצע אויסגעקרימטע פיס צו דער אַלטער נעכע, האָבן זיך איבערגעבעטן, געקושט זיך עטלעכע מאָל איבער די באַקן און פאַרקייענדיק אַ פּאָר באַניקערן, זענען זיי פון נעכעס פינצטערן אַלקער אַרויס אויף אַ שבתדיקן שפּאַציר. זיי האָבן זיך געפירט געאָרעמט, ווי שטענדיק, ווי עס וואָלט גאָרנישט געווען צווישן זיי, זענען געגאַנגען גע־לאָסן איבערן שטיינערנעם ברוק ביז צו דער לעווערטאָווער גאַס. צוקו־מענדיק צו בערלס געשלאָסענער שענק, האָבן זיי אַוועקגעזעצט זיך אויף דער ברייטער שטיינערנער שוועל און אָפּגעדעכעט.

נעכע איז געזעסן צוזאַמענגענומען, אַרומגעהילט און האָט געשוויגן. נאָכגעקוקט דעם יונגוואַרג וואָס האָט אַראָפּגעשפּאַצירט צו דער „ראָגאַטקע" כדי פון דאָרט אַוועקצולאָזן זיך אין די יונגע וועלדלעך אַריין הינטער דער שטאָט. עס האָבן ביי איר אויפגעטייעט געדעכענישן פון ווייטע פאַרגאַנ־גענע יאָרן ווען אויך זי האָט אין אַ שבת פאַר נאַכט געפלעגט צוזאַמען מיט חברטעס אַראָפּלאָזן זיך מיט דער לעווערטאָווער גאַס ביז צו אביגדור דעם סטעלמאַכס בויד און פון דאָרט, מיט די אויסגעטרעטענע וועגעלעך, אַריין אין די יונגע סאָסנע־וועלדלעך און פאַרברענגען דאָרט ביז זון־אונטערגאַנג און טייל מאָל אַפילו נאָך לענגער...

דאָס הילכיקע געלעכטער פון דעם יונגוואַרג וואָס האָט פאַרבייגע־שלייכט זיך לעבן דער שוועל, האָט אין אירע אויערן אָפּגעקלונגען ווי אַ ווייט געזאַנג, אַ פאַרגעסענער שבת־ניגון ביים טאַטנס טיש, און דאָס האַרץ איז אין איר אויפגעגאַנגען, די ווייכע באַקן־הויט וואָס איז לויז נאָכגעהאָנגען פון בײדע זייטן פּנים ווי אויסגעליידיקטע פּאַפּירענע בײטעלעך, האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ פרישקייט, אַזאַ צאַפּלדיקייט.

נעכען איז גוט געווען אין איר שווייגן. האָט נישט צוגעלאָזט צו זיך אירע וואָכעדיקע דאגות וועגן איינשאַפן זיך פרישע קונים פאַר אירע בעטשטעלעך און קעמעלעך, טאַשמעס און חלבנע ליכטלעך, צי אַנדערע קלייניקייטן וואָס זי טראָגט אַרום אין שטיבער צום פאַרקויפן כדי נישט צו דאַרפן אָנקומען חלילה צו קינדער. און דערפאַר טאַקע, ווייל זי האָט נישט געוואָלט פאַרנעמען איר קאָפּ מיט קיין וואָכעדיקע טראַכטענישן, האָט זי אַ הנאה געהאַט פון איינקוקן זיך אין די צעשטראַלטע יונגע פּנימער, וואָס האָבן זי איבערגעטראָגן צו אירע מיידלשע יאָרן, צו בענקשאַפטן און חלומות וואָס האָבן קיין מאָל זיך נישט פאַרווירקלעכט.

ליבעלע האָט געטאָן כל מיני תחבולות אַרויסצופירן די אַלטע נעכע פון איר שווייגעניש, געוואָלט, אַז זי זאָל לפּחות צוהערן זיך צו דעם וואָס זי וויל איר דערציילן. זעקס טעג אין דער וואָך שלעפּט זי זיך אַרום מיט די קאַנען־מילך, דער עיקר אויף לעווערטאָווער גאַס, הערט זיך צו און זעט זיך אָן כל־מיני־זאַכן וואָס טוען זיך אָפּ אין שטיבער, ביי שיינע משפחות. ווילט זיך איר נישט זיצן סתם אַזוי אויף דער שוועל און גלאָצן מיט די אויגן, נאָכקוקן אַזוי גיריק דעם צעבאַלעוועטן יונגוואַרג, אַז עס פּאַסט גאָרנישט פאַר אַ גבאיטע.

זי האָט אַ ריס געטאָן נעכען פאַר דער האַנט ווי אויפצוּוועקן זי פון שלאָף.

„צ׳הערט ? יעך קום דאָרט אַריין יעדן טאָג, און וואָס זעען די אויגן ? אַ צעבראָכענע, צעלאָמיעטע שטוב. נישט דעם אומגליק וואָס ס׳איז דאָרט געשען מיטן טעכטערל, מיין איך. וואָס גאָט וויל מאַכט ער. יעך מיין עפּעס אַנדערש... צ׳הערט ? פאַרוואָס נעמט אַזאַ אָנגעשטאָפּטער גביר און שלעפּט זיך אַרוּעק קיין פּאַלעסטינע ? פאַר שווילטאָג ? פאַר נחת ? אַז אָך און וויי

צו אַלע גוים. צ׳ווייסט כאָטש נעכעשי, יוכבד, זייער עלטסטע טאָכטער, כ׳קען דאָך דאָרט אַלע קינדער ביי די נעמען זייערע, נו, וואָס זאָל׳ך אייך דערציילן? ביז איבערן קאָפּ איז זי „פּאַרליאַפּעט” אין קלוגערס יונג וואָס וווינט ביי זיי אין הויז? צ׳הערט? נישט מער און נישט ווייניקער! און אַ גויעץ איז ער — שוין איין מאָל! רעדט גוישק מיט אייגענע טאַטע־מאַמע, הערטס, הערטס, מען זאָגט, יעדן האָב עס נישט געזען, אַז ער גייט אין גאַס אין בלויזן קאָפּ! וואָס זאָל אַזאַ ייד טאָן, אויב נישט כאַפּן און אַנטלויפן אין צווייטן עק וועלט, אַז די בושה זאָל נישט זיין אַזוי גרויס?

די אַלטע נעכע האָט נאָך מער איינגעהילט זיך, צוזאַמענגעקאָרטשעט זיך. זי ווייסט נישט ווייניקער פון ליבעלען וואָס עס טוט זיך ביי די צווייג־רייכס. זי קומט אַריין מיט איר קיישל גאַלאַנטעריע־זאַכן צו דער איוואַנ־געראָדערין, און זי וווינט אין צווייגרייכס הויז, לערנט מיט דעם רייכן בעל־הבית׳ס דינסט לייענען און שרייבן יידיש, זיצט דאָרט אָפּ שעהען לאַנג, קיין שום זאַך איז פון איר נישט פאַרהוילן. נו, טאָ איז וואָס? וואָס איז דאָ צו רעדן פון יענעמס שאַנד? פון יענעמס אַ צרה? און וואָס איז דען אויב יוכבד גייט אַרום מיט קליגערס זון? אויב זי וועט אַפילו מיט אים חתונה האָבן? זי האָט שוין פון לאַנג געמעגט הערן דעם „הרי את”. אויף וואָס און אויף וועמען איז דאָס וואַרטן אירס? און אַחוץ דעם, וואָס טויג נישט שליאַמעק קליגער? — אויך צו זיי קומט זי, נעכע, אַריין — ר׳איז געלערנט, קלוג, שיין און ווויל. יאָ! אַז עס וועט באַשערט זיין וועט דערפון טאַקע ווערן און די וועלט וועט נישט אונטערגיין.

וועגן דעם אַלעם האָט נעכע בלויז געטראַכט ביי זיך אין האַרצן, אָבער נישט אַרויסגעבערענגט אַ וואָרט פון מויל, און נישט בלויז זי האָט געוווייכט פון צו רעדן וועגן דעם, נאָר האָט אַפילו אָפּגעדעקט דאָס פּנים פון די צעפּלאָשעטע שייטל־האָר, אַנגעבויגן זיך צו ליבעלען און איר גע־זאָגט אויפן אויער: „די צונג פון אַ מענטש איז רויט ווי דאָס פייער פון גיהנום, און אויב מען לשון־הרע׳וועט אָן אויף דער וועלט, ווערט מען אויף יענער וועלט פאַרברענט אין פייער וואָס מען מוז אַליין פאַר זיך אָנ־צינדן.”

ליבעלען האָבן גוט געקרענקט נעכעס רייד, און פון דעסט וועגן האָט

זי דאָס מאָל איר פֿאַרשוויגן, נישט געוואָלט מיט איר חברטע ווידער אייג־רייסן. ערשט נאָך אַ ווײַלע, האָט זי געשווירן זיך, אַז זי זאָל אַזוי רײַן זײַן פֿון שלעכטס, אַז זי האָט חלילה נישט געהאַט קיין שום כוונה אויסצו־רעדן אויף די צווייגרייכס, און, אַז זי האָט בלויז גערעדט וועגן דעם וואָס די אויגן זעען און די אויערן הערן זיך צו. דאָס איז אַלץ. נישט מער.

לעצטע רעשטלעך פֿון שבתדיקן טאָג האָבן אין צווישן אָנגעהויבן זיך טוקן אין גאָלדיקע זון־פֿלאַמען. פֿאַרגאָסן מיט שקיעהדיקער זון האָבן די ברייטע בלעטער פֿון די קאַשטאַן־ביימער לענג אויס די טראָטואַרן פֿון דער לעווערטאָווער גאַס, אויסגעזעזן ווי אָנגעצונדענע לאַמטערנעס צעהאַנגענע אויף די צווייגן צוליב עפּעס אַ יום־טוב וואָס די שטאָט גרייט זיך צו פֿייערן מיט גרויס פּאַראַד.

ליבעלע האָט פֿון לאַנג שוין געהאַט „צורו" געלאָזט די צווייגרייכס און דערמאָנט נעכטן, אַז ווען בערל דער שענקער, האָט מיט עטלעכע טעג צוריק אומגעקערט זיך פֿון פּאַלעסטינע, זענען זיי ביידע געשטאַנען אויף דער גאַס און מיט זייערע אויגן געזען ווי אַראָפּגייענדיק פֿון דער דראָזשקע וואָס האָט אים צוגעפֿירט פֿאַר זײַן שטוב, האָט ער אויסגעצויגן זיך אויפֿן טראָטואַר און געקושט די שטיינער ממש מיט די ליפּן. „ווי אַזוי נעמט אַ מענטש און טוט אַזאַ זאַך? ר'איז אַראָפּ פֿון זינען? אַוועקלייגן זיך אויף אַזאַ טריפֿהנער ערד און קושן זי? עט, זייער מיאוס, זייער."

ביי נעכטן זענען געקומען טרערן אין די אויגן, האָט זיך דערמאָנט אין „צאינה־ראינה" ווו עס ווערט באַשריבן דער חורבן בית־המקדש צוליב די זינד פֿון די קינדער פֿון פֿאָלק ישראל אין יענער צייט און זי האָט געטראַכט, אַז ווער ווייסט צי דאָס דריטע בית־המקדש וואָס דאַרף אויפֿגעבויט ווערן, אויך ווי עס שטייט דאָרט געשריבן, ווערט נישט אויפֿגעהאַלטן, צוליב אַזוינע מענטשן טאַקע וואָס קושן פֿרעמדע ערד, אָדער אַפֿילו נישט די ערד, נאָך קושן די גויים אין די הענט, זענען באַפֿריינדעט מיט זיי, קומען צו זיך, מישן זיך אויס. ווער ווייסט?

אין געאייל האָבן זיי פֿאַרלאָזט די שוועל פֿון בערל שענקער, און געאָרעמט, געגאַנגען צוריק אַהיים, צו זיך, צום בידנעם געסעלע זייערן, לעבן „טויטן־בריקל". זיי האָבן נישט באַוויזן אַרויסצוקומען פֿון דער

לעווערטאָווער און פון יידישע שטיבער האָבן שוין געטראָגן זיך הבדלה־דיקע בשמים־ריחות פון זאַנגוויל און נעגעלעך, פון זאַפּרען און לאָרבער־בלעטער.

„גוט וואָך״ — האָט פון אַ צעעפנט פענצטער אַרויסגעשאַלט אַ ברכה צו אַ באַקאַנט פּנים וואָס איז גראָד אונטערגעקומען.

„אַ גוטע, לעבעדיקע וואָך״ — איז צוריקגעפאַלן אַ ברכה פון דער גאַס אין שטוב אַריין און מען האָט זי דאָרט אויפגענומען מיט וואַרעמ־קייט, מיט אַ סך האַרציקייט וואָס האָט אַזוי אויסגעצייכנט די אָרעמע יידישע געסעלעך און זייערע איינוווינערס.

„אַ גוטע, געזונטע וואָך, אַ מזלדיקע וואָך״ — האָבן ליבעלע און די אַלטע נעכע געווונטשן איינע דער אַנדערער, פאַרגעסן די שטעכ־ווערטער וואָס זיי האָבן אַרייַנגעזאָגט זיך, וויסנדיק גוט, אַז ווי שטענדיק, וועט נאָך אַ וואָך פון שווערער פּראַצע, ווידער קומען אַ שבת פון מנוחה און זיי וועלן ביידע וועלן אַרויסכאַפּן זיך פון דער ענגעניש, פון דער טוכלע, אַרויסשפּאַצירן אויף דער לעווערטאָווער, אַוועקזעצן זיך אויף דער שוועל פון בערלס שענק, אַזאַ ברייטע שוועל און גוטע צום זיצן, און ווי תמיד, ווי יעדן שבת פון אַ גאַנץ יאָר, וועלן זיי איינע פאַר דער אַנדערער אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ און אויך איבערדערציילן זיך וואָס מען האָט אָנגעהערט און אָנגעזען זיך אַ גאַנצע פאַרגאַנגענע וואָך.

## קאַפּיטל צען

שבת צו נאַכטס, גלייך נאָכן אומקערן זיך אַהיים, האָט בערל ניישט געעפנט זיין שענק. די לאָדנס און די ברייטע פאָדערשטע אַריינגאַנג־טיר זענען געבליבן צוגעמאַכט. גרויסע שלעסער זענען אַראָפּגעהאָנגען פון די אייזערנע שטאַבעס. אינעווייניק, אין דער שענק גופא, איז אָנגעגאַנגען אַ גרויס פאַרעניש. די צוויי קעכינס, שטענדיק פריי פון זייער אַרבעט ביז זונטיק אין דער פרי, זענען באַשטעלט געוואָרן דורך בערלען צו קומען שבת פאַר נאַכט, גלייך מיט זון־פאַרגאַנג. ווי נאָר ס'איז געוואָרן אויס שבת, האָבן זיי פאַרשאַרצט די אַרבל און גענומען זיך צו דער אַרבעט, געקאָכט, געפּרעגלט, געבאַקן און געבראָטן.

בערל און זיין ווייב חייטשע, האָבן געגרייט די טישן, געדעקט זיי מיט ציכטיקע ווייסע טישטעכער ווי צו אַ חתונה־מאַלצייט, אָנגעשטעלט אויף זיי כל־מיני־געטראַנקען, צוגערוקט צו יעדן טיש־ווינקל אַ גרויס פעסל ביר פאַרשטעקט מיט אַזאַ מעשענער רער און געבויגענעם קראַן ענלעך צו אַ פּלייט וואָס וואַרט אויפן מוזיקאַנט ער זאָל אים נעמען אין מויל אַריין און אויפשפּילן עפּעס לעבעדיקס.

די איינגעלאַדענע זענען אַריין אין שענק דורך דער הינטערטיר. געקומען איז דאָס „אייבערשטע פון שטייסל" פון יאַטקע־געסל: אָנגעזעענע קאַניוכעס, בעלי־עגלות פון דראַבניאַסטע וועגענער און פלאַט־פאָרמעס, די חשובסטע קצבים און אויך די גבאים פון קצבישן בית־מדרשל. אַלע זענען געווען שבת־יומטובדיק אָנגעטאָן: אין ווייסע, אָדער קאָלירטע העמדער מיט אויסגעלייגטע קעלנער, ברייטע באַניאַסטע הויזן, על פּי רוב געקעסטלטע, אַריינגעלאָזט אין שפּיגל־גלאַנציקע שטיוול ווי ביי קאַוואַלעריע־אָפיצירן. די האָר ביי זיי — אויפגעקעמט, גלאַנציק אָנגעשמירט און געשמעקט האָבן זיי מיט ריחות פון קעלניש וואַסער וואָס האָט געקיצלט אין נאָז. די פרישע אָפּגעראַזירטע פּנימער, באַזונדערס פון די קצבים און די רויטע נאַקנס זייערע האָבן פון שטייפקייט אונטער־

געציטערט. ביי אַנדערע, מער אויסגעפּראַנטעוועטע, האָט אַ דין וואָנצעלע געקלעפּט אויף דער אייבערשטער ליפּ ווי אַ שטריקל געטונקען אין סאָזשע וואָס אַ שטוב־מאָלער ציט אָן אויף אַ וואַנט כדי צו מאַכן אַ שלאַק.

אויסגעסטראָיעט זענען געווען די ווייבער־געסט. זיי זענען געווען באַהאָנגען מיט בראַזלעטן, דיקע גאָלדענע קייטן, בלישטשנדיקע שפּילקעס פאַרשטעקט טיף אין די האָר ווי גאָפּלען — אויסגעזעצטע אין פאַלשע בריליאַנטן.

עס האָט געָרנישט לאַנג געדויערט און בערלס שענק האָט געפּאַרעט ווי אַ קעסל. די רויט־צעפלאַמטע פּנימער פון די זיצנדיקע אַרום טיש זענען געווען ענלעך צו פלייש־שטיקער וואָס דעמפּן זיך אויפן פייער. פון אַלץ און פון אַלעמען האָט געדונען אַ שווייס, אַפילו אויך פון די אין אייל געפּאַרבטע ווענט. די צוויי קעכינס האָבן אָנגעשטעלט אויף די טישן געררייכערטע פליישן, צוגעברוינטע קלאָפּסן, רויטע צינגער, און ברוסט־פלייש פון וועלכן דאָס פעטס איז געדונען ווי קוואַליקע טרערן. צוגעסמאַ־ליעטע קאַטשקעלעך, טובלנדיק זיך אין בראָטיויך, אין גרויסע, טיפע וואַזעס, האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן דאָרט לעבעדיקע אַרומגעשווימען און אַליין פון זיך שטאַרק אַ הנאה געהאַט.

בערל איז געגאַנגען פון איין טיש צום אַנדערן, אויסגעפרעגט זיך צי עס פעלט קיינעם גאָרנישט, צי מען וויל אפשר נאָך אַ פּאָרציע פלייש, קישקע, צי געטראַנק. פאַר איין וועגס האָט ער שוין, ווו נאָר ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, דערציילט ווי פּאַלעסטינע זעט אויס אויף אַן אמת — וויסטע ערד, פאַרוואָרלאָזטע, נאַקעטע פעלזן־בערג, אַ פלאַקערדיקע גיהנום־זון, און מידבר־ווינטן וואָס ברענען אויס די אויגן צוליבן פייער־שטויב וואָס זיי ברענגען מיט זיך.

„אַ ביטער רחמנות דאָרט אויף די מענטשן. ס'רוב פון זיי הונגערן לחלוטין און אַנדערע אַרבעטן אויף די שאָסייען, פלאַסטערן וועגן, שלעפּן שטיינער, אָדער זענען באַשעפטיקט ביי בוי־אַרבעט, טראָגן אויף די פּליי־צעס זעקלעך צעמענט, זאַמד, ציגל, און ווערן פאַרברענט אונטער דער פייערדיקער זון. כמעט אַלע וואָלטן זיך צעלאָפן, צוריקגעקומען, נאָר זיי האָבן נישט אויף הוצאות אַהיים, אָדער זיי שעמען זיך עס צו טאָן. אים

אַליין איז געשען אַ נס — האָט ער אַ זאָג געגעבן צו זיינוול „דרייקאָפּ״ לעבן וועלכן ער איז געשטאַנען — נישט געלאָזט זיך דאָרט פאַררעדן דעם דאַשעק. אָבער דער עיקר האָט ער צו דאַנקען זיין חייטשען וואָס האָט אים באַפוילן, אַז אויב גייט ער נישט אַרויף אויף דער שיף און קומט נישט גלייך צו פאָרן, וועט זי אָפּטאָן זיך אַ מעשה.״

ביי זיינוולען איז די שווערע געגדזענע פולקע אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט, האָט אַנגעקלאַפּט זיך אין אַ פלאַש בראַנפן און זי צעבראָכן. ער איז אַרויס מיט אַ געלעכטער און הינטער בערלס פּלייצע אַ קאַלויטשע געטאָן: „נו, גלייבט אים, חברה, דערשראָקן זיך פאַר חייטשען... מורא געקריגן, אַז זי וועט אָפּטאָן זיך אַ מעשה... אָווא, ווא, גאַרנישט געוווּסט, אַז ער ווערט אַזוי שטאַרק נתפּעל פון איר... אַז אַלץ וואָס זי זאָגט איז ביי אים אַזוי הייליק, אָווא, ווא, נישט געוווּסט...״

בערלס פּנים האָט אָנגעצונדן זיך פון כעס, אַ סימן, אַז ער האָט געהערט וואָס זיינוול האָט אַ זאָג געגעבן הינטער זיין פּלייצע. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אָן לשון און, אַז ער האָט אָפּגעפונען צוריק זיין גלייכ־וואָג, האָט ער נישט געוואָלט זיינוולען בלייבן שולדיק אַ חוב.

„מעגסט פון מיר חוזק מאַכן, ביסט מיין גאַסט, דאַרף איך דיך אָרנט־לעך באַהאַנדלען, אָבער הער מיך צו „דרייקאָפּ״, אויב דו זיצסט היינט ביי מיר אין שענק און „לייגסט״ אַריין אין דיין טריפהנעם מאָגן אַ סעודה וואָס דיין ווייב האָט דיר נאָך קיין מאָל נישט פאַרגונען, איז עס נאָר אַ דאַנק מיין חייטשען, און האָסט אַ ברירה נישט צו גלייבן. נאָר זי האָט מיך אַרויסגעשלעפּט פון פאָלעסטינער גן־עדן, אַנישט, ווער ווייסט צי כ׳וואָלט שוין נישט געהאַט איצטער אָוועקגעלייגט דאָרט די לעפּל...״

ביי בערלען איז באַלד אָוועק דער כעס. די צופרידנקייט פון געפינען זיך צוריק אין דער היים ביי זיך אין שענק, האָט אים געמאַכט מילד. ער איז אַוועק פון זיינוולען און אַוועקגעשטעלט זיך ביי אַ צווייטן טיש, „אַראָפּגעלאָזט״ דאָרט אַ וויץ וועגן פאַלעסטינע און אַ געלעכטער, ווי אַ דונער, האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער שענק.

אַ געמיינער וויץ איז עס געווען און עס האָט אים אויך געהערט גדליה „באַנק״, פון די ערשטע קצבים אין יאַטקע־געסל, אַ מענטש צו וועמען עס

קומען חברים אָפּהאַלטן דין־תורה׳ס, אויסגלייכן זיך נאָך אַ געשלעג, איבער־בעטן זיך. אויסשפּירנדיק בערלען לעבן זיך האָט ער האַסטיק אומגעקערט זיין פּנים צו אים. ביידנס בליקן האָבן זיך דורכגעשטאָכן אין דער לופטן. עס האָט געשמעקט מיט פּולווער וואָס דאַרף אויפרייסן. „וואָסערע אויגן מען האָט, אַזוי זעט מען. שלעכטע, בייזע אויגן, זעען שלעכטס, און גוטע אויגן זעען גוטס. ס׳איז דיר נישט צו גלייבן, בערל, קיין איינציק וואָרט.״

אַ געדיכטע פּאַרע האָט זיך געקנוילט אין דער שענק ווי אין אַן אַנגע־היצטער באָד. גדליהס שטעכווערטער האָבן נאָך מער אָנגעהיצט די לופט. בערל, וועלנדיק אַוודאי אַ רייץ טאָן זיך מיט גדליהן, האָט ווידער אָנגע־בויגן זיך צו עמעצן, דערציילט אַ פרישן וויץ וועגן די „גליקן״ אין פּאַלעס־טינע, און טאַקע געוואָלט, אַז גדליה „באַנק״ זאָל אים הערן. אַ המוניש געלעכטער האָט זיך צעקאָלערט ביים טיש פון די יונגע קצבים. פון כעס האָט גדליה אַ זעץ געגעבן מיטן פוס אין טיש און אַלץ האָט זיך איבער־געקערט.

„מיר זעמיר נישט קיין מענטשן. בלאָטע זעמיר! דאָרט, אין ארץ־ישראל, איז פאַר בערלען אַ גיהנום, און ער צוריקגעקומען אין „גן־עדן״ אַריין! מירן נאָך פילן דעם גן־עדן! יאָטן וואָס איר זענט! לאַכטס מיט אים, אָן גדליהן, אָן מיר. איך בין שוין האַלב דאָרט, לאָך איך פון אייך...״

בערלס רעכטע אויג וואָס איז פון געבוירן אָן געווען ביי אים מער צוצעוואַקסן, און האָט אַרויסגעשטאַרצט פון שטערן ווי אַ בייל, צוליב וואָס מען האָט אים אַ מאָל, ביזן עפענען די שענק, געפלעגט רופן „בערל מיטן אייגל״, איז איצטער נאָך מער אויסגעוואַקסן. דורך דעם געדיכטן פּאַרע־וואָלקן וואָס איז געהאַנגען אין דער לופטן, האָט דאָס צעוואַקסענע אויג אַראָפּגעקוקט צו גדליה „באַנק״ און ווי געשפּריצט מיט פייער.

האָט וואָס אָן אמת, קיינער נישט באַמערקט ווער עס האָט דער ערש־טער געהויבן די האַנט, ווער עס איז אויף וועמען דער ערשטער אַרויפגע־פאַלן, בערל אויף גדליהן, צי פאַרקערט, אָבער, אַז מען האָט זיך אַרומ־געזען וואָס עס געשעט, זענען ביידע שוין געלעגן אויף דער ערד, האָבן זיך געקייקלט הינטער די טישן, געביילט זיך, געביסן זיך, אַז ס׳איז שוין כמעט שווער געווען צו דערקענען ווער ס׳איז בערל און ווער — גדליה.

און זיי וואָלטן אַוודאי געווען געקאַטעוועט זיך ווער ווייסט ווי לאַנג, ווען נישט וואָס ס׳איז עמעצער אַריין אין קיך, אַ רוף געגעבן חייטשען, און, אַז זי האָט דערזען וואָס עס טוט זיך ביי איר אין שענק, האָט זי קודם־כל זיך אַראָפּגעלאָזט צו גדליהן און גענומען פּאַסקעווען ווו נאָר זי האָט געקאָנט צוקומען. דערנאָך האָט זי אַרויסגעריסן איר בערלען פון גדליהס הענט, און אַז זי האָט שוין געהאַט אים אַוועקגעזעצט און אָפּגערייניקט דאָס פּנים פון בלוט, האָט זי אָנגעהויבן שמייסן טעלער, וואַרפן פלעשער, געטראַסקעט נישט דערעסענע שטיקער קישקע גלייך אין די פּנימער אַריין, אויף קליידער אַרויף, ביז אַלע זענען זיך צעלאָפן, האָבן געלאָזט בערלען מיט חייטשן אַליין, פאַרשטייענדיק, אַז זי וועט שוין וויסן ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט אים...

„גדליהן צעפּיקעניש, וועלן מיר, בערעלע, פאַרגרעסערן די שענק. אַ נייע וויסטאַווע וועלן מיר אַריינשטעלן, פון דיק גלאָז, אַזאַ ברייטע, ווי אין די פוילישע רעסטאָראַנען אויף „קראָקעווער פאַרשטאָט״. יעדן טאָג וועלן מיר דאָרט אַוועקשטעלן — אַז די אויגן זאָלן אַרויסקריכן פון גלוס־טעניש — פרישע געבראָטענע גענז, און לעבעלעך, און קישקע, כל־מיני־פיש, און קרעפּלעך, און אַפילו טשאָלנט אין דער וואָכן. יאָ! און נאָך אַ צימער וועלן מיר צוקויפן עס זאָל זיין גענוג פּלאַץ פאַר נאָך אַ סך פויערים וואָס וועלן קומען אין שענק אַריין. אַלץ דערפאַר, בערל, ווייל דו האָסט מיך געפאָלגט און ביסט געקומען צוריק אַהיים, צו דיין חייטשען.״

בערל איז נאָך געווען גוט צעחושט פון די קלעפּ וואָס ער האָט אַריינ־געכאַפּט, האָט ער נישט מער ווי אויסגעבאָמבלט:

„אַ פּאָר געזונטע הענט האָט ער, דער גדליה, איז אייזן שטאַרק, ר׳וועט דאָרט אויסהאַלטן.״

באָמבלענדיק אַזוי, האָט ער אויסגעטאַפּט אַלע זיינע אברים און ער האָט נישט געהאַט קיין איין אבר וואָס זאָל אים נישט ווייטאָן.

## קאַפּיטל עלף

טאָמאַש, דער סטרוזש אין הויז פון ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך, איז געזעסן אַ צעטראָגענער אויף די טרעפּלעך פון דער אָפיצינע פון וואַנעט עס האָט אַראָפּגעפירט צו זיין קעלערשטוב. די פינגער פאַרשטעקט אין די פאַרפּלאָנטערטע אַש־גרויע קאָפּ־האָר, האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט פאַרדייען דאָס אַלץ וואָס יאַן, דער סטרוזש פון קעגנאיבערדיקן יידישן הויז און זיין זון טאַדעק, האָבן אין אים אַריינגערעדט. ער האָט לייכטער אָפּגע־אָטעמט ערשט נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך אָפּגעטראָגן, געלאָזט אים אַליין.

אים האָט זיך נישט געגלוסט אַראָפּצוגיין אין שטוב צו זיך, צו סטע־פאַניאַן, זיין צווייטע ווייב וועלכער ער האָט נישט פאַרטראָגן פון דער ערשטער מינוט אָן זינט ער האָט מיט איר חתונה געהאַט, אַפילו זי גוט פיינט געהאַט.

ווען וואַלענטינאַ, זיין ערשטע ווייב איז אַוועקגעשטאָרבן און האָט אים איבערגעלאָזט מיט זיגמונטן — אין וויגל איז ער נאָך דעמאָלט געלעגן — האָבן די יידן פון הויף אים אַרויסגעהאָלפן, געברענגט עסן פאַרן קינד, שפּילצייג און אָנטועכץ. געווען אַפילו וואָס זענען אַראָפּגעקומען צו אים אין קעלער אַריין, צו זען וואָס עס פעלט אים, וואָס ער דאַרף. אויב אַזוי, וואָסער ווערט האָבן טאַדעקס רייד וועגן די שלעכטע זייטן פון די יידן? נישט מער ווי פּלאַפּלעריי! נישט מער!

ס׳איז געוואָרן שפּעט און דאָס צעמישעניש אין קאָפּ האָט נישט אויפ־געהערט, איז ער אַנשטאָט אַראָפּצוגיין אין שטוב, גאָר צו צום טויער, אים געעפנט, איז אַרויס אויף דער גאַס, אַוועקגעזעצט זיך אויף דער ערד, פאַר־לייגט די פיס הינטער זיך און אָנגעשפּאַרט זיך אין דער וואַנט פון הויז. עס האָט אים נישט געאַרט, אַז מענטשן וואָס ווילן אַרויסגיין פון הויף וויסן נישט, אַז דער טויער איז אָפן, אַז ער, טאָמאַש זיצט אין דרויסן, אויפן טראָטואַר, און זיי האָבן געריסן דעם גלאָק וואָס האָט געליאַרעמט ביי אים אין שטוב, געוועקט סטעפאַניאַן פון שלאָף. טאָמאַש האָט זי געהערט

בייזערן זיך, שעלטן אים. איר ווילד מרוטשען האָט זיך דערקייקלט ביז צו אים און ער האָט דערפון שטאַרק אַ הנאה געהאַט. „זאָל די כאָליערע זי נעמען, אַפילו דער טייוול אַליין. זי איז עס ווערט. עס קומט איר. זי ברענט זיין זיגמונטן די טריט, לאָזט אים נישט אויף דער שוועל, ווי ער וואָלט געווען אַן אונטערגעוואָרפענער, אַז אונטערוואַרפן זאָל זי זיך אַליין אונטערן לאַסטוואָגן פון „מאַנאַפּאָל״ וואָס פאַרפאַרט יעדן טאָג צו בערל דעם שענקער, זאָל זי...״

שטיל און רויִק איז געווען אויף דער לעווערטאָווער גאַס. אַ קיל ווינטל האָט געבלאָזן. אָפּגעפרישט. לויט זיין חשבון איז שוין נישט ווייט פון די יידישע ימים־טובים און פון די ווינטער־שבתים וואָס קומען גלייך נאָך זיי. פאַראַן דעמאָלט וואָס צו טאָן. „זיי״ טאָרן דאָך נישט מאַכן קיין פייער אין שבת, אַזוי שטייט געשריבן אין זייערע הייליקע ביכער, און, ס׳ווערט קאַלט אין די שטיבער, דאַרף מען הייצן די אויוונס, עס זאָל זיין וואַרעם. צו דעם אַלעם דאַרף מען אָנקומען צו אים, צו טאַמאַשן...

שטענדיק טוט ער זיין אַרבעט לויט אַ סדר. צו ערשט — ביים פּאַן אין שטוב, ווען ער קומט אַהין אַריין, שלאָפן נאָך כמעט אַלע. בלויז דער פּאַן איז אויף, זיצט אין זיין צימער און שאָקלט זיך, און לערנט פון אַ גרויס בוך. ער, טאַמאַש, גיט אַ זאָג „גוט שאַבעס״ אין יידיש, און דער פּאַן ענט־פערט אים אָפּ מיט אַ מילדן שאָקל מיטן קאָפּ, שמייכלט צו אים באַהאַרצט, אַז ער ווייסט נישט ווו זיך אַהינצוטאָן. איינגעהייצט די צוויי גרויסע קאַפּל־אויוונס, וואַרט שוין אויף אים אין קיך אַ גרויס גלעזל בראַנפן, צו דעם אַ שטיקל לעקעך, ער טרינקט און פאַרבייסט, אַז די ביינער זיינע צעוואַ־רעמען זיך פון דעם. אָבער דעם פּאַנס הויז איז גרויס, פאַראַן אַ סך יידישע שטיבער, אומעטום איז קאַלט, אומעטום דאַרף מען הייצן די אויוונס — אַ שוועבעלע, אַ ביסל נאַפּט אויף אַ פּאַפּירל מיט אַש, אַ פּאָר טרוקענע שפּענער און עס צעפלאַקערט זיך אַ פייער. מען לייגט אָן קוילן אין אויוון אַריין וויפל נאָר עס לאָזט זיך און עס ווערט וואַרעם, הייס, אויך ביי אים אין בויך... וואַרעם, דאָ — אַ גלעזל ספּירט, דאָ אַ בעכער געוויינלעכן בראָנפן, דאָ — אַ גלעזל ליקער און צו דעם — אַ שטיקל פיש, אַ ביסל טשאָלנט, אַ שטיקל קוגל, עך, ווי גוט, ווי גוט!

ווידער סטעפאַניאַ. דערהערט איר קול האָט ער דריי מאָל אויסגעשפּיגן. ער קאָן שווערן, אַז נאָך שטייענדיק אין קלויסטער, לעבן גלח, האָט ער חשק געהאַט איר אַ טשמעליע צו טאָן און זאָגן איר „פּאַשאָל־וואָן". היינט טוט אים טאַקע ווי הלמאַי ער האָט זי גלייך נישט אַרויסגעוואָרפן פון שטוב. וואָרעם ביטערער פון גאַל איז זי, און מיאוס ווי די נאַכט אין אַ שלאַקסרעגן. אַ חוץ דעם זויפט זי אויס זיין גאַנצן בראָנפן. ווו ער באַהאַלט אים נישט אויס פון איר, געפינט זי אים אָפּ, ליידיקט אויס די פלעשער, אַז אויסגעליידיקט זאָל זי אין גאַנצן ווערן. ווער דאַרף זי האָבן? פון זיינטוועגן קאָן זי צוריקפאָרן צו איר ברודער דעם גנב, וולאַדעק קוזשמיר פון מיכאַלאָווקע. זאָל זי גיין פון וואַנעט זי איז געקומען. ער איז אַפילו גרייט צו דינגען דעם אָרקעסטער פון די פייער־לעשער כדי זי צו באַגלייטן מיט מוזיק, ווי ביי אַ לוויה. אַבי פּטור צו ווערן פון איר.

זיינע טראַכטענישן וועגן סטעפאַניאַן זענען געווען ווי טרוקן האָלץ וואָס מען לייגט צו צו אַ פייער עס זאָל נאָך מער זיך צוצעפּלאַקערן. טאַדעק איז די לעצטע צייט געוואָרן מיט איר „פּאַן־בראַט". שעהען לאַנג זיצן זיי צוזאַמען, טרינקען זיין בראָנפן און רעדן וועגן גוטע צייטן וואָס דערנענטערן זיך, וואָס וועלן אָנקומען. צו אַל די טייוול! וואָסערע גוטע טעג דאַרפן פאַר זיי אָנקומען? אויף וואָסערע גוטע טעג וואַרט זיין מרשעת? וואָס פעלט איר? וואָס האָט זי נישט, די כאָליערע זיינע? די קוישן זענען פול מיט זאַכן וואָס די יידישע שכנים גיבן איר. צו פרעסן און צו זויפן האָט זי וויפל נאָר זי וויל, איז שוין באַלד גרעבער פונעם פאַס מיטן איינגעלייגטן קרויט. איז דאָס וואָס זי האָט, נאָך אַלץ ווייניק פאַר איר? נאָך אַלץ ווייניק?

טאַמאַש האָט אַרויסגענומען דעם קאָפּ פון צווישן די הענט, ווי פון אַ פּרעס אַרויס, ווידער אַריינגעשטעלט די צען פינגער — ווי ציין פון אַ ווידלע — אין די צעשויבערטע האָר, און אַ טרייסל געטאָן זיך, ווי ער וואָלט געמיינט אָנצוזאָגן, אַז ער, טאַמאַש, וועט נישט לאָזן אַז מען זאָל אים צעמישן די חושים, ער וועט זיך אַקעגנשטעלן, וועט מיט אַלע כוחות זיך ווערן.

נאָר טאַדעק איז געווען שטאַרקער פון אים... ער האָט אים נישט

אָפּגעטרעטן, נישט צורו געלאָזט, געוווסט, אַז טאָמאַש איז אַ פּרימיטיווער מענטש, אַז מען דאַרף אַרבעטן אויף אים, מען דאַרף נאָר זען, אַז דאָס קערנדל זאָל זיך אָננעמען, און דעמאָלט... דעמאָלט וועט עס פעסט זיצן און אויסדויערן מיט דער זעלבער עקשנות מיט וועלכער עס האָט פריִער זיך געוועהרט, אַנטקעגנגעשטעלט זיך. און ווי אַ זייגער־מאַכער וואָס צענעמט דאָס געווערק פון אַ זייגערל און פּוצט און רייניקט יעדעס שרייפעלע, יעדעס רעדעלע, טוט מיט דעם וואָס נאָר ער וויל, אַזוי האָט טאַדעק „גערייניקט" דעם מוח פון איינפאַכן טאָמאַש, געטאָן אַלץ, אַז ער זאָל אָנהייבן קוקן אויף די „זשידעס" מיט די אויגן פון אַן עכטן, אמתן פּאָליאַק...

אין די טעג האָט טאָמאַש זיך אַרומגעדרייט אין הויף אין גאַנצן פאַר־טומאַנעט. נישט דער זעלבער טאָמאַש. ווי מען וואָלט אים פאַרטראָגן אין אַ געדיכטן אור־אַלטן וואַלד, אָן צו קאָנען געפינען אַ וועג וואָס זאָל אים אַרויספירן צוריק אויפן שליאַך. אין די נעכט, פלעגט ער אָפּליגן שעהען אויפן בעט און נישט קאָנען איינשלאָפן. איין מאָל האָט ער אַזוי ליגנדיק אויסגעזעצט מיט אַ געלעכטער. סטעפאַניאַ האָט זיך איבערגעוועקט, גע־קוקט אויף אים מיט צעשראָקענע אויגן, געמיינט, אַז ער איז אַראָפּ פון זינען. טאָמאַש האָט זיך צעבייזערט אויף איר. געהייסן איר אָפּטאָן די שליפּיעס פון אים, וואָרעם נישט ער איז משוגע, נאָר דווקא זי, און אירע „פּשיאַטשעלעס" — יאַן און זיין זינדל — טאַדעק. אין באַניפראַטן־שפּיטאָל איז זייער אָרט! „דעם פאַנס וועלדער זענען אַוועקגערויבט ביי די פּאָ־ליאַקן". „דאָס גאַנצע פאַרמעגן זיינס געהער נישט אים"... נו, געהערט רייד? צו וועמען דען געהער דאָס אַלץ? ביי וועמען האָט ער דער פּאַן צוגערויבט די וועלדער? ביי טאַדעקן, דעם ממזרעץ? ביי איר וולאַדעקן, דעם נאַרישן גנב וועלכער זיצט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אין דער פּאָקע? כאַ, כאַ, כאַ, כאַ, כאַ — —

טאַדעק האָט געטאָן ס'זייניקע. נישט געקוקט אויף גאָרנישט. געוויקלט זיך אַרום טאָמאַשן ווי אַ בייזער שלאַנג און אַריינגעטריפט אין אים טראָפּנס גיפט. און... ביסלעכווייז, ביסלעכוויז, האָט פון דעסט וועגן אַן אַנדערער טאָמאַש אָנגעהויבן געבוירן צו ווערן.

## קאַפּיטל צוועלף

גלייך נאָך מיטאָג האָט ר׳ מרדכי־פייבל זיך אָנגעלענט אויפן שמאָלן האָטעל־בעטל נישט אויף אַ דרעמל צו טאָן, נאָר כדי גוט אַדורכצוטראַכטן דעם ענין. דאָס קליינע אָפענע פענצטערל האָט אָפּגעדעקט פאַר זיינע אויגן אַ שטיק ליידיקע גאָס. איינצלנע מענטשן וואָס זענען געגאַנגען אויף די טראָטוארן, האָבן געשאַרט זיך ביי הייזער־ווענט כדי אויסצובאַהאַלטן זיך פון דער בריענדיקער זון, האָבן פאַרשטעלט זייערע פּנימער מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט, געהיט זיך פונעם שטויב וואָס האָט זיך גע־דריידלט אין חלל, אָנגעלייגט זיך אומעטום און איז אַפילו אַריין אין זיין באַשיידענעם צימער.

ער האָט געקוקט אויפן הויז פון קעגן איבער וואָס איז געווען אין מיטן בוי. זינט ער געפינט זיך אין לאַנד און אין צימער פון דעם האָטעל, בסך־הכל עטלעכע וואָכן, האָט דאָס הויז באַוויזן אויסצוּוואַקסן אין דער ברייט און אין דער הייך. געבויגענע כמעט ביז אין דער העלפט האָבן יונגע מענטשן געדראַפּעט זיך אויף דער רושטאָוואַניע מיט זעקלעך זאַמד, צע־מענט, אָדער אָנגעלייגטע ציגל אויף אַ טרעגל־ברעט וואָס האָט ביי זיי צוגעפּרעסט זיך צו דער פּלייצע. ר׳ מרדכי־פייבל האָט געזען נישט מער ווי פיס וואָס האָבן פאַרזיכטיק זיך געהויבן אויף די לייטער־טרעפּ, און פּלייצעס באַלייגטע מיט די משאות. ערשט ווען די זעלבע מענטשן האָבן זיך אומגעקערט מיט די אויסגעליידיקטע זעקלעך און אָפּגעלאָדנטע טרעגל־ברעטער, כדי אונטן ווידער זיי אָנצופילן, ערשט דעמאָלט, האָט ער געזען זייערע פון זון אָפּגעברענטע פּנימער, פאַררונענע אין שוויס, זייערע פאַר־שטויבטע, מוסקולנע הענט, דינע צעאָדערטע פיס און אָנטבלויזטע, אָפּגע־ברענטע היפּטן.

און נאָך אַ זאַך האָט ער געזען דורכן פענצטער: אַז גייענדיק אַראָפּ־צו, אָן די משאות, זינגען זיי זיך צו, שמייכלען צו זיך, לאַכן, און אַז אַ געמיטלעכקייט ליגט גאָר אויף די פּנימער פון די שווער האָרעוועדיקע

מענטשן. דעם שטילן געזאַנג וואָס זיי טראָגן מיט זיך, האָט ער באַמערקט, כאַפּן אויף די וואָס מישן דאָס זאַמד מיטן צעמענט, און, אַז פון זיי גרייכט עס צוריק אַרויף צו די וואָס לייגן אין דער הייך, ביים סאַמע שפּיץ, ציגל צו ציגל און אונטער וועמעס הענט עס צעוואַקסט זיך די געביידע אַזוי שנעל, גאַרנישט ווי דאָרט, אין דער היים.

מיט אַ מעת־לעת צוריק איז ביי אים אין צימער געזעסן אַ מעקלער און האָט עקשנותדיק אים צוגערעדט צו ווערן אַ שותף, אָדער אָפּצוקויפן אין גאַנצן דאָס קעגנאיבערדיקע הויז ווייל דער וואָס האָט עס אָנגעהויבן צו שטעלן, איז נישט אין שטאַנד אַליין אויסצוטראָגן די הוצאות. „אַ גאָלדן געשעפט" — האָט דער מעקלער אים פאַרזיכערט, און דורכן זעלבן אָפּענעם פענצטער אָנגעוויזן מיטן שטעקן זיינעם די גרויסע מעלות פונעם הויז, קודם־כל דערפאַר, ווייל עס שטייט אין סאַמע צענטער שטאָט, אויף אַלענבי גאַס, די שענסטע און גרעסטע גאַס אין תל־אביב. „זאָל נאָר קומען אַ גרויסע עליה, זאָל נאָר דער מסחר אַ ריר טאָן זיך, וועט דאָס הויז ווערט זיין אַ מאַיאָנטיק" — אַזוי האָט דער מעקלער אים געגעבן צו פאַרשטיין, געוואָלט אים איבערצייגן ווי גרויס ס'איז די „מציאה". נעכטן איז די זאַך אים נישט איינגעגאַנגען אין געדאַנק. מיט אַ בליי אין דער האַנט איז ער דערנאָך געזעסן און האָט געחשבונט און נישט געזען די „גליקן". אַריינלייגן דאַרף מען אַ ריזיקע סומע געלט, און לויטן חשבון אויפן פּאַפּיר, זעט זיך גאָרנישט, אַז דאָס עסק זאָל בכלל לוינען. אויב אַזוי איז דאָך נישטאָ וועגן וואָס צו רעדן... ניין, נישטאָ...

און פון דעסט וועגן, ליגנדיק אַזוי אויפן בעטל, זעענדיק פאַר זיך דעם כמעט אויסגעענדיקטן פּראָנט פון ברייטן, גרויסן הויז, האָט ער אַליין געמוסרט זיך: כדי איינצוהאַנדלען אַ פאַרמעגן אין ארץ־ישראל, מוז מען טאַקע אַזוי חשבונען און חשבונען מיט דער בליי אין דער האַנט? זוכן גלייך צו מאַרגנס די רווחים? אַז דאָס געלט ליגט דאָרט אין דער אייזערנער קאַסע איז בעסער? און העלפן בויען דאָס לאַנד, איז גאַרנישט? זיי, די מענטשן וואָס האָסט נאָר וואָס געזען, מעגן אַזוי ברענען און בראָטן זיך אויף דער זון, שלעפּן צעמענט און ציגל און זאַמד אויף די רושטאָוואַניעס אַרויף, און דו דאַרפסט נאָר וועלן אַריינלייגן געלט וואָס פעלט דיר נישט

כדי צו ווערן דער בעל־הבית פונעם הויז וואָס זיי שטעלן אויף מיט זייערע הענט, איז דאָס אויך נישט?

ער האָט אויף אַ רגע צוגעשלאָסן די אויגן, דערמאָנט זיך אינעם וואָרט פון „אבן עזרא" אויפן פסוק אין פרשת וישלח „ויקח את חלקת השדה" — „ארץ ישראל האָט די גרויסע מעלה וואָס אויב מען האָט אין איר אַ חלק, איז עס געגליכן צו עולם־הבא." אויב אַזוי, וואָס רעכנט ער צו טאָן — האָט אַ מחשבה זיך אונטערגערוקט און געפרעגט אים — כדי צו האָבן אַ חלק אין ארץ־ישראל וואָס איז אַ חלק עולם־הבא?

ר' מרדכי־פייבל האָט אַ קער געטאָן מיטן קאָפּ, אָפּגענומען די אויגן פון דרויסן. פאַר מיטאָג, איידער ער איז אַרויף אין האָטעל, האָט ער אָוועקגעשיקט אַ בריוו צו איטשע־בערן. נישט אַלץ וואָס ער שרייבט צו אים, קאָן ער אויך שרייבן צו ווייב און קינדער. ס'איז גרויס דאָס פּריצות אין לאַנד. זייער גרויס. דער לבוש פון די נשים אין תל־אביב, און בכלל, דאָס הוללות יעדע נאַכט ביים ברעג־ים, און וואָס עס טוט זיך אָפּ אין די קיבוצים, לויט ווי מען דערציילט, דאַרף שטאַרק אָפּשרעקן דעם חסידישן זגאַל. אוי לאזנים שכך שומעות. ס'טוט אויך וויי, אַז מען דאַרף אַזעלכעס שרייבן וועגן הייליקן לאַנד.

אין זעלבן בריוו צו איטשע־בערן, האָט ער אים מיטגעטיילט וועגן זיינס אַ באַזוך אין אַ דאָרף פון פרומע יידן, וואָס באַאַרבעטן פעלדער, זייען און פלאַנצן, טראָגן באָרד און פיאות, און זיצן אויך און לערנען. דאָס האַרץ זיינס איז אויפגעגאַנגען פון פרייד ווען ער האָט עס געזען מיט זיינע אויגן. נו, און ערשט ירושלים, די הייליקע שטאָט! זי איז פול מיט פאַרצייטישע יידן, גרויסע למדנים וואָס באַהאַלטן זיך מיט זייער קענטעניש, און בעלי־קבלה זענען פאַראַן וואָס זענען יומם ולילה עוסק אין הויכע זאַכן, למעלה מן השכל, זענען כמעט אויסגעטאָן פון דער וועלט און דערביי — אויסגעמישט מיט דיר, גייען און קומען אין גאַס, האַנדלען, האָרעווען אויפן שטיקל ברויט און זענען פאָרט לעילא לעילא.

געפינענדיק נאָך אַ פריי שטיקל פלאַץ אויפן פּאַפּיר האָט ער מיט קליינע אותיותלעך צוגעשריבן, אַז נאָך אַלעם האַלט ער, אַז ווען די גאַנצע חבורה פון שטיבל וואָלט מסכים געווען אַריבערצופּעקלען זיך קיין ארץ־

ישראל, ווען אַלע צוזאַמען וואָלטן דאָס געטאָן, וואָלט ער, מרדכי־פייבל, קיין איין מינוט נישט געקלערט און אַהער זיך אַריבערגעטראָגן. דעמאָלט וואָלט מען אַפילו געדאַרפט אָנטאָן זיך פליגלען און אַהערפליִען, אָבער פאַרשטייט זיך, נאָר אויף אַזאַ אופן.

ר׳ מרדכי־פייבלען איז גוט געוואָרן אויפן האַרץ ווען ער האָט זיך דערמאָנט דווקא אין די לעצטע שורות פון זיין בריוו צו איטשע־בערן. „און אפשר טאַקע — האָט ער געטראַכט — אפשר דאָך?״

אַ לייכטער קלאַפּ אין טיר האָט אים אַ הייב געטאָן פון בעטל אַראָפּ. ער האָט נישט באַוויזן זיך אויפצושטעלן און אויף דער שוועל פון צימער איז געשטאַנען ר׳ יונה פיינזילבער, דער ראש־הקהל מיט וועלכן ער איז צוזאַמען אַרויסגעפאָרן פון דער היים, און נאָך אויף דער שיף געפינענדיק זיך, האָבן זיי געפּלאַנט אויפצושטעלן בשותפות אַ גרויסע ליקער און בראָנפן־פאַבריק וואָס דאַרף זיין אַ גוט עסק אין לאַנד.

זיצנדיק אַזוי מיט דער שפּיציק באַבאָרדטער גאָמבע, אָנגעשפּאַרט אין זילבערן הענטל פון דינעם שטעקל זיינעם פון וועלכן ער האָט קיין מאָל נישט געשיידט זיך, האָט דער רייכער ר׳ יונה, אַ סך רייכער פון ר׳ מרדכי־פייבלען, דערזען דורכן פענצטער די ברייטע מויער פונעם הויז וואָס מען האָט אויך אים פאַרגעשלאָגן צו קויפן און אַפילו שוין געהאַלטן ביי געבן האַנטגעלט.

„הער מיך צו מרדכי־פייבל. ס׳איז פאַראַן בלויז איין וועג — אונטער־צושטעלן אַ פּלייצע, אַריינלייגן געלט און נישט וועלן אויסרעכענען צי עס לוינט צי נישט. אויב איז מען נישט גרייט צו דעם — ר׳ יונה האָט אַריינ־געשטעקט די האַנט אין בוזעם־טאַש, אַרויסגענומען דעם שוין געקויפטן שיפּס־בילעט און געפאָכעט מיט אים אין דער לופטן — האָט נישט קיין זינען דאָ צו זיצן. איך בין נישט צו דעם, מרדכי־פייבל, איך נישט! מען דאַרף נישט קומען אַהער ווייל מען איז רייך, ווייל מען האָט געלט, ווייל מען וויל מאַכן גוטע געשעפטן, עס זאָל לוינען. קומען אַהער דאַרף מען מיט האַרץ, מיט רצון צוצולייגן אַ האַנט צו דעם וואָס טוט זיך דאָ, וואָס עס ווערט געשאַפן, אַנישט... אַנישט דאַרף מען טון דאָס אייגענע וואָס איך טו...״

„איז ווען טאַקע ?"

„כ'בין דאָך געקומען געזעגענען זיך מיט דיר. מאָרגן, ממש מאָרגן איז דער פּרי."

„די גלייכסטע זאַך איז דער אמת. אַהער קומען און קוקן אויף אַלץ מיט פרעמדע אויגן, האָט טאַקע נישט קיין זינען. אָבער, דאָס האַרץ טוט וויי, ס'איז פון דעסט וועגן גאָרנישט אַזוי גרינג צו זאָגן דעם לאַנד, די מענטשן וואָס לעבן דאָ אַזוי שווער, שאַפן און בויען — אַ גוטן טאָג אייך, כ'גיי אַרויף אויף דער שיף... אָה, מיר קומט עס גאָרנישט אַזוי גרינג אָן, כאָטש כ'ווייס, אַז איך אַליין טו דאָס אייגענע."

אין די לעצטע טעג איז ר' מרדכי־פייבל נאָך אַ מאָל אַריינגעפאָרן קיין ירושלים. נאָר אָנגעקומען, איז ער גלייך אַוועק צו דער כותל המערבי. דאָרט האָט ער נאָך אַ מאָל מזכיר געווען, לויט דער רשימה וואָס מען האָט אים מיטגעגעבן, אַלע היימישע פון שטיבל און גוטע פריינד. פאַר זיך אַליין האָט ער צווישן די שטיינער־שפּאַלטן אַריינגעקוועטשט אַ קוויטל און געבעטן צו האָבן הצלחה אין דעם וואָס ער טוט, אין רוחניות און אין גשמיות.

מענטשן זענען געקומען נאָך אים און אַוועקגעגאַנגען, און ער איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביי דער וואַנט ווי באַהאַפטן מיט איר. זיינע ליפּן האָבן שטיל געשעפּטשעט ווערטער פון פאַרענטפערונג, געוואָלט מלמד־זכות זיין אויף זיך אַליין. גאָט אין הימל איז אַן עדות, אַז דאָס האַרץ אין אים איז צעריסן אויף שטיקער, אַז ער קאָן זיך נישט געבן קיין עצה. מיט אַזוי פיל פעדים איז ער פאַרבונדן מיט די אַלע היימישע יידן דאָרט, ידידים־בנפש. אַלע בלייבן דאָרט, אָדער, דער רוב פון זיי. איז מעגלעך, אַז ער זאָל זיך אָפּרייסן פון זיי און אָנהייבן דאָ אַ לעבן פון דאָס ניי, אין זיינע יאָרן ? איז עס פאַר אים ?

אַ צווייטע מחשבה האָט אָבער גלייך, אויפן אָרט, געחוזקט פון אים, נאָכגעשפּעט זיינע רייד. „אַלע היימישע יידן", „ידידים־בנפש", „אַלע בלייבן דאָרט..." נו, און גיב צו, מרדכי־פייבל, זאָג דעם אמת — אויך יאַזשעמבסקי איז דאָרט פאַראַן... און אַנדערע כראַביעס, און פּריצים, און מעקלערס, און

וועלדער צום קויפן און פאַרקויפן... אַלץ איז דאָרט, אויך צו זיי ציט נישט
וויניק, נישט אַזוי?״

„און דער מצב פון יידישקייט דאָ, האָט ער זיך געווערט און געראַנגלט
מיט זיך אַליין, דאָרט איז דאָך פאָרט גרינגער, מען איז אָפּגעגרענעצט פון
די גויים, ס׳איז אין גאַנצן אַנדערש, כ׳מיין אַזוי...״

ער האָט אַליין אויפגעציטערט פון דער דאָזיקער מחשבה. „אַ שלעכטער
אויסרייד״, האָט ער זיך אַ זאָג געגעבן. „קאָנסט דאָ צווישן יידן בעסער
דערהיטן דיין שטוב, דיינע קינדער, ווי אין דיין שטיבל־הויף. אָ, נאָך
ווי אַזוי דו קאָנסט עס דאָ טאָן!״

ר׳ מרדכי־פייבל איז בסך־הכל אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט פון דער כותל
און אַ היימיש קול האָט אים גערופן: „מרדכי־פייבל!״ זיי זענען אַרויפ־
געפאַלן אויף זיך ווי צוויי ברידער וואָס האָבן יאָרן לאַנג זיך אַרומגעזוכט
און צום סוף זיך אָפּגעפונען.

יצחק־מענדל, אַ ייד פון שטיבל, אַן אָרעמאַן אין זיבן פאַלעס, קיין
מאָל נישט געהאַט פון וואָס צו מאַכן שבת, מער געזעסן אין שטיבל און
געלערנט ווי עפּעס געטאָן, האָט גלייך באַמערקט ר׳ מרדכי־פייבלס פאַר־
צאָגטקייט און נישט געוואָגט צו פרעגן אים די סיבה דערפון.

„כ׳האָב אַ גרוס פאַר דיר, מרדכי־פייבל, אַ פּעקעלע אויך. „דיינע״
האָט עס מיר אַליין געברענגט אין שטוב אַריין, געבעטן מיך דיך אויפצו־
זוכן און איבערגעבן. כ׳מיין — אַ פּעקל וועש״.

„וועש? פאַר מיר?״

„אַוודאי פאַר דיר, פאַר וועמען דען?״

„המ... כ׳פאָר דאָך צוריק אַהיים!״

„צוריק, מרדכי־פייבל, פאָרסטו, אָבער „אַהיים״ — נישט. זי איז דאָ!״

„וואָס מיינסטו צו זאָגן, יצחק־מענדל?״

יצחק־מענדל האָט אַ ווײַלע געשוויגן, איז געווען צערודערט פון דעם
וואָס מרדכי־פייבל, דער גרויסער גביר אין וועמען אַ סך פון די שטיבל׳ע
יידן וואָס האַלטן ביי פאָרן קיין ארץ־ישראל, ווילן זיך אָנשפּאַרן, אָנלענען
זיך, פאָרט צוריק, פאַרלאָזט דאָס לאַנד.

„יאָ, וואָס כ׳מיין דיר צו זאָגן? הער מיך צו, אונדזער היים איז דאָ!

וועסט קומען אַהין, וועסטו אַליין שוין זען. הינטער ראַדאָם האָבן גויים פאַר גאָרנישט דערהרגעט אַ ייִד. פון דער קאַליקע לעבן וואָרשע האָבן שקצים אַרויסגעוואָרפן יידן אין מיטן פאָרן. פרעג זיך בעסער נישט וואָס עס האָט דאָרט שוין אָפּגעטאָן זיך, במשך דער צייט וואָס דו ביסט דאָ."

„און וואָס, יצחק־מענדל, קלערסטו אַליין, צו טאָן?"

„שוין אויסגעקלערט. איך האָב דען דיין פאַרמעגן וואָס זאָל מיר פאַרדרייען דעם קאָפּ? איך בין נישט דו, מרדכי־פייבל, איך האָב נישט די געלט־צרה! מיר איז גרינגער."

„אָבער פון וואָס וועסטו דאָ זיך אויסהאַלטן, יצחק־מענדל, וועסט דאָך אוודאי נישט גיין צו שאָסיי־אַרבעט, אָדער כ׳ווייס וואָס..."

„מרדכי־פייבל! כ׳בין געקומען מיט בטחון, כ׳האָב זיך פאַרלאָזט אויפן רבונו־של־עולם, און ס׳איז מיר גוט, כ׳בין נישט אַנטוישט. כ׳האָב צו עסן פאַר מיר מיט מיין געזינדל, וואָס פעלט מיר נאָך?

„וואָס זשע טאָקע טוסטו?"

„אין אַ געוועלבל פון מילכוואַרג־זאַכן. נישט ווייט פון דאָ. כ׳אַרבעט ביי יענעם. צו עסן איז פאַראַן. ווו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ — אויך. שוין געדונגען אַ צימער. איך האָב אַלץ, מרדכי־פייבל, אַלץ. צען מאָל אין טאָג דאַנק איך און כ׳לויב גאָט פאַרן חסד וואָס ער האָט געטאָן מיט מיר פאַר דעם וואָס ער האָט מיר געגעבן דעם געדאַנק צו פאַרלאָזן דעם גלות, די גוישקע ערד. צען מאָל אין טאָג..."

יצחק־מענדל האָט אָנגענומען מרדכי־פייבלען פאַר דער האַנט און אַוועקגעשפּרייזט מיט אים אין אַ זייט. אונטערהייבנדיק, פון געוווינהייט, איין אַקסל אַ ביסל העכער, האָט ער גערעדט צו אים ווי אַ גאָר־גאָר נאָענ־טער מענטש: „מרדכי־פייבל־לעב, וואָס טרייבט דיך אַזוי צוריק אַהין? גיב איין מינוט בלויז אַ טראַכט וויפל פון דיין משפחה, פון די וואָס האָבן גאָרנישט ביי דער נשמה, וויפל פון זיי וואָלטן געקאָנט דאָ לעבן פון דיר. אַרום דיר?! אַדרבא, מאַך אַליין דעם חשבון, אַ חשבון־הנפש, אָבער אַן אמתדיקן! וויפל שטיבל־יידן בויען אויף דיר, באַגערן אויפצוגיין אין לאַנד אַריין און ווילן האָבן אין דיר דעם ערשטן אָנשפּאַר."

ר׳ מרדכי־פייבל האָט געהאַלטן, אַז ער מעג פאַר יצחק־מענדלען

אַרויסברענגען זיין באַזאָרגטקייט — פּונקט ווי ער האָט עס געטאָן אין זיינע בריוו צו איטשע־בערן — וועגן קאָנען דערהאַלטן זיין שטוב ביי יידישקייט, און אַז ער איז נישט זיכער צי דווקא דאָ, אין הייליקן לאַנד, וועט ער עס קאָנען באַוויזן, ווייל ס׳איז דאָך גרויס דאָס הפקרות און ווייל דאָס גאַנצע לאַנד איז דאָך נישט ירושלים...

„און אפשר גאָר נאַרסטו זיך? זיי מיר מוחל, מרדכי־פייבל, כ׳בין דיר אַ גוטער פריינד, רעד איך מיט דיר אַזוי אָפן, פאַר דיין טובה־וועגן.״

„אין וואָס אַ שטייגער נאַר איך זיך?״

„ביסט עס אַליין מחוייב צו זען!״

„דהיינו, וואָס?״

„דער מענטש דאַרף טאַקע שטענדיק לייגן אַכט וואָס עס טוט זיך אַרום אים, אָבער נאָך פריִער — דאַרף ער וויסן וואָס עס טוט זיך ביי אים אַליין, אין דער אייגענער שטוב. זעט ער נישט — דאַרפן גוטע פריינד עס טאָן. מען טוט אים דערמיט אַ טובה. דאָס איז אַלץ, מרדכי־פייבל, אַלץ וואָס כ׳האָב דיר געוואָלט זאָגן. נו, מילא, פאָרסט דאָך צוריק, זאָגסטו, טאָ גיב דאָרט איבער אַ גרוס אַלע היימישע, זאָג זיי, אַז זיי זאָלן מתפלל זיין מיט כוונה, אַז דער אין הימל זאָל זיי שענקען דעת להבין ולהשכיל, הלוואי...״

*

פאַר נאַכט־צו איז ער צוריקגעקומען קיין תל־אביב, אַ מידער, אַ דער־שלאָגענער. ער איז אַרויף אין האָטעל און גענומען פּאַקן די זאַכן וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך כדי צו האָבן אַלץ גרייט צו מאָרגנס, צום אָוועקפאָרן.

ווען עס האָט אין דרויסן אָנגעהויבן ווערן טונקל, איז ער געשטאַנען ביים פענצטער און אַריינגעאָטעמט אין זיך אַ קילע מילדע לופט. קעגן איבער איז דאָס ברייטע צעוואַקסענע הויז, געשטאַנען אויסגעפּאַרטיקט, מיט טיר און פענצטער באַהאַנגען, דער דאַך — געדעקט, נאָר אַריינצוגיין וווינען אין אים.

ר׳ מרדכי־פייבל האָט געהאַט אַ געפיל, אַז עס האָבן די בויערס אַזוי שנעל פאַרענדיקט דאָס הויז, כדי צו רייצן זיך מיט אים...

און עס האָט די גאַנצע זאַך אים זייער ווי געטאָן...

## קאַפּיטל דרייצן

אין גאַנצן בהיסח־הדעת זענען אָנגעקומען קילע אלול־טעג. אין די נעכט האָבן ווינטן געפּליקט די דאַך־בלעכן פון די יידישע הייזקעס אין די אָרעמע געסעלעך און האָבן דערמאָנט, אַז מען דאַרף אָנהייבן צוגרייטן די שטיבער צום ווינטער, פאַרשטופּן אַלע לעכער, פאַרריכטן די פענצטער, אַריינזעצן שויבן ווו עס פעלט, און דער עיקר — איינקויפן קוילן עס זאָל שפּעטער, אין די פּראָסטיקע טעג, זיין מיט וואָס זיך צו דערוואַרעמען.

די ווינטן האָבן געבראַכט די ערשטע רעגנס. זיי האָבן אָפּגעפּליקט פאַרוויאַנעטע בלעטער וואָס זענען געהאָנגען אויף די קאַשטאַן־ביימער לענג אויס דער לעוווערטאָווער גאַס, און די אָפּגעשינדענע צווייגן האָבן באַקומען אַן אויסזען ווי געליימטע, פאַרשטייפטע הענט.

שווער געמיטיקע אלול־טעג. זיי האָבן זיך געלאָזט גוט דערקענען אין שטיבל פון ר׳ מרדכי־פייבלס הויף. אַ פּחד פאַר די ימים־נוראים האָט דאָרט געהויערט. נאָך אַ זומער וואָס איז פאַרביי, האָט מען געדאַרפט אָפּשטויבן פון זיך „אָנגעלייגטן פסולת״, רייניקן אַ ביסל די נשמה. ביי עלטערע חסידים איז דער פּחד געווען שטאַרק אָנזעעוודיק. מען האָט אים אַרויסגעשפּירט פון זייער התנהגות, פון זייער פאַרשטאַרקטער עבודת־הבורא, פון זייער דבקהן זיך, פון דער ערנסטקייט וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אויף זייערע פּנימער, פון זייער אַנדערש רעדן אין די דאָזיקע טעג.

אויך דאָס דאַוונען האָט אויסגעזען אַנדערש פון אַ גאַנץ יאָר. מען האָט נישט אַזוי געשלונגען די ווערטער, נישט אַזוי געאיילט זיך, מ׳האָט געדאַוונט מיט מער כוונה. מען האָט געוואָלט, אַז די תפילות זאָלן דערהערט ווערן אין הימל, נאָך איידער עס קומט אָן דער יום־הדין. נאָכן דאַוונען, איז מען געבליבן אַ ביסל לענגער אין שטיבל, מען האָט גענומען אַ ספר אין האַנט אַריין, אַ גמרא. אונטערגעוואַקסענע ייִנגלעך האָבן פאַרבראַכט לענגער אין שטיבל אונטער דער השגחה פון יוסף־דודן, יעקב־אהרונס זון, וועלכער האָט געוווסט ווי אַזוי מיט זיי זיך אומצוגיין, אַריינ־

צוקוקן אין די מעשים פון יעדן איינעם פון זיי און אָפּגעבן זיך מיט דעם מיט וועמען ס'איז געווען נייטיק.

ווען ס'זענען אָנגעקומען די סליחות־טעג, האָט זיך אָפּגעטאָן יעדער שמייכל פון פנים. פון די ליפּן אַראָפּ איז פאַרשוואונדן אַ גלייכווערטל, און אַ פּשיטא שוין, אַז מען האָט נישט געהערט אַ הויך געלעכטער, אָדער סתם אַ ליצנות. מער פון אַ גאַנץ יאָר האָט מען זיך באַמיט אויסצוהיטן פון לשון־הרע, צי רכילות — זינד וואָס ווערן נישט אַזוי לייכט פאַרגעבן.

אין איינעם פון די דאָזיקע פאַרכטיקע טעג, איז די איוואַנגעראַדערין, אין הויף פון ר' מרדכי־פייבל צווייגרייך, אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצן פרי־מאָרגן ביי איינעם פון די פענצטער פון איר שטוב און אויסגעקוקט, אַז אַ שכנה — אַ חברטע זאָל זיך אַ באַווייז טאָן ביי איר פענצטער כדי אַ ביסל זיך דורכצושמועסן, אויסצופרעגן זיך ווי עס זעט אויס ביי זיי מיט די צוגרייטונגען צו די ימים־טובים, וואָס מ'האָט שוין איינגעקויפט און וואָס נישט, אָבער, ווי אויף צו להכעיס, האָט קיינער נישט געעפנט קיין פענצטער, נישט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ. ערשט שפּעט אין טאָג אַריין, אַז ס'איז געוואָרן אַ ביסל זוניקער אין דרויסן, האָט די איוואַנגעראַדערין אויסגעשפּירט, אַז ס'איז די ריכטיקע צייט אָדורכצולופטערן די שטוב, האָט צעפּראַלט אַ פענצטער ווי אַרויסצולאָזן אַ טשאַד. נו, אַ מזל פון אַ מענטש! אין דער רגע, האָט ביים פענצטער פון דער קעגנאיבערדיקער אָפּיציינע זיך באַוויזן ברײַנדל די „היטן־פוצערקע."

„וואָרטס, ברײַנדל, אַ מינוטקעלע, וואָס הערט זיך ביי אײַנען? צ'האָט שוין איינגעקויפט אַ „שטאָט"? יאָ?! נו, דערלעבט איבער אַ יאָר ווידער, געזונטערהייט. ביי מיר אין קאַמער דרייען זיך שוין אַרום, גאָט־צו־דאַנקען, ניין כפּרות. צ'ווייסט דאָך, יעדן האָב שטענדיק ליב מיר אָנצוגרייטן פריִער. יעך דאַרף נאָך איין כפּרה, אַ ווייסן האָן, וועלעך מאָרגן מערטשעם אַרויס־לויפן אין מאַרק אַריין און מיר אים אַהיימברענגען."

ברײַנדל האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער די איוואַנגעראַדערין האָט זי נישט געלאָזט עפענען דאָס מויל. נישט צוליב דעם האָט זי אַזוי לאַנג געטשאַטעוועט אויף איר ביים פענצטער, זי אויסגעקוקט.

„הערט'ס נאָר, ברײַנדל, האָט זי אַזוי אַריבערגערעדט איבערן גאַנצן

הויף, מיין פראַדל האָט „זיי״ אַליין געזען אין פּוילישן גאָרטן, צ׳הערט? אַזוי צוזאַמען, צוזאַמען... די קליגערין אַליין, נישט אַזאַ וואַזשנע חכמה, האָט אויסגעפּלוידערט די גאַנצע זאַך. ווען נאָר זי טרעפט, דערציילט זי, אַז זיי האַלטן ביי חתונה האָבן, אַפילו שוין בקרוב. נו, וואָס זאָגט איר צו דעם? די עלטסטע טאָכטער פון בעל־הבית און איר שליאַמעק?! ווי גע־פעלט אינען אַזאַ חתונה?״

„און דער בעל־הבית וועט צו דעם דערלאָזן? אַ טאַטע האָט גאָרנישט וואָס צו זאָגן? אין אַזאַ שטוב? שיינע צייטן!״

די איוואַנגעראַדערין, פון שטענדיק אָן אַן אַסטמאַטישע, צעהוסט זיך ביי אַ ליאַדע וואָס, האָט אַריינגעדעכט אין איר בלויער שערץ אַריין, און פון דעסט וועגן נישט מוותר געווען. „אַוודאי וועלן זיי חתונה האָבן. וואָדען? ער האָט אַ ברירה, דער בעל־הבית? אַז זיי זענען אַזוי „פאַר־ליאַפּעט״, טאָ וואָס קאָן ער טאָן? אַן איידעלער מענטש איז ער, אַ גוטער טאַטע, וועט ער אייַנגיין דערויף, וועט זיך נישט אָפּטאָן קיין מעשה. אַ חוץ דעם, זיי וועלן פאָרן, דאָס יונגע פּאָר, קיין פּאַלעסטינע — אַזוי האָט די קליגערין דערציילט — גלייך נאָך דער חופּה. יאָ. אַ ווייל קינד די יוכבד, זי וועט נישט אָנטאָן דעם טאַטן קיין בושות אויפן אָרט. וועט זי אַוועק פון דאַנעט, נאָך אַלץ בעסער ווי קיין „באָנעסאיירעס״ אָדער אַמעריקע. נישט אַזוי?״

אַ נס איז געשען וואָס פון יעקב־אהרונס סוטערינע האָבן זיך דער־טראָגן אין הויף אַריין ניגונים און מאַרשלעך וואָס ער האָט פאַר זיך מסדר געווען צו די ימים־נוראימדיקע תפילות, און, אַז די איוואַנגעראַדערין און איר שכנה, האָבן פּלוצלונג דערהערט זאָגן דעם „ונתנה תוקף קדושת ליום״, האָט זיי אָנגענומען אַ פּחד, האָבן מורא געקריגן, אַז זייערע רייד זאָלן חלילה נישט פאַררעכנט ווערן אין הימל ווי לשון־הרע וואָס ס׳איז אַ גרויסע זינד. אַחוץ דעם האָט יעקב אהרונס אויסקלאָגן דעם „בראש השנה יכתבון״, „מי יחיה ומי ימות — — ״ אַ ציפּ געטאָן ביים האַרץ, פאַרשטשעמעט עס ווי מיט צוואַנגען, אוןביידע שכנות האָבן גלייכצייטיק גענומען זוכן זייערע נאָזטיכלעך וואָס זיי האָבן נישט געפונען מיט זיך. פון זייערע אויגן

זענען גערונען טייכן טרערן, אַ שטייגער זיי וואָלטן שוין געזעסן אין שול און געדאַרפט מיט דער גאַנצער פויסט קלאַפּן „על חטא..."

*

אַ נודנער רעגן האָט נישט אויפגעהערט צו פּליוכען פון נאָך מיטאָג אָן. אַ סך פון די יידן וואָס זענען געקומען אין שטיבל אַריין צו מנחה־מעריב, האָבן נישט געאײלט זיך אַהיימצוגיין. זיי זענען געזעסן אַרום די טישן און געלערנט געשמאַק.

די הענט פאַרשטעקט אין דער דיקער, זיידענער גאַרטל וואָס האָט אַרומגענומען זיין שוואַרץ־טוכענע קאַפּאָטע, האָט יוסף־דוד יעקב־אהרונס זון געשפּרייזט אין צווייטן שטיבל־צימער פאַזע דעם לאַנגן טיש, אַרום וועלכן עס זענען אויף צוויי בענק געווען אויסגעזעצט זיינע עלטערע תלמידים מיט וועלכע ער האָט געלערנט אַ שיעור גמרא מיט תוספות. ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט לעבן ירחמיאלן, דער עלטסטער פון זיין חבריא, חאַסקל דעם פּעל־הענדלערס איינציקער זון, דער בעסטער פון זייגע תלמידים. פּאַטערליך האָט ער אַרויפגעלייגט זיין רעכטע האַנט אויף ירחמיאלס אַקסל און אַ זאָג געגעבן מכלומרשט צו אַלעמען: „לא המדרש עיקר — זאָגן די חכמים — אלא המעשה עיקר". אָבער, ס'איז די מעלה פון לערנען, זאָגן די זעלבע חכמים, וואָס ברענגט צו מעשים. די כוונה איז דאָ צו מעשים וואָס זייער רצון איז אָנצוטאָן אַ נחת־רוח דעם רבונו־של־עולם... מעשים וואָס דאַרפן זיך אָװעקלייגן אויף דער וואָגשאָל אין די פּאַרקטיקע טעג פון דין און משפּט..."

אַ ציטער האָט דורכגענומען יוסף־דודס תלמידים, זיי האָבן מורא געהאַט אויפצוהייבן די אויגן, נישט געוואָלט אָנטרעפן זיך מיט די בליקן פון זייער רבין...

ירחמיאל האָט גוט געוווּסט צו וועמען יוסף־דודס רייד זענען געוואַנדן, וואָס עס ליגט הינטער זיי. יוסף דודס האַנט אויף זיין אַקסל האָט אים נישט בלויז געוואַרעמט, נאָר אויך געבריט, געמאָנט... ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז נאָך נישט אַלץ וואָס ער וויל זאָגןביים טיש און דער עיקר מיינען אים...

„דער פסוק זאָגט „כפירים רשו ורעבו ודורשי השם לא יחסרו כל טוב". די וואָס גייען אַוועק פון יידישן דרך, וואָס זוכן נאָכצוגעבן זיך תאוות־גשמיות, זענען שטענדיק „רשו ורעבו". וויפל זיי זאָלן זיך נישט נאָכגעבן, זענען זיי שטענדיק הונגעריק צו נאָך און נאָך תאוות. זיי קאָנען גאָרנישט זאַט ווערן. אַנדערש איז מיט די „דורשי־השם". זיי איז גוט מיט דעם וואָס זיי האָבן. זיי פעלט גאָרנישט — „לא יחסרו כל טוב."

אין דרויסן, אויף דער גאַס, איז ווידער אַראָפּ אַ רעגן. ער האָט גע־שמיסן, אויסגעפּאַטשט זיך אויף די שויב־פענצטער פון שטיבל. ביי די אונטערגעוואַקסענע ייִנגלעך, יוסף דודס תלמידים, האָבן דעם רבינס מוסר־רייד געוועקט צו חרטה אויף שלעכטע מעשים, צו תשובה, צו ווערן אַנדערש, בעסער.

פון דער שטילקייט אַרום טיש, האָט יוסף דוד אַרויסגעשפּירט די שווערגעמיטיקייט ביי זיינע תלמידים, און נישט געוואָלט, אַז זיי זאָלן אַריינפאַלן אין אַ מרה־שחורה, אין עצבות. „אָבער, פון דעסט וועגן, קינ־דער, איז נישטאָ קיין אָרט פאַר יאוש. חלילה! עס טרעפט, אַז אַ ייד פאַלט אַ מאָל אַראָפּ פון זיין מדרגה, על־פּי־רוב צוליב אַ שלעכטער טואונג, אַפילו בלויז צוליב אַ שלעכטער מחשבה, איז דער עיקר נישט צו פאַרלירן זיך. פאַראַן מינוטן פון „תהו ובהו", אָבער אויך — מינוטן פון יכולת אָפּצו־טיילן ליכט פון פינצטערניש... ביי יעדן ייד איז פאַראַן דער דאָזיקער כוח. אויב מען האָט אַ תשוקה צום אמתן ליכט, איז מען מסוגל אים צו אַנט־פּלעקן אין זיך און דאָס ליכט וועט שוין אָנווייזן אויף דעם ריכטיקן וועג מיט וועלכן מען דאַרף גיין..."

נישט מער ווי זייביידע זענען געבליבן אין שטיבל. דאָס חלבנע ליכטל האָט פון לאַנג שוין געהאַט אויסגעברענט זיך, און די טונקלקייט אין שטיבל איז געוועָן אָנצוטאַפּן ממש מיט די הענט. אין זיין חלל און אויף די ספרים־שענק האָט זיך געזאַמלט דער אָפּקלאַנג פון זייערע רייד.

„אמת, עס שטייט טאַקע אין ערגעץ נישט געשריבן, אַז מען טאָר נישט טוישן קיין שטיוול אויף האַלבע שיך... אָדער, אַז מען טאָר נישט טראָגן אַ שניפּס, אַ קאָלירט העמד, אַ האַרטן קאָלנער. אָבער ווער נאָך ווי איך און דו, ירחמיאל, ווייסן, אַז דאָס זענען די ערשטע טריט פון שטיבל

אַרויס... פון אַרויסגליטשן זיך פון מיינע הענט, פון דערווייטערן זיך פון מיר..."

„אָבער — — "

„ירחמיאל! דער רבי זאָל זיין געזונט האָט אַ מאָל געזאָגט אין אַ שמועס ביים טיש, אַז דער וועג צו אמתער תשובה, איז דורך אייגענעם ביטול צום כלל, וואָרעם „כל ישראל ערבים זה לזה." אַ שלעכטע מחשבה, אַפילו נאָך איידער זי ברענגט צו מעשים, איז גורם שלעכטס נישט בלויז דעם יחיד וואָס טראָגט זי אין האַרצן ביי זיך, נאָר דעם גאַנצן כלל. אויב אַזוי, האָסטו דאָך געדאַרפט מיך נעמען אין חשבון, מיין צער, מיין ווייטיק וואָס כ'וועל דאַרפן אויסטראָגן..."

ווי פריער ביים לערנען האָט יוסף־דוד אויך איצטער אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף ירחמיאלס אַקסל און דורך דעם וואַרעמען באַריר געמיינט אים צו דערמאָנען, אַז אויף זיינע הענט האָט ער זיך אויסגעהאַדעוועט, טאַקע דאָ צווישן די שטיבל־ווענט, קיין מאָל נישט אויסבאַהאַלטן פון זיינע תלמידים די ליבשאַפט צו אים. קומט אים אַזאַ באַצאָל?

און נאָך אַ רגע:

„אַן איין און איינציקער זון ביסטו אין שטוב. דער טאַטע — אַן אָרע־מאַן, אַן אביון. כ'דאַרף דאָך דיר נישט זאָגן, אָבער דו, דו ביסט זיין גאַנצע האָפענונג. אַ זון אַ בן־תורה וויל ער האָבן, אַ פרומען, חסידישן בחור. שטענדיק רעדט ער מיט מיר וועגן דעם, פרעגט מיך אויס אויף דיר. אין מיינע הענט האָט ער דיך אָנגעטרויט. ווי וועל איך אויסזען אין זיינע אויגן?"

„ווער זאָגט עס, אַז כ'גיי אַוועק פון „יידישן וועג"? פון וואַנעט נעמסטו עס?"

„ווייל דו זיצסט לעבן מיר און ביסט נישטאָ! ס'איז נישט דיין טבע. כ'פיל אַרויס אַ מרחק, אַ מחיצה צווישן אונדז. ווען, זאָג מיר, איז עס געשען? ווען?"

ווי אַזוי האָט ער עס אויסגעשפירט, האָט ירחמיאל אין האַרצן זיך געפרעגט, וואָסערע סימנים ליגן אויף זיין פנים און מסרן? נאָר אויב אַזוי, האָט ער באַשלאָסן צו רעדן מיט זיין רבין אָפענער, נישט ווי טאָן, אָבער...

„מען ווערט עלטער, יוסף־דוד, דער טאַטע, ווי דו אַליין זאָגסט, איז אַן עני ואביון. נאָך מער ווי דו שטעלסט זיך עס פאָר. דערפאַר טאַקע, און ווייל ער איז אַן איין און איינציקער, מוז ער אונטערשטעלן אַ פּלייצע, מוז גיין אין לעבן אַריין, אויספּלאַנען עפּעס אַזוינס וואָס זאָל גוט זיין פאַר טאַטע־מאַמע און פאַר אים. ס'איז געקומען די צייט."

„דער טאַטע וויל, אַז זאָלסט זיצן און לערנען! ס'איז זיין באַגער! ער רעדט דאָך מיט מיר כסדר, כ'האָב עס דיר שוין געזאָגט."

„דער טאַטע וויל, און איך קאָן מער נישט בלייבן זיצן אין שטיבל. כ'דאַרף טאָן פאַר תכלית־וועגן. כ'זאָג עס אָפן, כ'בין נישט אחת בפה ואחת בלב. האָסט מיך אַזוי געלערנט. זאָגן דעם אמת וויפל ער זאָל נישט ווי טאָן. נישט פאַרשלייערן אים. ס'איז נישט אַזוי?"

„איך קאָן מער נישט בלייבן זיצן אין שטיבל" — עטלעכע מאָל האָט יוסף־דוד שטיל איבערגעחזרט ירחמיאלס ווערטער און דערמאָנט זיך, אַז מיט אַ צייט צוריק האָט איינער פון זיינע תלמידים גערעדט צו אים די זעלבע רייד, געגעבן אים צו פאַרשטיין, אַז ער ווערט עלטער, די יאָרן לויפן, ער דאַרף פאַר זיך זוכן אַ תכלית און דעריבער קאָן ער נישט מער בלייבן זיצן אין שטיבל. אָבער יענער איז נישט בלויז נישט געבליבן מער זיצן אין שטיבל, נאָר איז אַפילו פון זיך אַליין אַנטלאָפן, פון אייגענער הויט אַרויס, אַוועק זייער, זייער ווייט.

„וואָס זענען דיינע פּלענער, ירחמיאל?"

„לערנען אַ מלאכה, האָבן אַ פאַך אין האַנט."

„דאָס איז אַלץ?"

„ניין."

„וואָס נאָך?"

„בקרוב פאָר איך אַוועק אויף הכשרה. כ'וויל עולה זיין קיין ארץ־ישראל און אַראָפּנעמען אַהין טאַטע־מאַמע."

„פון וואָסער הכשרה איז עס? ווער וועלן זיין דיינע חברים?"

ירחמיאל האָט נישט געענטפערט. אַ טונקלקייט איז געשטאַנען צווישן רבין און תלמיד ווי אַ דיקע וואַנט.

„פאַרוואָס ענטפערסטו נישט?"

„איך וועל זיין מיט יידישע קינדער צוזאַמען."

אַ שווערע דריקנדיקע שווייגעניש. נאָך שווערער פון דער געדיכטער פינצטערניש וואָס האָט אַנגעפולט דאָס שטיבל. אין צווייטן צימער, אויף דער באַנק, לעבן אויוון, איז שלמהלע דער שמש געשלאָפן אין גאַנצן איבערגעדעקט און האָט געכראָפעט, געריסן זיך ווי אַ זאַווערוכע אין אַן אָפן, פריי פעלד.

„מיינע אויגן זענען אָפן, און דערזעען נישט — האָט יוסף־דוד געמוסרט זיך. מיינע אויערן זענען טאַקע אָנגעשפיצט, אָבער זיי דערהערן נישט. וואָס עס טוט זיך ביי זיינע תלמידים אין הארץ דערגייט נישט צו אים. אויב אַזוי, דאַרף ער אָפטרעטן זיין אָרט פאַר אַ צווייטן. עס דאַרף קומען אַן אַנדערער און איבערנעמען די השגחה אויף דעם יונגוואַרג אין שטיבל. די אַלטע מויער הייבט זיך אָן ריסעווען, שפּאַלטן. דאַרפן נייע, שטאַרקע כוחות אונטערהאַלטן די מויער כדי נישט צו לאָזן זי פאַלן. באַלד מוז מען עס טאָן, באַלד, אַנישט..."

— — צעשיידטע ווענט. פאַרצערט און אין יסורים איז יוסף־דוד אַראָפּ אין טאַטנס שטוב אַריין, אין דער סוטערינע. ס׳איז דאָרט גרויס געווען די ענגשאַפט. די געבעטע געלעגערס האָבן אים אין גאַנצן אויסגעפולט. און ווייל ס׳איז נישט געווען קיין פריי שטיקל אָרט צו טאָן אַפילו איין שפּאַן, האָט ער שטיל צוריק זיך אַרויסגעשאַרט, איז פאַרביי שנעל דעם הויף, איז אַריין צוריק אין שטיבל, אַוועקגעזעצט זיך אויף אַ באַנק, געוואָרן איינס מיט דער געדיכטער טונקלקייט און שווערער שטילקייט.

„אַ שאָד, אַ שאָד! אַזאַ טייערער בחור, דער ירחמיאל, אַן ערלעכער. פון אונטער די הענט אַוועק, ווער ווייסט ווי ווייט, ווער ווייסט."

טאַמאַש דער סטרוזש האָט אַרויסגעלאָזט ירחמיאלן פון טויער, נאָכגעקוקט זיין וואַקלדיק גיין אויף דער ליידיקער גאַס ווי איינער וואָס ווייסט נישט ווהין זיינע פיס דאַרפן אים אַוועקפירן, אין וועלכער טיר ער האָט אָנצוקלאַפּן און אַריינגיין כדי צו קאָנען אַוועקלייגן דאָס געביין.

ערשטע, אַליינדיקע טריט. אָן צוהאַלט, אָן אָנשפּאַר. ער איז פאַרביי

זייער אייגענע שטוב, אין אַ געסל לעבן דער לעוווערטאָווער, און ער האָט נישט געאײַלט זיך אַהין אַרײַנצוגיין. שטאָט דעם איז ער געקראָכן פון איין געסל אין צווייטן און עס האָט אים גאָרנישט געאַרט. בלויז איין זאַך האָט אים ווי געטאָן — וואָס ער האָט באין־ברירה פאַרשאַפט צער יוסף־דודן וועמען ער האָט אַזוי שטאַרק פאַרערט, אַפילו ליב געהאַט צוליב דער איבערגעגעבנקייט וואָס ער האָט אים אַרויסגעוויזן אַזוי פיל יאָרן, ביז היינט...

יחיאל גראַנאַטשטיין

## קאַפּיטל פערצן

מיט די זעלבע זייטיקע ווענעלעך מיט וועלכע זי איז געקומען צו די וואַליער לאַנקעס כדי צו טרעפן זיך מיט שליאַמעקן, האָט זי אומגעקערט זיך אַהיים. זי האָט געפילט אַ קעלט אין די ביינער, כאָטש זי איז געווען אָנגעטאָן אין איר לייכטן מאַנטעלע צוגעפּאַסט צו די אָנהייב האַרבסטיקע אָוונטן. זי האָט געשטעלט שנעלע טריט, איז כמעט ווי געלאָפן. ערשט ווען זי איז געקומען נעענטער צו די באַוווינטע גאַסן, האָט זי אָנגעהויבן גיין פּאַמעלעכער, ווי ס׳וואָלט אַוועק פון איר דער פּחד און געפילט זיך זי־כערער.

מיט זון־אונטערגאַנג האָבן זיי זיך געטראָפן. עטוואָס פאַרשפּעטיקט, איז שליאַמעק אָנגעלאָפן אַ סאַפּנדיקער, דאָס גרין־סאַמעטענע סטודענטישע היטל אויפן קאָפּ, דער קאָלנער פון העמד אַרויסגעלייגט אויף דער דינער מאַרינאַרקע און מיט אַ בוך אונטערן אָרעם, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרויס פון אַן אוניווערסיטעטס־לעקציע. מיט די אויסגעטרעטענע ווענעלעך האָבן זיי גלייך אַוועקגעלאָזט זיך טיפער אין די לאַנקעס, אַז פרעמדע אויגן זאָלן זיי נישט זען.

אַ גורלדיקע באַגעגעניש איז עס געווען. אַ טראַגישע. זי האָט צעריסן אַלע פעדים וואָס בײדע האָבן אַ צייט לאַנג צוזאַמען געוועבט.

„וואָס מער איך האָב זיך דערנענטערט צו דעם וואָס כ׳האָב גע־שטרעבט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער געראַנגל מיט זיך אַליין. אַ געראַנגל וואָס האָט מיך אויסגעמאַטערט, אויסגענאָגט ביי מיר דעם מאַרך פון די ביינער.״

„איז וואָס דער אויספיר ?״

„אַז איך בין צו שוואַך צוצוגיין די לעצטע געבליבענע טריט...״

„רעדסט דאָס באַזינען ? דורכגעטראַכט ? נאָך דעם ווי אַלץ, אַלץ איז שוין גרייט ?״

„יאָ ! יאָ ! ס׳איז מיר גרינגער, זעט אויס, די ווייטיק פון פונאַנדערגיין

זיך, ווי דער פּיין פון אויסשטיין, פון אויסטראָגן דעם שריט וואָס מיר דאַרפן אָפּטאָן."

„ווידער דער טאַטע?"

„דאָס אויך. פאַרשטייט, על־כל־פּנים, מעגסטו עס."

„אַ היינטצייטיקער מענטש דאַרף האָבן מוט זיך צו באַפרייען פון שטערונגען וואָס זענען נאָר פּסיכאָלאָגישע, וואָס שטאַמען פון שוואַכקייטן פון כאַראַקטער, אָדער ווער ווייס פון וואָס נאָך."

„אין רעזולטאַט ענדערט עס סיי ווי נישט, שליאַמעק, דעם מצב. ער איז אכזריותדיק נישט ווייניק אויך פאַר מיר."

„און דער גורם ביסטו."

„און דער גורם בין איך — —"

גייענדיק אַזוי אירע האַמעטנע טריט, האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז אַנשטאָט צו דערנענטערן זיך אַהיים, דערווייטערט זי זיך גאָר פון איר און כסדר אומגעקוקט זיך, איז נישט געווען זיכער צי קערט זי זיך נישט אום צוריק צו די וואָליער לאָנקעס.

יוכבד האָט געוווּסט, אַז נישט אַלץ וואָס זי האָט געענטפערט שליאַמעקן איז טאַקע געווען בכוח צו באַרעכטיקן איר באַשלוס. אָבער צי שטאַמט עס טאַקע בלויז פון שוואַכקייט, איז דער מקור פון איר דעציזיע, בלויז אַ רעזולטאַט פון פּסיכאָלאָגישער שטערונג, אָדער, פון אַן אונטערבאַוווּסטזיניקן, שטאַרקן כוח, אַן אינערלעכן וואָס וועקט זיך אויף אין אַ באַשטימטער רגע, נעמט אַן דעם מענטש פאַר דער האַנט און פירט אים, ווייזט אים אָן דעם וועג מיט וועלכן ער האָט צו גיין?

אַ לייכט ווינטל האָט געווייעט און צעפּלאָשעט אירע לאַנגע, ברוין־גאָלדענע האָר, געשמירט זיי איבער איר פּנים.

„איך ווייס וואָס מיין באַשלוס באַטייט פאַר אונדז ביידן נאָך דעם ווי אַלץ אַרום אונדז איז פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד. די גאַנצע שולד נעם איך אויף זיך אַליין. וויל איך אַלץ אויסטראָגן, און וואָס עס איז מיר געבליבן, איז נאָר צו בעטן ביי דיר, אַז דו זאָלסט מיר פאַרגעבן, מוחל זיין מיר פאַר מיין שלעכט האַנדלען."

מיט די ווערטער איז זי אַפּ. געלאָזט אים אויף אַ שטעגל, בעת זי אַליין

האָט קוים זיך דערשלעפּט צו אַ חורבה־וואַנט, אָנגעשפּאַרט זיך אין איר און אַזוי שטייענדיק, זיך דערמאָנט אין די באַגעגענישן פון איר מיט שליאַמעקן אין זאַקסישן גאָרטן, אויף אַ באַנק אַרום אַ צעוואַקסענעם אַקאַציע־בוים, אויסבאַהאַלטן פון אויגן, אויסבאַהאַלטן אַפילו פון דער נאַכט אַליין. שעהען לאַנג פלעגן זיי אַזוי זיצן און חלומען אויף דער וואָר וועגן גליק וואָס פאַלט אַ מאָל צו אין גורל פון מענטשן, זוכט אַליין זיי אָפּ.

„ווייזט אויס, איז ביי איר פאַרבייגעלאָפן אַ מחשבה, אַז נישט זיי האָט עס געמיינט, — נישט זיי...״

נישט ווייט פון לעווערטאָווער גאַס, האָט זי באַמערקט ווי לעבן איר שלייכן זיך מענטשן אויף די שפּיץ נעגל, קוים וואָס זיי רירן אָן דעם טראָטואַר. זי האָט נישט געזען קיין פּנימער, ווייל זיי זענען געווען פאַר־טונקלט, פאַרסודלט ווי די שטילע נאַכט אַליין. אין אַ זייטיק נישט באַ־לויכטן געסל האָבן זיי זיך צוזאַמענגעקנוילט, און גלייך האָט זיך דער־הערט אַ יונג מיידלש קול אַריינשרייען אין דער נאַכט אַריין אַ בשורה, אַז עס וועט נישט לאַנג געדויערן און דער אמתער סאָציאַליזם, דער רעוואָ־לוציאָנערער, וועט אויסלייזן די הונגעריקע פון זייער נויט און די בעוולהטע פון זייער לייד און פּיין. אַ מענטשן־מויער איז געשטאַנען אַרום דעם מיידל, געהיט זי, פאַרצעפּעוועט דעם צוגאַנג צו איר. מ׳האָט איר פּנים כמעט ווי נישט אַרויסגעזען, בלויז איר קול האָט זיך געריסן אין דער סומנער נאַכט אַריין און געוואָרנט, אַז מען זאָל נישט לאָזן זיך פאַרפירן פון די פאַלשע סאָציאַליסטן, די אומווירדיקע קנעכט פון קאַפּיטאַליזם, די קאַוטסקיס, די לעאָן בלומס און אַנדערע פאַררעטערס פון אַרבעטער קלאַס. און נישט בלויז פון זיי דאַרף מען ווייכן, האָט דאָס יונגע מיידל גערופן, נאָר אויך פון די וואָס ווילן איינרעדן די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסן, אַז פּאַלעסטינע וועט זיי אויסלייזן פון זייער לייד, פון דער נישט גלייכהייט...

אין אָרעמען געסעלע האָבן שטיל זיך געעפנט טיר און פענצטער און אַריינגעלאָזט דאָס מיידלשע קול אינעווייניק, איז צוגעפאַלן צו געלעגערס פון מידע און פאַרהאָרעוועטע, אויפגעוועקט זיי פון שלאָף און איבערגעלאָזט ביי זיי די האָפענונג, אַז אָט־אָט וועלן אָנקומען די בעסערע צייטן, מיט ברויט צו דער זעט, מיט קליידער און שיך פאַר די אָפּגעריסענע קינדער

און פאַר זיך אַליין, מיט אַ סך קוילן אויפֿן ווינטער אַרויס עס זאָל זיין וואַרעם אין די טוכלע שטיבער זייערע, און אפשר טאַקע אויך קאָנען דערנאָך אַרויס פון דער ענגשאַפט אין וועלכער מען לעבט אַזוי דור איין, דור אויס...

און ווי שטיל די פאַרהילטע, פאַרסודלטע מענטשן־שאָטנס, האָבן זיך באַוויזן, אַזוי שטיל זענען זיי נעלם געוואָרן. איז די נאַכט אַליין געבליבן אויף די אָפּגעליידיקטע גאַסן און יוכבד האָט זי מיטבאַגלייט, איז איר נאָכגעגאַנגען פאַמעלעך, שטיל און פאַרטראַכט.

גאָר פלוצלונג האָט זי זיך אָפּגעפונען פאַרן טויער פון זייער הויז. טאַמאַש, דערזעענדיק זי, האָט זיך אַ שטעל געטאָן פאַר איר. „פאַניענקאָ, פאַניענקאָ — האָט ער כמעט ווי געשריגן, מען זוכט דאָך זי אַרום! שנע־לער, שנעלער, זאָל זי אַרויף אין שטוב, שנעלער!"

*

ר' מרדכי־פייבל איז אויפגעשטאַנען פון פאָטעל, איז צו דער באַלקאָן־טיר און זי געעפנט. אַ פאַרטאָגיק, האַרבסטיק ווינטל, אַ שניידיקס, האָט אַ ווייע געטאָן, אַריין אין שרייבצימער, אויסגעווישט ר' מרדכי־פייבלס אויגן וואָס האָבן געפייכט זיך אין די ווינקלען, צעבלעזלט די האָר פון זיין ברייטער ברוין־גאָלדיקער באָרד.

ביידע, טאַטע און טאָכטער, האָבן נישט אַרומגעזעען זיך, אַז אַזוי שמועסנדיק, איז די נאַכט באַלד פאַרביי. עס איז נישט געווען מער קיין אָרט פאַר רייד. זיי זענען מער נישט געווען בייטיק.

מיט מינוטן פריִער נאָך, ווען זי האָט גערעדט מיטן פאָטער, אָפן און פריי, האָט זי נאָך אַ מאָל געוואָלט זיך אַליין קאָנטראָלירן, דערגרונטעווען זיך צו דעם וואָס האָט איר געבראַכט צו איר גורלדיקן באַשלוס.

„אויב שוואַכקייט און פאַרלאָרנקייט זענען נישט געווען דער גורם פון איר שריט, טאָ וואָס יאָ? אָפּערווילִיקייט? מסירת־נפש? ווי אַזוי באַצייכנט מען אַזאַ טואונג? ווי אַזוי?"

נאָכן לאַנגן איבעררעד מיטן פאָטער, האָט זי געשפּירט, אַז ער פאָלגט נאָך איר יעדער באַוועגונג, אַז ער לעבט מיט איר גרויס איבערלעבעניש.

אַז ער זוכט אַ וועג ווי אַזוי צו פאַרשותּפן זיך מיט דעם וואָס קומט פאָר אין איר.

אָבער זי האָט איצטער זיך געפילט רויִקער, אַפילו שלווהדיק. דעם ענטפער אויף דעם וואָס האָט זי געמאַטערט איז זי איצטער געווען אין שטאַנד אַליין זיך צו געבן.

„און ווען אַפילו ס'איז אַ קרבן, מיינט עס אויך נישט הכנעה, שפלדיקייט. פאַראַן, אַז ס'איז אַ סך מער פון דעם, אַ סך העכער...״

אַ מנוחהדיקע שטילקייט האָט געהויערט אין צימער, נישט אַ שטילקייט וואָס קומט פון אומעט, אָדער וואָס אָנגעזאַמלטער צער שאַפט זי, נאָר אַזאַ וואָס קומט פון פלוצעמדיקער באַפרייונג, פון נישט פאָרויסגעזעענער אויסלייזונג.

אַ שטילע שטילקייט, אַן אָנגענעמע, ווי דער געבורט פון אַ באַגינען אויף גרינע פליינען, אָדער ווי שטיל עס לייגט זיך פרימאָרגן־טוי אויף בלאַט און טריפט אין אים אריין פריש חיות. אַ שטילקייט וואָס האָט דערנענטערט האַרץ צו האַרץ, ווי נאָענט עס קאָנען נאָר זיין צו זיך טאַטע און קינד.

## קאַפּיטל פופצן

אין אַ מיטן וואָכנדיקן טאָג האָבן די יידישע מאַרקהענדלערס אויס־געזעצט זיך אויף זייערע שטעלעכלעך און באַקלאָגט זייער שווערן מצב. אַרום מאַרק זענען געווען אויסגעשטעלט פּוילישע „באַיקאָטניקעס" און האָבן נישט צוגעלאָזט צו אים אַ פּויער אָדער אַ פּויערטע וואָס זענען אָנגעקומען פון די דערפער מיט זייערע פּראָדוקטן.

שייקע דער דאָרפסגייער, אַלץ האָט אין אים געקאָכט. ווען ער האָט געזען האָבן די ליפּן ביי אים אַזש געציטערט.

„וואָס טויגן מיר אַלע פּוסטע רייד? יאָ מלחמה — נישט מלחמה. זי וועט מיך נישט מאַכן מער קבצן. איך דאַרף ברויט פאַר די מיילער אין שטוב ביי מיר, און כ'האָב נישט פון וואַנעט עס צו נעמען. שוין מער פון אַ וואָך ווי מיין זלאַטע קומט נישט אַרויס צו איר סטראַגאַן, האָט נישט דאָ וואָס צו טאָן. דער מאַרק איז פאַרצעפּעוועט, אַרומגערינגלט. פון וואַנעט וועלן מיר נעמען אויף חיונה? פון וואַנעט? מירן האַנדלען איינער מיטן אַנדערן? יאַנקל מיט משהן און בערל מיט פייבלען? איך וועל דיר פאַרקויפן שמאַטעס און דו מיר טעפּ, שיסלען? אויב מיר וועלן אַזוי לאָזן זיך פון די כוליגאַנעס, וועלן מיר דאָך אויסגיין נאָך פאַר דער מלחמה, זי וועט נישט האָבן וואָס אויפצוטאָן, מיט וואָס זיך צו גרייסן!"

קיינער האָט נישט אָפּגערופן זיך. אַלע האָבן געהאַלטן די קעפּ אַרונ־טערגעלאָזט. זענען געזעסן ווי אבלים, האָבן געשוויגן.

„און גיטס נאָר אַ קוק ווער עס פירט אָן מיטן באָיקאָט — שייקעס קול האָט געדונערט, אָנגערעגט, געטריבן דאָס בלוט — זעטס נאָר ווער עס שטייט בראש פון דער באַנדע? טאַדעקל, דעם סטרוזשס זון פון בורשטינס הויז אויף לעווערטאָווער גאַס. מיט אַ גראָבן שטעקן אין האַנט דרייט ער דאָ זיך אַרום און קאָמאַנדעוועט. הערטס, חברה, אויב עץ זענט מסכים, וועל איך איינער אַליין אים אָנברעכן די ביינער, אַז ער זאָל

נישט אויפשטיין קיין תחיית־המתים, איך וועל שוין געפינען דעם וועג, פאַרלאָזט זיך אויף שייקען!״

ערשט איצטער האָט יאַנקל דער היטלמאַכער אויפגעהויבן דעם קאָפּ געעפנט דאָס מויל. זיין גאַנץ לעבן שטייט ער דאָ ביי זיין סטראַגאַן מיט די היטלען וואָס ער נייט, אין דער היים ביי זיך, פאַר די פויערים, פון טונקל גראַנאַטענעם שטאָף, מיט גלאַנציקע דאַשקעס, זיי זאָלן האָבן אָנצו־טאָן זונטיק און אין אַנדערע חגאות אין קלויסטער אַריין. בלויז מיט אַ פּאָר ווערטער האָט ער צו נישט געמאַכט שייקעס איינפאַל: „נאָך דאָס פעלט אונדז צו אין אַזוינע „הייסע״ טעג! אָנבראַכן טאַדעקן די ביינער, אפשר אים נאָך אָוועקליייגן, שייקעס הענט קאָנען עס באַווייזן, און נאַדיר גלייך אַ פּאָגראָם אין שטאָט, נו, דערנאָך וועסטו שוין האָבן פּרנסה? נאָך דעם וועלן די פויערים שוין קומען אויפן מאַרק?״

שייקע האָט זיך געוועדט, איז נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער.

„אַז עץ פאַרשטייט אַזוי, טאָ לאָזט זיך, יידעלעך, שמייסן, לאָזט זיך! פאַרוואָס דען נישט? אפשר פילט איר נישט אַזוי די צרה. צו יאַנקל דעם היטלמאַכער קאָן נאָך היינט אויך אַ פויער זיך אַריינכאַפּן אין שטוב און מאַכן מיט אים מסחר. אפשר אַנדערע אויך אַזוי. אָבער, איך בין אַ דאָרפס־גייער, בין איך. פון זונטיק ביז פרייטיק פאַר נאַכט שלעפּ איך זיך איבער די דערפער. אוי, וואָס ס'איז געוואָרן! זיי האָבן היינט מורא צו עפענען אַ טיר פאַר אַ ייד. איין פויער האָט מורא פאַרן צווייטן. אַזוי אָנגעהעצט זענען זיי. האַלט איך טאַקע, אַז ווען מיר וואָלטן זיי אָנגעלערנט, די באַי־קאָטניקעס, ווען מיר וואָלטן זיי געוויזן, אַז מיר האָבן נישט מורא פאַר זיי, אַז מיר קאָנען אויך אויפהייבן אַ האַנט, וואָלטן אויך די פויערים נישט אַזוי געציטערט אַריינצוגיין אין אַ יידישער קראָם, אַרויפצוקומען אויפן מאַרק.״

און זיי זענען פאַרזונקען אין אַ שווייגעניש, געזעסן פאַרצאָגט, האָבן געהאַלטן אַז שייקע איז גערעכט, אין גאַנצן גערעכט, און געטראַכט, אַז פון דעסט וועגן דאַרף מען האָפן, אַז ס'וועט אַזוי נישט בלייבן, ווייל עס קאָן אַזוי נישט בלייבן....

## קאַפּיטל זעכצן

פון אַלע שטיבער אין הויף האָבן אַראָפּגענידערט צו אים אויסגעזונגענע זמירות ביי שבתדיקע טישן. פון די אייבערשטע דאַכצימערן, אַפילו פון די קעלערשטיבער אַרויס, איז דער שבתדיקער געזאַנג צו אים דערגאַנגען. ווי שטענדיק, ווי אין אַלע־אַלע צייטן. הויפּנס ליכט האָבן זיך געשפּאַרט פון די צעעפנטע פענצטער, געשפּרייט זיך איבערן גרויסן, נאַכטיק־פאַרטונקלטן הויף, אָפּגעזוכט טאַמאַשן וואָס איז דאָרט פאַרווינקלט געזעסן און אָפּגעהעלט זיין שטעכיק, מיט האָר באַוואָקסן פּנים. ער איז געווען אויפגעבראַכט אויף דער העלער ליכט, אויף די צעעפנטע פענצטער, אויף דעם שאַלנדיקן געזאַנג. ער האָט אויסגעקוקט, עס זאָל אים ווער אַ רוף טאָן צו זיך אין שטוב אַריין אויפשטעלן אַ לייכטער וואָס איז אומגעפאַלן, פאַרריכטן אַ ליכט וואָס ברענט שלעכט און... אויסטרינקען עטלעכע גלעזלעך גוטן, רייניקן בראַנפן, נישט אַזאַ ווי ביי בערל דעם שענקער וועלכער מישט אים אַוודאי מיט וואַסער. קיינער האָט אים נישט געדאַרפט. זיין שבת־הילף איז דאָס מאָל קיינעם נישט געווען נייטיק. האָט עס אים געאַרט, איז געוואָרן אין כעס. אַלע אין הויף עסן און טרינקען און טאַמאַשן האָט קיינער נישט אין זינען! קיינער נישט! און נישט בלויז „זיי״ זינגען, נאָר זענען אויך פריילעך, אויפגערוימט. משונהדיקע מענטשן, די יידן אין הויף. אין שטאָט איז אַ בהלה, אַ צעמישעניש. אָט־אָט, זאָגט מען, דאַרף אויסברעכן אַ מלחמה, און זיי, די יידן — ווי עס וואָלט זיי נישט אָנגעגאַנגען! „שאַבעס״ איז ביי זיי, די וועלט איז זייער, אין גאַנצן זייער. און ער וואָס האָט? גאָרנישט! בלויז קלאָזעטן צו רייניקן, ריבשטאָקן צו קערן און סטעפּאַניאַן, זיין שלאַק, פאַר אַ צולאָג.

ער ווייסט נישט ווי אַזוי ס'איז אים געקומען, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז זינט דאָ נישט לאַנג האָט ער אָנגעהויבן פילן אַ פרעמדקייט צו אַלץ אין הויף. צו אַלעם. ער האָט געשפּירט, אַז די צונג איז ביי אים בלעכיק האַרט, אויסגעטריקנט און געדאַרפט זי באַנעצן. אויב אַזוי, איז טאַמאַש

אַראָפּ צו זיך אין שטוב, און אויפן וועג, אָפּגעטרעטן פריִער אין קאַמער. זיך דערשלאָגן צום קעסטל בראַנפן וואָס ער האָט איינגעקויפט אויף יעדן פאַל, צי ס׳וועט יאָ אָדער נישט זיין אַ מלחמה. טאַמאַש האָט אַרויסגענומען אַ האַלב־ליטער־פלאַש, אַרויסגעזעצט דעם קאָרעק מיט איין שטויס מ׳יט דער האַנט, אַ בייג געטאָן דעם קאָפּ אויף צוריק און געגעבן אַ שטאַרקן זופּ. ער האָט אויסגעשפּיגן, נאָך אַ מאָל צוגענומען די פלאַש צום מויל, געהאַלטן זי אַ ביסל לענגער פון פריִער. עס איז נאָך נישט געווען גענוג. איצטער האָט ער אָפּגעווישט איין שפּיץ וואָנצע און אַ זופּ געטאָן פון פלעשל, אַ וויש געטאָן דעם צווייטן שפּיץ פון דער וואָנצע און אויס־געליידיקט די פלאַש.

אין קאַמער איז געווען שטאַרק־פינצטער און טאַמאַשעס אויגן האָבן געלויכטן, געבלינצלט ווי פאָספאָר. נאָר דעם וועג אַרויס פון קאַמער האָט ער נישט געקענט אָפּגעפינען. די פיס וואָס האָבן אים שוין נישט אַזוי לייכט געטראָגן, זענען געגאַנגען ווי אויף דערנער, אויף קלעצער. נאָך יעדן טריט איז ער געבליבן שטיין ווי פאַר אַ וואַנט און ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אַרויפגיין אויף איר. טאַמאַש איז אַרויפגעפאַלן אויף פעסער און קוישן, האָט אומגעוואָרפן גאַנשערס מיט איינגעמאַכטס, איבער־געקערט טעפּ מיט איינגעזויערטע קרויט, סלאָיעס מיט אוגערקעס און געטרעטן אויף גערייכערטע פליישן, ווורשטן און פעטסן מכל־המינים.

ביז ער האָט סוף־סוף זיך דערשלאָגן צו דער טיר פון זיין שטוב. עפּענענדיק זי, האָט ער מיט איין פוס זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ פּאָדלאָגע־שמאַטע און אויסגעצויגן זיך אין זיין גאַנצער לענג.

„גוט אַזוי, גוט אַזוי, האָט ער געוואָרטשעט אין דער טונקלקייט אַריין. „זיי״ טרינקען און טאַמאַש טרינקט אויך. פאַראַן גענוג אין קאַמער. נאָך מער ווי ביי „זיי״. ביין, ביין! „זיי״ עסן איצטער חלות, אַזעלכע זיסע, ווי קוכנס. און פיש און פלייש, און אַזוינס וואָס איז געמאַכט פון לאָקשן, כ׳ווייס, כ׳ווייס, „קוגעל״, „קוגעל״ הייסט עס.

טאַמאַש האָט נישט געקאָנט זיך שטעלן אויף די פיס. ער האָט זיך געקאָלערט איבער דער פּאָדלאָגע, געוואָלט אין עפּעס זיך אָנהאַלטן, גע־שטעקט די הענט פאָרויס, און צו גאָרנישט צוגעקומען. מיט אַ מאָל, האָט

ער דערזען דאָס בילד פון דער „הייליקער מאַמע“ וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט און אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס קוקט אים אַזוי זיין סטעפאַניאַ אין די אויגן אַריין און חוזקט אָפּ פון זיין מעמד... אַ צאָרן האָט אין אים זיך אָנגעצונדן אויף איר. „וואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר, האָט ער גערעדט צום בילד און געמיינט, אַז ער רעדט צו סטעפאַניאַן, דו מכשפה איינע, נעם צו דיינע טייוולאָנישע שליפּיעס פון מיר! וואָס? כ׳געפעל דיר נישט? ניין? דו ממזרת, און דו געפעלסט מיר יאָ?“

טאָמאַשעס מויל האָט אין גאַנצן זיך אויסגעקרימט, געמאַכט משונה־דיקע העוויות. ער האָט געשפּיגן, געוואָלט טרעפן סטעפאַניאַן גלייך אין פּנים אַריין... און ווייל ער איז נישט געווען אין שטאַנד צו שטילן דעם כעס אויף איר, האָט ער אַ שלעפּ אַראָפּ געטאָן דעם שטיוול פון רעכטן פוס און אים אַ שליידער געגעבן צו דער וואַנט־צו. דאָס בילד באַדעקט מיט גלאָז, איז מיט אַ בראַזג אַראָפּגעפאַלן צו דער ערד און עכאָדיק אָפּגע־קלונגען ווי עס וואָלט אַ זאַק מיט מטבעות זיך צעשיט.

סטעפאַניאַ איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, אַ צעטומלטע. זי האָט געוואָלט אַרויסלויפן פון קעלער און מורא געהאַט צו געבן זיך אַ ריר פון אָרט. פלאָפּלענדיק האָט טאָמאַש צוגעקייקלט זיך צו דער וואַנט, איבערקערט זיך מיטן פּנים אַראָפּ, פאַרדעקט מיטן גוף זיינעם דאָס האַלב צעשטאָכענע, צעריסענע בילד פון דער „הייליקער מאַמע“, איז געבליבן ליגן אין אָנמאַכט און געזונקען אין אַ טיפן שלאָף.

## קאַפּיטל זיבעצן

„לעבן דאַרף מען מיט שכל און מיט חשבון. וואָרעם, אַז דו קוקסט זיך אַרום, טאַמאַש, זעסטו, אַז אַ גאַנץ לעבן ביסטו געווען אַ פּאַרקויפטער צו די יידן. געטאָן פאַר זיי, געהאָרעוועט פאַר זיי. געריייניקט אַלע זייערע אומ־ריייניקייטן, געניייגט זיך און געבייגט זיך פאַר זיי, פאַרמאַכט און געעפנט דאָס טויער אין די נעכט, און וואָס האָסטו דערפאַר באַקומען? אַ קעלער־שטוב צום וווינען, אַ פּאָר בידנע זלאָטעס. אַ גאַנץ לעבן געשטאַנען זיי צו דינסט. יעדן טאָג, יעדע שעה. ווען נאָר זיי האָבן געדאַרפט. יאָ! דאָס ביסטו געווען טאַמאַש — אַ שקלאַף ביי „זיי". אַ געבוירענער פּאָליאַק, אַן עכטער פּוילישער מענטש, און אַ שקלאַף ביי די וואָס האָבן געקרייצט יעזוסן. וואָס זאָגסטו? ס'איז נישט אַזוי?"

אַזוינע רייד קאָנען פאַרדריסן, אַריינפירן אין כעס אפילו טאַמאַשן. וואָרעם, וואָס האָט זיין טאַטע, יאַן, אַ סטרוזש ביי בורשטינען אין הויז, געטאָן אַנדערש פון אים? ער איז נישט געשטאַנען מיטן בעזים אין האַנט און געקערט די רינשטאָקן, די קלאָזעטן? האָט ער נישט געהייצט די אויוונס ביי די יידישע איינוווינערס אין הויז? נישט געוואַרט דאָרט אויפן גלעזל בראָנפן מיט פאַרבייסעכץ? און יאַן, זיין טאַטע, האָט נישט געהויבן דעם הוט פאַר די יידן פון זיין הויף? נישט געבויגן זיך אין דאַנקבאַרקייט פאַר יעדן גראָשן וואָס זיי האָבן אַריינגעלייגט אים אין האַנט? ניין! גאָרנישט אַנדערש. ווי טאַמאַש אַזוי יאַן.ביידע גלייך.

אַ מאָל וואָלט טאַמאַש אַוודאי געווען אַנגעזידלט דעם טאַדעקן, אָבער נישט היינט. נישט היינט. פאַראַן פון דעסט וועגן אַ סך אמת אין די גופא רייד זיינע — טראַכט ער. מען דאַרף האַלטן די אויגן אָפן, „לעבן מיט חשבון". מיט דעם איז ער גערעכט, דער דורכגעטריבענער טאַדעק. מען דאַרף לעבן מיט שכל" און אַז מען האָט אים נישט צו פיל, קאָן ער העלפן, דער כיטרער יונג, ער קאָן. אַ ביסל פאַרשטייט ער שוין, אַ ביסל...

זיי זענען געזעסן אָנגעשפּאַרט אין וואַנט פון ר' מרדכי־פייבלס הויז,

אויף דער גאַס וואָס האָט אָנגעהויבן זיך אָפּלײדיקן פון מענטשן, האָבן גערעדט און געשוויגן, גערעדט און איבערגעריסן.

ביני־לביני איז די זון אַוועקגעקומען און עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל. אויף אַ קאַשטאַן־בוים, לעבן הויז, זענען עטלעכע שטראַלעכלעך נאָך געהאָנגען פאַרטשעפּעט — ווי גאָלד געוועב — אין צווייגן־פּלאָנטער, געזוכט, משמעות, אַ באַהעלטעניש פאַר זיך, נישט געוואָלט דורך נאַכט פאַרשלינגען ווערן, ביז זיי זענען אויסגעגאַנגען, פאַרלאָשן געוואָרן.

און אין מיטן דערין... אַ מחנה־יידן האָט זיך באַוויזן אין אַ געלאָף באַרג אַראָפּ דער לעווערטאָווער גאַס. אַ שטילער געלאָף. אָן רעש. אַ גע־לאָף אַהיים, נאָך אַ טאָג צוואַנגס־אַרבעט. זייערע פּנימער — פאַרשאָטנט, גרוי — ווי די פאַרטונקלטע הייזער־ווענט. שטיל דאַרף זיין זייער לויפן איבער דער גאַס. אַזוי איז דער באַפעל פון די דייטשע באַגלייטערס, מיליטער־לייט, קאַוואַלעריסטן וואָס רייטן אויף זייערע אויסדרעסירטע באַזאָטלטע פערד אויף די גלאַטע טראָטואַרן, עס זאָל פאַר זייערע פערד אָנגענעמער זיין דער געלאָף ווי אויף דעם שטיינערנעם ברוק. אַ געלאָף אָן אַ וואָרט אויסרעדן צווישן זיך. בלויז די פערד האָבן געמעגט הירזשען, בלויז זיי, די באַגלייטערס האָבן געמעגט לאַכן, שפּאַסן.

און איינער אַ ייד, שוין אַן עלטערער, די דייטשן האָבן אים אויס־געקליבן, האָט געדאַרפט לויפן פאָרויס דעם מחנה און זינגען און טאַנצן און צופּאַטשן מיט די הענט. בלויז ער. „א ם — א מ ר ת י — מ ט ה — ר ג ל י — ח ס ד ך — ה ש ם — י ס ע ד נ י — — “

אַ יסורימדיק זינגעוודיק קול אין אָוונטדיקער ליידיקייט. זייער מיד האָט ער אויסגעזען, דער עלטערער מענטש, דער שליח־ציבור. גאָרנישט אַזוי אַלט ווי מיד און אויסגעמאַטערט. די קניִען האָבן זיך געבראָכן אונטער אים און ביידע אונטערגעריסענע פּאָלעס פון זיין לאַנגער טוכענער קאַפּאָטע, האָבן זיך נאָכגעשלעפּט אויפן ברוק ווי אָפּגעשונדענע פעל פון אַ בעל־חיים וואָס אָט־אָט דאַרף עס אַוועקפאַלן און אויסציִען זיך אויף דער ערד.

טאָמאַש האָט גלייך דערקענט דעם פּאַן, נישט פאַרשטאַנען פון וואַנעט עס האָט צו אים זיך דערנומען כוח אַזוי צו לויפן, צו זינגען און צו

האַפּסלען מיט די פּיס. אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער אַוודאי אים אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט און אַרויפגעטראָגן אין שטוב, וואָלט אים לפּחות אונטערגעהאַלטן, אָבער איצטער האָט ער אָפּגעטאָן פון אים די אויגן, געמאַכט זיך נישט זען, איז געזעסן געפּלעפּט, נישט אַ ריר געטאָן זיך פון אָרט.

און אפשר האָבן זיי זיך פאַרשולדיקט ?... אפשר, אַ שטראָף אַזאַ פון גאָט פאַר אַלע זייערע זינד ?... און אפשר... אפשר קומט עס זיי ? האַ ? ווער ווייסט, ווער ?

צוויי טעג נאָך דעם האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן פון יאַנען. געוואָלט אַליין, מיט אייגענעם פאַרשטאַנד באַנעמען די זאַכן וואָס געשעען. אין די צוויי טעג איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צעדולטער. אויפן דריטן טאָג האָט ער אויפגעזוכט יאַנען, אַוועקגעזעצט זיך מיט אים פאַרן טויער פון בורשטינס הויז, אויף דער גאַס.

„עס מעג דיך, יאַן, די כאָליערע נעמען, האָט טאָמאַש, דאָס מאָל אַן אויפגעראַמטער, גערעדט צום שכן זיינעם. איר האָט מיך צעמישט, כ'מיין, דו און דיין זינדל, טאַדעק. ווייס איך שוין אַליין נישט צי בין איך טאָמאַש, צי נישט, יאַק שוויענטעגאָ באָגאַ קאָכאַם, אויס טאָמאַש, אויס — מאַכט מיט מיר וואָס איר ווילט, וואָס איר ווילט — — "

ביי יאַנען האָבן די אויגן אויפגעלויכטן. ווי לאַנג האָט זיין טאַדעק געדאַרפט אַרבעטן מיט דעם מטומטומדיקן מוח ביז ער האָט אים אַרויס־געפירט אויף אַ וועג, ווי לאַנג...

„ווערסט נאָך זען, טאָמאַשיו, צו וואָס דו ווערסט נאָך צוקומען ! וויל נאָר זיין אַ מענטש און העלפן מיין טאַדעקן, אַה ! ווי גוט עס וועט דיר נאָך דערפאַר זיין, ווערסט שוין זען..."

און גאָר שטיל, אַז אַפילו אַ פויגל זאָל זיינע ווערטער נישט אַוועק־טראָגן, האָט ער אים אַריינגעשעפּטשעט אין אויער: גיב נאָר פון דאַנעט אַ קוק אויף דער גרויסער וווינונג פון דיין בעל־הבית, זעסט זי ? יאָ ? צו דיר, טאָמאַשיו, וועט עס געהערן. דיינס וועט עס זיין. אַנגעראַבעוועט ביי פּאָליאַקן, אויף זייער חשבון איז ער רייך געוואָרן, פון זיי געלעבט, וועט אַלץ וואָס זיי האָבן צוריק געהערן צו די פּאָליאַקן. טאַדעק וועט

שוין זאָרגן דערפֿאַר, קאָנסט אויף אים זיך פֿאַרלאָזן. נו, קוק נישט אַזוי ווילד אויף מיר, אַ שוויס באַגיסט דאָך דיך אין גאַנצן. נו, שטעל אַוועק אַ פֿלאַש בראָנפֿן. לאָמיר אַראָפּגיין צו דיר, וואַרט נישט.״

יאַנס רייד האָבן אים אָנגעהיצט. זיין פּנים האָט זיך צעפֿלאַקערט. די אויגן־ווייסלען זיינע האָבן זיך פֿאַרצויגן מיט דינע בלוט־אָדערלעך, וואָס האָבן געשטופּט זיך און נישט געוווּסט וווּהין. ער האָט געחזרט אין קאָפּ יאַנס ווערטער: „צו דיר, טאָמאַשיו וועט עס געהערן״, „צו דיר, טאָמאַשיו״ — דער קאָפּ האָט ביי אים אַראָפּגעשוווערט, נישט געקאָנט אים דערטראָגן.

„אַ וויסטע בראָך אויף דיין קאָפּ, יאַן. האָסט אַ גאָלדן צינגל, ווערט טאָמאַש געפּאַנגען פֿון דיינע זיסע רייד. נו, קום, שטעל זיך אויף, קום אין קעלער אַריין צו מיר, וועסט באַקומען אַ לייטישן טרונק, עס זאָל זיך לוינען. אַ טייוול ביסטו, אַ טייוול. אָנגערייצט מיך, און טאָמאַש האָט אָנגע־הויבן גלוסטן. יאָ, מיך גלוסט, אַז אַלץ זאָל זיין מיין, אַלץ מיין — — ״

דאָס ערשטע פֿלעשל האָבן זיי געטרונקען גלייך אויף גלייך: דער אַ גלאָז, דער אַ גלאָז. דערנאָך איז אַוועקגעקומען דער חשבון. שוואַך איז געווען דאָס ליכט ביי טאָמאַשן אין קעלער. בסך־הכל האָט געברענט אַ חלבן ליכטל, און אַן אַ שיעור שאָטנס האָבן אַרומגעווילדעוועט אויף די ווענט. צוליב דער טונקלקייט און פֿון אַ סך טרינקען, האָבן זייערע הענט נישט אָפּגעפֿונען די גלעזער אויפֿן טיש. איצטער האָבן זיי געזופּט גלייך פֿון פֿלעשל און געהאַט די אמתע הנאה.

„גאָט איז אַן עדות, טאָמאַשיו, גאָט אַליין.״

„אַז וואָס?״

„אַז וואָס כ׳וויל דיר זאָגן איז אמת, ריינער אמת.״

„וואָסער אמת? צי נישט אויס ביי מיר די נשמה.״

„אַז אַלץ איז פֿאַר דיין טובה וועגן, אַלץ.״

„וואָסער טובה, צו אל די טייוול, רעדסט האַלבע ווערטער, יאַן.״

יאַן האָט נישט געזשאַלעוועט קיין רייד. טאָמאַש האָט אים געקוקט אין די אויגן אַריין, אין מויל אַריין, האָט אָנגעשפּיצט די אויערן.

„נישט בלויז די וווינונג, נאָר אַלץ, ס׳גאַנצע פֿאַרמעגן זיינס, טאַדעק זאָרגט שוין דערפֿאַר, טוט דערין.״

„ס׳גאַנצע פאַרמעגן זיינס, ס׳גאַנצע, —״ אַלץ פאַר אים... טאַקע אַלץ פאַר אים? פאַר טאַמאַשן?

„זייער גאָלד, זייערע בריליאַנטן, טאַמאַשיו, וועט געהערן צו אונדז, צו אונדז. יאַן האָט געזוכט טאַמאַשן אין דער פינצטער, געטאַפּט מיט די הענט, גערופן אים, און צום סוף זיך איבערגעקערט אויף טאַמאַשן אַרויף וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער פּאָדלאָגע און געקאָלויטשעט מיט דער צונג: „גאָלד — — —״ „בריליאַנטן״ — „צו אונדז —״

„און פון די שטיבער זייערע אַרויס, אַרויס״ האָט יאַן געכאָרכלט, ליגנדיק מיט די פיס זיינע אויף טאַמאַשעס פּלייצע.

„— — פון ד י ש ט י ב ע ר — — — א ר ו י ס — — — — ס׳איז גוט אַזוי, יאַן, ס׳איז גוט — — —״

## קאַפּיטל אַכצן

זיינעביידע הענט זענען געבליבן אַ ווײַלע שטעקן אין דער לופטן און ער האָט זיי גלייך צוריק אַראָפּגעלאָזט. פון געוויינהייט האָט ער געוואָלט מיט זיי אַרומנעמען זיין ברייטע באָרד פון וועלכער עס איז מער נישט געווען קיין זכר. דאָס פּנים אַליין איז, צוליב די וווּנדן, געווען באַנדאַזשירט, און ער האָט עס נאָך אַרומגעוויקלט מיט אַ האַנטעך.

איטשע־בער איז געזעסן מיט אים אין צימער, האָט, פון צער, נישט אויפגעהויבן צו אים די אויגן.

„וואָס שווייגסטו, איטשע־בער? קוק זיך איין אין מיין פאַרשענדט פּנים און זאָג עפּעס, זאָג! וואָס וויל דער רבונו־של־עולם פון די יידן האָבן? וואָס? אַלע מיינע יאָרן בין איך געווען נזהר נישט אויסצופליקן חלילה אַפילו אַן איינציקע האָר פון דער באָרד. ווי זע איך איצטער אויס? ווי אַזוי?”

ער האָט אַראָפּגענומען דאָס האַנטעך פון פּנים, אויפגעבונדן די באַנדאַזשן וואָס האָבן אים געאַרט. די שניטן האָבן אים אָנגעטאָן יסורים.

איטשע־בער האָט נאָך אַלץ געשוויגן. זיין גאַנץ לעבן איז ער אַ תמים אין עבודת־הבורא. אַלע קענען אים ווי אַזעלכן, ווי אַ ייד וואָס דינט דעם אייבערשטן פון ליבשאַפט צו אים, מער ווי פון פאַרכטקייט. עס טוט אים שטאַרק וויי מרדכי־פייבלס צעריסן, צעקאַליעטשטעט פּנים, האָט נישט קיין מוט, קיין כּוח צו קוקן אים אין די אויגן אַריין, לעבט מיט מיט זיינע יסורים, אָבער ווער ווייס און ווער האָט אַ השגה אין גאָטס וועגן? ווער קאָן עפּעס זאָגן וועגן תכלית פון זיין רצון? דאַרף מען שווייגן. דער פאַר־שטענדיקער דאַרף שווייגן, נישטאָ קיין אַנדערער וועג. נישטאָ.

אָבער ר׳ מרדכי־פייבל האָט נישט נאָכגעלאָזט, געוואָלט הערן אַ וואָרט פון אַ ידיד־נפש און עס האָט אים געאַרט, פאַרוואָס איטשע־בער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין זיין שווייגעניש.

„וידעת היום והשבות אל לבבך.” אַזוי לערנט אונדז די תורה. דאַרפן

מיר וועלן וויסן, פאַרשטיין, און דעם פאַרשטאַנד, דאָס וויסן, באַזעצן איז האַרץ. דער בעל „חובת הלבבות״ זאָגט אויך אַזוי. פון דאַנעט, אַז מען מעג וועלן פאַרשטיין וואָס דער הימל וויל, אַפילו מיט דער השגה מיט וועלכער מ׳איז באַשאַנקען.״

„נישט צו אַלעם האָט אַפילו די העכסטע השגה אַ צוטריט, מרדכי־פייבל. צו וואָס זשע טויג עס דיר, צו וואָס?״

„דערפאַר ווייל כ׳האָב געזען געשריבן אין הייליקן זהר, אין פרשת קדושים, פון ספר ויקרא, אַז די וועלט — אונדזער ערדישע, גשמיותדיקע וועלט, איטשע־בער — איז אַ צירוף פון מידת־הדין און מידת־הרחמים. קיין איינציקע רגע, זאָגט דער בעל־הזהר, קאָן די וועלט נישט עקזיסטירן מיט בלויז מידת־הדין. ווי זשע האַלטן מיר? האָבן חלילה אויסגעלאָזט זיך דווקא פאַר אונדז די קוואַלן פון חסד און רחמים? אם כבנים אם כעבדים, זעמיר דאָך נאָך אַלץ בעסער פון די גויים!״

איטשע־בערן איז שווער געווען אויסצוהערן אַזעלכע האַרבע רייד, די תרעומות, האָט ער אָנגענומען ר׳ מרדכי־פייבלס בײדע הענט און מיט זיי אים אַ טרייסל געטאָן, ווי איינער וואָס וויל אויפוועקן אַ פאַרחלשטן, אָן אַוועקגעפאַלענעם כדי ער זאָל צוריק אָפּגעווינען זיין באַוווסטזיין, זיין גלייכוואָג.

„האָב רחמנות אויף דיר, מרדכי־פייבל, דערבאַרעם זיך אויף זיך אַליין. דווקא אין אַזעלכע שווערע טעג דאַרף מען זיך אָנגורטן מיט כוח, טאָר מען זיך נישט פאַרלירן. הער! מען דאַרף האָפן און גלייבן, אַז ס׳וועט מקויים ווערן דער פסוק פון נביא „אפס כי לא אשמיד את בית יעקב נאום ה׳.״ מיט אמונה און בטחון מוז מען היינט לעבן, ברודער־לעב. אין דעם שטעקט היינט די גבורה. ווער ווייס? אפשר אויך דער תכלית פון די שווערע נסיונות?!״

עס האָט שוין געמוזט זיין נאָך האַלבער נאַכט ווען איטשע־בער האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון ר׳ מרדכי־פייבלס שטוב. שוין אויף די טרעפּ גייענ־דיק האָט ער געהאַט שווערע טענות צו זיך. נישט געדאַרפט אַזוי האַרב רעדן מיט אים. עס איז נישט קיין קונץ אויסצובאַהאַלטן זיך אין אַ שאַנק ווען די דייטשן באַפאַלן דעם הויף און זוכן אַלע מענער, אויסצומיידן דורך

דעם יסורים און בזיון פון אויספליקן די באָרד, און דערנאָך זאָגן מוסר, שטראָפּרייד אַ חבר ווען דאָס אַלץ האָט געטראָפן. ניין, דאָס איז נישט דער דרך אין חסידות. לחלוטין נישט. „אַל תדין את חברך עד שתגיע למקומו." דער דרך אין חסידות איז אַראָפּצולאָזן זיך צו יענעם, אַפילו ווען מען דאַרף איינשטעלן אייגענע מדרגות. אַ חסיד דאַרף קאָנען אויסטראָגן צוזאַמען מיט יענעם זיינע יסורים, מיטראָגלען זיך מיט יענעם און אויף אַ בנעימותדיקן אופן העלפן אים אַרויסהייבן זיך צוריק, באַפרייען זיך פון דעם וואָס דריקט אים.

איטשע־בערן איז געקומען אויפן געדאַנק אַריינצוכאַפּן זיך אין שטיבל, פאַרברענגען דאָרט אַ ביסל ביחידות, און גלייך האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דאָס שטיבל איז פאַרהאַמערט, אַז ס'איז נישט אַזוי לייכט אַהין זיך אַריינ־צובאַקומען.

זיינע פיס האָבן אים צוריקגעפירט צו די טרעפּ פון ר' מרדכי־פייבלס שטוב. ער איז שוין געשטאַנען פאַר דער טיר. געוואָלט נישט מער ווי אַריינגיין אויף אַ רגע און בעטן ביי זיין ידיד ער זאָל אים מוחל זיין פאַרן צער וואָס ער האָט אים גורם געווען, פאַר דעם עגמת־נפש וואָס ער האָט אים אָנגעטאָן מיט זיינע רייד. ער האָט עס נישט געטאָן. האָט נישט אָנגעקלאַפּט אין טיר. געטראַכט, אַז עס האָט נישט קיין זינען, אויפצור־וועקן מענטשן אין אַזאַ שפּעטער שעה. „ער וועט עס טאָן אם ירצה השם מאָרגן, גלייך צו מאָרגנס, ווי נאָר זיי וועלן זיך טרעפן." ער איז דעריבער אַראָפּ צוריק פון די טרעפּ, פאַרבייגעשלייכט זיך דעם הויף, און אין געאייל, אַרויף צו זיך אין שטוב ווו חיה, זיין ווייב, האָט אין אומגעדולד אים אויס־געקוקט, געוואָלט אים שוין זען בשלום אין דער היים.

*

לאַנג נאָך איטשע־בערס אַוועקגיין, איז ר' מרדכי־פייבל נאָך אַלץ געזעסן אין זיין ווייכן פאָטעל און נישט געטראַכט פון אַריינגיין אין בעט, פון לייגן זיך שלאָפן.

איטשע־בער, ווייס ער, איז אַן אמתער גוטער פריינד. מיט זיינע רייד האָט ער חלילה־חלילה אים נישט געוואָלט ווי טאָן. אַ חוץ דעם, האָלט ער

אַליין, אַז איטשע־בער איז גערעכט... דאָס מויל ביי אַ מענטש איז נישט באַשאַפן בלויז כדי אַרויסצוברענגען רייד, נאָר אויך כדי צו זיין אַ צוים ווען מ׳קאָן געשטרויכלט ווערן. דעריבער האָט אַ מויל ליפּן צו קאָנען עס צומאַכן, פאַרשליסן. און מ׳קאָן אַפילו האַלטן אָפן און פון דעסט וועגן שווייגן. שווייגן. יאָ ווער נאָך ווי ער קען אַזוי גוט איטשע־בערן וואָס איז ביי אים אין שטוב ווי אַן אייגענער ברודער? ווייס ער, אַז זיינע כוונות זענען געווען גוטע, האָבן נישט געהאַט קיין שום פּניות, און, אַז ער האָט געמיינט בלויז זיין טובה וועגן — נישט געוואָלט, אַז ער זאָל חלילה אַריינפאַלן אין עצבות, אין יאוש. פאַרקערט, געמיינט אים צו זאָגן, אַז וואָס שטאַרקער עס איז דער מענטש, דער ייד, אין נסיונדיקע טעג, אַלץ מערער איז ער מסוגל אויסצוטראָגן יסורים וואָס קומען אויף אים ביז עס קומט די ישועה... אויב אַזוי, טאָר ער נישט האָבן קיין תרעומות אויף אים, אַפילו נישט כהוא זה.

נאָך אַ שעה און נאָך אַ שעה פון דער נאַכט זענען אָפּ. דער שיינער שטיי־זייגער האָט אויסגעקלונגען איין שעה נאָך דער אַנדערער און ער האָט נישט געהערט דאָס קלינגען, ס׳איז נישט דערגאַנגען צו אים. די שויבן־טיר פון באַלקאָן איז געווען פאַרהאַנגען. די טונקלקייט אין צימער — אַ שטאַרק געדיכטע, אַ שווערע. און וואָס האָבן זיינע אויגן געזען?... דאָס גרויסע הויז אויף אַלענבי גאַס... אַזוי ברייט, אַזאַ לענג... אַזוי פיל ליכט שפּאַרט דאָרט אַרויס פון די אַלע פענצטער. אַ סך, אַ סך מענטשן וווינען אין דעם הויז. ער ווייסט עס גוט. געהאַט דעם פּלאַן אין האַנט, געוווּסט אַלע פּרטים. איצטער זענען אַלע וווינונגען באַזעצט, אַ סך מענטשן זענען זיך אָנגעפאַרן אין לאַנד אַריין. עס זענען נייטיק געווען דירות. וואָרעם מ׳קאָן דאָך נישט וווינען אויף דער גאַס, נעכטיקן ביים ברעג ים, אויף אַ באַנק... און ער האָט נאָר געדאַרפט געבן האַנט־געלט, אָפּשליסן דאָס עסק...

און...

אַ בילד אַראָפּ, אַ בילד אַרויף. דאָס דאַרף פון די פרומע. אָט זענען די הייזקעס, די גרינע פעלדער, באַזייטע, באַפּלאַנצטע, באַביימערטע. און די מענטשן דאָרט... בעל־הבתישע יידן. רייכע סוחרים פון דער היים. אַפילו

חסידים, אנשי־שלומנו. ער האָט זיי געזען אין די פעלדער. געזען זיי אַקערן און זייען, האָדעווען שאָף, פּאַשען בהמות, ווי די אור־טאַטעס, ווי אין בראשית...

מנחה־צייט. עלטערע און ייִנגערע, קומען אַנצולויפן פון די פעלדער, ווער מיט אַ רידל אין האַנט, ווער מיט אַ גראָב־אייזן, מיט אַ שניטמעסער. אַנדערע קומען רייטנדיק אויף פערד, אָדער יאָגן אָן אויף וועגענער. זיי פּאַרקערעווען גלייך אין בית־מדרש אַריין — אַ הילצערנע בויד, אַ מין געצעלט אַוועקגעשטעלט אין מיטן פעלד — וואַשן די הענט און שטעלן זיך דאַווענען. וואָסער דאַווענען!

ער קאָן זיך נישט אָפּרייסן פון זיי. ער בלייבט דאָרט נעכטיקן. זיצט היימישדיק און געמיטלעך אין אַ שטוב ביי אַ געקומענעם פון וואַרשע, פון אנשי־שלומנו. געלאָזט דאָרט די הייזער, צוויי געשעפטן אויף נאַלעווקי און דלוגא גאַסן. געקומען פאַרשוואַרצט ווערן, געקומען לעבן, אַ שווער, אָבער אפשר גאָר, אַ שענער לעבן, אַ דערהויבנס...

און דער גמרא־ניגון... דורך אָפענע טיר און פענצטער פּראַלט ער אַריין אין דער שטוב ווו ער געפינט זיך. פון בית־מדרש קומט ער, אויסגעזונגען דורך די פאַרמאַטערטע נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט אין פעלד, אונטער דער ברענענדיקער זון. גלייך נאָך אָוונטברויט האָבן זיי זיך אומגעקערט אַהין, אויסגעזעצט זיך אַרום טישן — פּשוטע, נישט געהובלעטע ברעטער אַרויפגעלייגט אויף ליידיקע קעסטלעך פון מאַראַנצן — פאַרשאַרצט די אַרבל, געעפנט די גמרות און גענומען לערנען אַזוי התלהבות־דיק, מיט אַזאַ ברען, אַז נישט בלויז אין דער שטוב ווו ער זיצט צעקלינגט זיך דער ניגון, נאָר שפּרייט זיך אַזוי איבערן גאַנצן דאָרף, קוואַרטירט זיך איין אומעטום, טראָגט זיך איבער די ברייטע פעלדער און פאַלט דאָרט צו צו די געוויקסן ווי פרימאָרגן־טוי און באַהויכט זיי, באַלעבט זיי, דערשלאָגט זיך צו וואָרצלען פון אור־אַלטן דורותדיקן פלאַנץ, ברענגט זיי אויף, באַנייט זיי.

ער שעמט זיך צו קוקן די מענטשן אין די אויגן אַריין. ער זיצט לעבן זיי אין בית־מדרש. אָה! גאָרנישט אַנדערש פון גרויסן שטיבל אין זיין הויז... נישט אַנדערש פון יצחקל שוחט, פון יאָסל לערמאַן, פון זייער פּלפּולן

זיך, דאָס האַרץ גייט אין אים אויף פון פרייד, פון דעם וואָס די אויגן זעען, פון דעם וואָס די אויערן הערן זיך צו, און ער איז צווישן זיי, מיט זיי — — — ווו? ווו? האַ? וואָס עפּעס? ווו איז עס אַהינגעקומען? ווו זענען די בריקן אַהין? כאַטש איין בריק... כאַטש איינע...

*

לויט זיין חשבון האָט שוין געדאַרפט אָנהייבן טאָגן. ער האָט עס אויס־געשפּירט אַפילו דורכן פאַרהאַנגענעם פענצטער, און ווייל אַזוי, האָט ער געקליבן זיך אַראָפּצוגיין פון געלעגער, וואַשן די הענט און דאָס פּנים, נאָר דווקא אין דער רגע האָט ער איינגעדרעמלט.

ער האָט אַוודאי נישט געדרעמלט מער ווי מינוטן און איבערגעוועקט זיך. אין דער ערשטער מינוט איז אים אויסגעקומען ווי עמעצער זיצט אויף אים און קנאַלט אים איבערן קאָפּ. אַ ווײַלע איז ער נאָך געלעגן אַ צעטומלטער, און גלייך אַ הייב געטאָן זיך פון פאָטעל אַרויס, איז צו צו דער באַלקאָן־טיר, האָט לייכט אָפּגעדעקט דאָס געוואַנט וואָס האָט זי פאַרשטעלט. אונטן, לעבן זיין הויז איז געשטאַנען אַ לאַסטאויטאָ און אויף אים — דייטשע זעלנער, באַלאָדנטע מיט געווער. אַנדערע זענען געשטאַנען אין אַ קופּקע אויפן טראָטואַר.

אַלץ איז צוגעגאַנגען שנעל. עס איז זיי, ווייזט אויס, אַ שאָד געווען די צייט, האָבן זיי נישט געוואַרט, אַז מען זאָל זיי עפענען די טיר, נאָר אויפגעריסן זי מיט כוח, און אָן שהיות אַראָפּגעטריבן די פאַמיליע צווייג־רייך אין הויף אַריין.

אויפן דאַך־שפּיץ פון רעכטן הויז־פליגל, איז געשטאַנען אַ שוואַרצע קראָ, פון די קראָען וואָס באַווייזן זיך שטענדיק אויף די דעכער אין די קאַלטע־סומנע טעג. זי האָט געדזשאַבעט די בלעך פון דער וואַסער־רינע און געקראַקעט אַראָפּ אין הויף אַריין.

ר׳ מרדכי־פייבלען איז דאָס האַנטעך וואָס האָט אַרומגעבונדן זיין באַנדאַזשירט פּנים, אַוועקגעקומען בעתן אַראָפּשליידערן אים פון די טרעפּ. איז ער געשטאַנען אין מיטן הויף מיט צעעפנטע פּנים־ווונדן און זיי האָבן נאָך מער פאַרשענדט זיין אויסזען. זיינע אויגן־בליקן האָבן איצטער גע־

וואַנדערט פון אָרט צו אָרט. ער האָט געזוכט דאָס פענצטער פון איטשע־בערס שטוב, געוואָלט אים כאָטש זען פון דערווייטנס און געזעגענען זיך מיט אים. זיינע בליקן האָבן אים צוגעפירט צום לופטשיקל פון יעקב אהרונס סוטערינע וואָס קוקט שטענדיק אַרויס אין הויף אַריין ווי אַ קראַנק, אייטערדיק אויג, און פון דאָרט, צום פענצטערל פון ישראל דעם טרעגערס קעלערשטוב, ער האָט זיי בײדע כמעט ווי נישט אָפּגעפונען. וואָרעם כאָטש עס האָט די זון געלויכטן און דער הימל איז געווען ימיש בלוי, איז פאַר זיינע אויגן געשטאַנען אַ נעפּל און האָט אַלץ מטשטש געווען, אָפּגעמעקט. זיינע ליפּן האָבן שטיל געשעפּטשעט אַ תפילה צו אַלע יידן פון זיין הויף, אַז זיי זאָלן אים מוחל זיין במחילה גמורה, אויב ער האָט וועמען פון זיי אַ מאָל געטאָן אַן עוולה.

און אויך ביי איטען און ביי די אייגענע קינדער האָט ער געבעטן, אַז זיי זאָלן אים מוחל זיין, אויב ער האָט ווען עס איז זיי ווייגעטאָן, גורם געווען צער, אָנגעטאָן עגמת־נפש און זיי האָבן פון דעם געליטן.

„אויך איך בין אייך מוחל, האָט ער מיט אַ שטיקנדיק קול געזאָגט צו זיי, עץ זעט דאָך ביי וואָס עס האַלט.״ און זיי האָבן זיך אַרומגענומען, צוזאַמענגעקנוילט זיך, געוואָרן איינס.

*

די לעווערטאָווער גאַס איז נאָך געווען ליידיק ווען דער לאַסטאויטאָ האָט אָוועקגעפירט פון אָרט. פון ערגעץ ווו איז צו אים צוגעפאַלן אַ געוויין און האָט זיי באַגלייט אין וועג אַריין. עמעצער האָט אַן עפן געטאָן אַ פענצ־טער און גלייך עס צוריק פאַרמאַכט כדי נישט צו זען מיט די אייגענע אויגן וואָס עס געשעט מיט דער פאַמיליע פון גרויסן גביר צווייגרייך פון דער לעווערטאָווער גאַס.

ר׳ מרדכי־פייבל איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין ווענטל פון דער מאַשין, און האָט געקוקט דורך די שפּאַרעס צו דער ליידיקער גאַס. אַ מאָדנע זאַך. האָט ער אַ טעות, צי נישט? אַ קופּקעלע פון דריי מענטשן האָבן זיך געווינקלט נישט ווייט פון זיין הויז. טאַמאַש און טאַדעק — דעם

סטרוזשס זון פון בורשטינס הויז, און דער דריטער... דער דריטער — נישט קיין אַנדערער ווי דער גראַף יאַזשעמבסקי אַליין. ער האָט אויסגעווישט די אויגן זיינע, געוואָלט זיין זיכער, אַז ער זעט ריכטיק, אַז ער האָט נישט קיין טעות, אַז דאָס זענען די דריי וואָס האָבן געגעבן אַ האַנט צו דעם וואָס פּאַסירט מיט אים און זיינע שטוביקע.

ער האָט אָבער גלייך אָפּגעטאָן די בליקן פון זיי. וואָס גייען זיי אים איצטער אָן? וואָסער שייכות האָט ער מיט זיי, אין אַזעלכע מינוטן ווען אַ ייד ווי ער דאַרף עפּעס אַנדערש האָבן אין זינען.

אַ קאַלטער פרימאָרגן. אַ ליכטיקער. גאָלדענע זון־שטראַלן האָבן זיך אָנגעהאָנגען אויף די טונקל־גרויע הייזער־ווענט פון לעווערטאָווער גאַס, אויף די נאַקעטע ביימער־צווייגן, ווי אָפּצודעקן זייער חרפּה. און זיי האָבן אויך באַצירט, אָנגעלייגט זיך צופוסנס די דריי פאַרבינדעטע וואָס זענען געשטאַנען לעבן אַ הויז־וואַנט און געשושקעט זיך. די דריי, ווען ס׳איז נישט געקומען די פרימאָרגנדיקע ליכט־מתנה, נישט זיי. וואָרעם ערשט מיט אַ ווײַלע פריִער האָבן זיי פאַרטיילט צווישן זיך דעם גרויסן רויב וואָס זיי האָבן פאַרטראַכט.

*

פאַר נאַכט. צופרידן, גרינג־געמיטיק, שטייען טאַמאַש און זיין סטעפאַניאַ ביים צעעפנטן פענצטער און זוכן מיט זייערע בליקן עמעצן פון הויף וואָס זאָל זיי זען אין זייער נייעם שטאַנד. אָנגעאַרבעט זיך אַ גאַנצן טאָג, האָבן זיי איצטער געקאָנט שוין אַ ביסל אָפּרוען, אָנהויבן געניסן פון דעם רחבות. ביי טאָמאַשן איז דאָס בלוט האַסטיק געלאָפן. אים זענען געקומען אויפן זכרון די שבתים און די ימים־טובים, די אַלע טעג ווען ער פלעגט אַרויפ־קומען אַהער צום פאַן כדי צו טאָן די קנעכטישע אַרבעט. ער מוז דאָס אַלץ אויסרייסן פון זיין געדעכעניש, האָט ער צו זיך געזאָגט. פטור ווערן פון זיי אויף שטענדיק. אויף אייביק.

ער איז אַוועק פון פענצטער און איז אַריין אין שרייבצימער ביי וועמעס טיר ער פלעגט אַריינקומענדיק צום פאַן אין שטוב, בלייבן שטיין,

אַריינבייגן זיך צום פּאַן און אים באַגריסן. איבער דער ספרים־שאַנק איז איצטער געהאַנגען דאָס בילד פון דער „הייליקער מאַמע".

„אויך „זי" איז דערהויבן געוואָרן. פון זיין פינצטערן קעלער — אין דער גרויסער וווינונג אַריין פון דעם ייד צווייגרייך. אַ ליכטיקער צימער. עס פּאַסט פאַר איר דאָס אָרט. אין גאַנצן אַנדערש זעט זי זיך אָן. ער וואָלט אַפילו געשווירן זיך, אַז אירע אויגן שמייכלען אַראָפּ צו אים. זענען אים מוחל פאַר אַלץ..."

טאָמאַש איז צו נענטער צו דער שאַנק און האָט אָוועקגעקניט פאַרן בילד.

„האָסט מיט מיר געטאָן אַ חסד, צוגעזען זיך צו מיין שפלות און אַרויסגענומען מיך פון אים. דיין גרויסע גוטסקייט! כ'וועל עס געדענקען, כ'וועל עס שטענדיק געדענקען. אַ קריסט בין איך, אַ גלייביקער, און דער וואָס האָט דאָ בעל־הבתעוועט ?..."

אַ ווילדע פרייד איז באַפאַלן סטעפאַניאַן ווען זי האָט, אַריינקומענדיק אין שרייבצימער געטראָפן איר מאַן קניִען פאַרן הייליקן בילד. „אַ גאַנץ לעבן האָט ער נישט געוואָלט קומען אין קלויסטער אַריין. נישט געגאַנגען קיין מאָל מתוודה זיין זיך פאַרן גלח, און איצטער... ס'האַרץ האָט ביי אים זיך איבערגעקערט."

„גיי נישט אַרויס, מכשפה מיינע, וואַרט אַ מינוט. הערסט וואָס כ'זאָג דיר ? מען דאַרף פּטור ווערן פון זיי, מען דאַרף ! איין מאָל פאַר אַלע מאָל ! זיי קאָנען מיך פון נעכטן, פון הייצן די אויוונס, פון רייניקן די קלאָזעטן. איך וויל עס נישט. איך וויל נישט..."

„גערעכט, טאָמאַשיו, גערעכט !"

„אויב אַזוי, טאָ נעם אַרויס פון זייער קרעדענס אַ גוט פלעשל, וועסט שוין געפינען. לאָמיר פאַרטרינקען דעם נייעם טאָג, סטעפאַניאַ, די נייע צייט, אונדזער ניי גוט לעבן."

„וואָס עפּעס איצטער ? נישט טאָג, נישט נאַכט..."

„וואָס מיר טאָג, וואָס מיר נאַכט ? אַ געזונטע כאָליערע אויף דיין

קאָפּ. ברענג שוין אַריין אַ פלעשל בראָנפן, צי ליקער, אַנישט — גיי צוריק אַראָפּ אין קעלער אַריין, פויל דאָרט ווי אַ הונט.״

סטעפאַניאַ האָט נישט געוואָלט מער הערן פון אַ לעבן אין קעלער, האָט זי אַריינגעבראַכט אַ פלאַש גוטן ליקער וואָס זי האָט געפונען אין שיינעם קרעדענס, און זיי האָבן ביידע געטרונקען און געטרונקען אין דער נאַכט אַריין.

פרישע, געזונטע כוחות האָבן זיך דערוועקט אין טאָמאַשן, און ווי האָבן אים אָנגעפילט מיט פרייד און אַ סך באַגערן...

## קאפיטל ניינצן

ביי אַלעקסי בראַניעוויטש, דער סאָלטיס פון מיכאַלאָווקע, איז נישט לאַנג פאַר דעם אויסבראָך פון דער מלחמה אַוועקגעשטאָרבן זיין איבער־געגעבענע ווייב, אָלגאַ, און מיט איין מאָל איז די גאַנצע ווירטשאַפט אַרויפגעפאַלן אויף זיין קאָפּ ווי אַ שווערע משא. אָלגאַ איז אים געווען געטריי, האָט ס׳גאַנצע לעבן אים געשאַנעוועט און געטאָן אַ סך שווערע אַרבעטן וואָס נישט יעדע פויערטע טוט זיי. אַז זי איז אַוועק, האָט אַלעקסי בראַניעוויטש געדאַרפט וועגן אַלץ אַליין זאָרגן און טאָן זאַכן אין דער ווירטשאַפט צו וועלכע ער איז נישט געווען געוווינט.

מיטן דערנענטערן זיך פון ווינטער איז דער עול געוואָרן נאָך גרעסער. דער עטלעכע־און־זעכציק־יעריקער סאָלטיס האָט קוים געקאָנט אַן עצה געבן זיך אין פעלד מיט דעם אַלעם וואָס מען האָט געדאַרפט דאָרט טאָן פאַרן אַראָפּגיין פון שניי.

אַנדערע פויערים פון מיכאַלאָווקע, וועמעס פעלדער עס האָבן געגרע־בעצט מיט זייגע פעלדער, האָבן נאָך פריִער זיי שוין געהאַט צוגעגרייט צום ווינטער, געוואַרט אויפן שניי וואָס זאָל צודעקן די ערד, זי אויס־וואַרעמען, און געהאָפט, געבעטן, אויף אַ גוט גערעטעניש.

נישט אַזוי איז געווען מיט אַלעקסי בראַניעוויטש. ס׳איז שוין געווען טיפער האַרבסט, די נעכט זענען געווען פראָסטיקע און ער איז נאָך נישט געווען פאַרטיק מיט דעם אַלעם וואָס ער האָט געדאַרפט טאָן, איז כמעט יעדן טאָג אַרויסגעפאָרן אין די פעלדער אַריין, אָפּגעאַרבעט אַ פּאָר שעה און צוריק אַהיימגעפאָרן.

דעם טאָג האָבן זיינע הענט עפּעס נישט געלייגט זיך צו טאָן. אַ פאַר־טראַכטער איז ער געשטאַנען אין דער בלאָטיק־ווייכער ערד, די הענט אין די טאַשן אַריינגעשטעקט, האָט זיך נישט באַוועגט, אויסגעזען ווי אַ סטראַשידלע וואָס מען האָט איבערגעלאָזט אויף אַ ליידיק שטיק פעלד

אויף וועלכן ס׳איז גאָרנישט געבליבן וואָס אויסצוהיטן פון פייגל צי אַנ־דערע בעלי־חיים.

פלוצלונג, און צום ערשטן מאָל, איז אים פאַרביי געגאַנגען אַ געדאַנק, אַז עס וואָלט גאָרנישט געווען אַזוי קרום, אויסצוגעפינען פאַר זיך אַ פּאַ־סיקע ווייב, וואָס זאָל זיין גוט פאַר דער שטוב, פאַר דער ווירטשאַפט, נו, און פאַר אים אַליין... אַלעקסי בראָניעוויטש האָט די מחשבה גלייך אָפּגע־שטופּט, מיט דער האַנט זי אַוועקגעמאַכט. אַפילו פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין. „אויף דער וועלט גייט אָן אַ מלחמה, קיינער ווייסט נישט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען, די גערמאַנען האָבן באַזעצט זיין לאַנד, טוען אָפּ אַל דאָס בייזס, און ער, דער פאַרערטער סאָלטיס, וועט אין זינען האָבן וואָס עס איז גוט פאַר אים, פאַר זיינע בעקוועמלעכקייטן... נו, זייער יושרדיק...״

אַ קלוגער פּויער, דער אַלעקסי בראָניעוויטש. מיט אַ גלייכן, געזונטן שכל. די מיכאַלאָווקער פּויערים האָבן אים טאַקע שטאַרק געשעצט, גע־האַלטן אים זייער בכבודיק. אין לעבן זיינעם נישט געלערנט אין אַ שולע, האָט ער ווי נאָר ער איז אויסגעוואַקסן, אַליין אויסגעלערנט זיך גוט לייענען און שרייבן. פון שטענדיק אָן האָט אים שטאַרק אינטערעסירט וואָס עס טוט זיך אין לאַנד, און אין דער גרויסער וועלט. דערפאַר האָט ער געלייענט אַלע בייעסן אין די בלעטער, און ווען נאָר ער פלעגט צונויפטרעפן זיך מיט פּויערים פון דאָרף, ביי זיי אין די שטיבער, אָדער ביי אים, האָט ער זיי איבערדערציילט פון דעם וואָס ער האָט געוווּסט, וואָס ער האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געלייענט. אָבער, אויסגעקליבן אים פאַר אַ סאָלטיס, האָבן די מיכאַלאָווקער פּויערים נישט בלויז דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ קע־נער, אַ ווייסער, נאָר, ווייל אַחוץ זיין קלאָרן פאַרשטאַנד וואָס ער האָט געהאַט, איז ער געווען — און אין דעם האָבן זיי געזען דעם עיקר חשיבות — אַן ערלעכער, געוויסנדיקער מענטש. אַזאַ אויף וועלכן מען קאָן זיך פאַרלאָזן אין יעדן ענין וואָס מ׳ברענגט פאַר אים כדי ער זאָל אַרויסזאָגן זיין מיינונג. נאָך איינער אַזאַ ווי אַלעקסיי בראָניעוויטש — האָבן זיי געהאַלטן — איז אין מיכאַלאָווקע נישטאָ.

געזען, אַז די הענט האָבן נישט בדעה עפּעס צו טאָן, האָט ער צוריק

איינגעשפּאַנט דאָס פערד אין וואָגן, און... נישט באַוויינדיק אַרויפצולייגן די כלים, האָט אַ סקריע קוילן דורכגעשניטן דעם חלל, ממש איבער זיין קאָפּ. אין נאָענטן וואַלד האָט עפּעס אַ טראַכקע געטאָן, ווי עס וואָלטן עטלעכע אַלטע ביימער געפאַלן פון ווינט צו דער ערד און אויסגעברילט אַ וויגעשריי. אַלעקסי האָט אַרויפגעזעצט זיך אויפן וואָגן, אונטערגעטריבן דאָס פערד און אַרויסקומענדיק אויפן וועג, דערזען אַ מאַשין מיט סאָלדאַטן, אין גרינע מונדירן אָנגעטאָן, אַרויספאָרן אין וואַלד. ביי אים האָט גלייך זיך פאַרגנבעט אַ ספק צי דאָס זענען טאָקע ביימער אומגעפאַלן אין וואַלד, אָדער עס האָבן גאָר די סאָלדאַטן אַ מיאוסע מעשה דאָ אָפּגעטאָן.

מיט איר געלאַסענעם פוילן גאַנג, האָט זיין „גניאַדע" זיך דערנענטערט צום וואַלד וואָס שניידט דורך דעם וועג קיין מיכאַלאָווקע. אָבער, באַלד, באַלד, צי דאַכט זיך אים בלויז אויס? הערט ער אויף אַן אמת אַ מין שלוכצן? ער האָט אָפּגעשטעלט דעם וואָגן און גוט איינגעהערט זיך. יאָ, יאָ! טאָקע פון רעכטן ווינקל, פון יאַזשעמבסקיס וואַלד, ביים סאַמע עק. עס האָט אים אַ הייב געטאָן פון וואָגן אַראָפּ. דאָס שלוכצן איז געוואָרן קלאָרער. אַלעקסי האָט צוגעבונדן די פערד־לייצעס צו אַ בוים און איז אַריין טיפער אין וואַלד, געגאַנגען צום אָרט פון וואַנעט עס האָט זיך געהערט דאָס אונטערגעהאַקטע קול.

געזען האָט ער אַ קערפּער־קנויל. אַ בערגעלע גופים. אַ קאַלוזשע פאַרגליווערט בלוט, ווי אַן ערשטע אייזשיכט איבער אַ וואַסערל, אין אַ רויטן קאָליר.

ער איז געשטאַנען אַ צעדולטער. האָט נישט געוווסט וואָס אָנצוהייבן טאָן. דאָס אונטערגעהאַקטע קול איז צו אים דערגאַנגען פון קנויל אַרויס און ער איז געשטאַנען געליימט, געוואָלט רופן, שרייען, און ער האָט נישט מער ווי געברומט, חיה׳ש געברומט. ער האָט זיך אָנגעבויגן צו דער ערד. עס האָט אים אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן. ביסט אַלעקסי בראָניעוויטש, צי נישט? — האָט ער זיך אַ בייזער געטאָן. זעסט דעם פּאַן צווייגרייך ליגן אַ פאַרוווּנדעטן, אַ געשאָסענעם, און דו שטייסט ווי אַ גולם, טוסט נישט גאָרנישט?! ער האָט שנעל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אייבערשטע מלבו־שים, אַראָפּגעצויגן דאָס העמד פון זיך, צעריסן עס אויף שטיקער און מיט

זיי אַרומגעווישט דעם פּאַן פון בלוט. האָט פאַרבאַנדאַזשירט זיינע ווונדן, נישט קיין שווערע, און ערשט דערנאָך האָט ער אַ ביסל לייכטער אָפּגע־דעכעט. „ער דאַרף לעבן", האָט ער שטיל געזאָגט צו זיך ווען ער האָט דערשפּירט דעם פּאַנס אָטעם אויף זיך. „ער דאַרף לעבן", האָט ער איבער־געחזרט די ווערטער נאָך דעם ווי ער האָט איינגעקוקט זיך אין זיין פאַר־שעדט פּנים און נאָך אַ מאָל געוואָלט זיין זיכער, אַז ער האָט נישט קיין טעות, אַז ס'איז טאַקע דער פּאַן וועמען עס געהערן די וועלדער אַרום מיכאַלאָווקע.

„און וואָס ער האָט נאָך צו טאָן ווייס ער אויך: קובר זיין די וואָס לעבן שוין נישט און מאַכן אַ סימן פון אָרט. אַ גוטן סימן, צו קאָנען דער־נאָך געפינען דאָס קבר, און דעם פּאַן אַליין... אָה! אים וועט ער נעמען מיט זיך, וועט אים אַרויפלייגן אויפן וואָגן, גוט פאַרדעקן, אַז אַ בייז אויג זאָל אים נישט זען. קיינער וועט נישט וויסן, קיינער נישט."

*

די שנייען זענען געפאַלן טאָג און נאַכט, האָבן געהורבעט זיך אין בערג, פאַרשיט די הייזקעס פון מיכאַלאָווקע ביז צו די פענצטער, באַדעקט זייערע שטרויענע דעכער ווי מיט פוכענע פערינעס, אַז עס זאָל די פראָסט נישט אַריין אין די שטיבער. אין אַזוינע טעג האָבן די מיכאַלאָווקער פויע־רים נישט געהאַט וואָס צו טאָן. מ'האָט געפאַרעט זיך אין שטוב, אין שטאַל, געטאָן אין שייער, פאַרראַכטן וואָס מ'האָט געקאָנט און געדאַרפט פאַר־ריכטן, און, אַז ס'איז נאָך געבליבן אַ ביסל צייט, האָט מען אַריינגעכאַפּט זיך צו אַ שכן, אויסגעפרעגט זיך ווי עס האַלט מיט דער מלחמה, וואָס מען הערט אין שטאָט, און פאַר איין וועגס שוין אויסגעטייטשט די רייד פון קרייז־גלח וואָס פרעדיקט יעדן זונטיק אין קלויסטער וועגן דעם, אַז נאָך מער פון פריִער, דאַרף מען אין אַזאַ צייט לעבן און אויפפירן זיך ווי אמתע גלייביקע קריסטן און טאַקע דורך מעשים עס באַווייזן...

אַ ליכטיקער פרימאָרגן איז אויפגעגאַנגען. די פענצטער־שויבן זענען געווען פאַרצויגן מיט פראָסט־ביימער. זון־שטראַלן האָבן אויף זיי זיך אָנגעהאָנגען ווי אָנגעצונדענע ליכט, האָבן געוועקט און אָנגעזאָגט, אַז

ס׳איז זונטיק, אַז ס׳איז שוין צייט אויפצושטיין און גרייטן זיך אין קלויס־טער אַריין. אָנגעפּעלצטע און באַשטיוולטע זענען פּויערים און פּויערטעס אַריין אין די שטאַלן, אין די אָבאָרעס, צוגעגרייט עסן און טרינקען פאַר די בעלי־חיים זייערע, אויסגעמאָלקן די קוען, אַדורכגעזייט די מילך.

אַלעקסי בראַניעוויטש איז אַרויס שפּעטלעך אין הויף, האָט נישט געאיילט זיך. ער איז אַריין אין קושטאַל, האָט אָנגעפּולט די קאָריטע מיט עסן, אָנגעטראָגן וואַסער, אַז די בהמות זאָלן האָבן צו טרינקען, און ביים אַרויסגיין, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן דער „מאַטקאַ״, מיט ביידע הענט אַרומגענומען איר ווייכן האַלדז, מכיר־טובה צו זיין איר פאַר דעם וואָס אַפילו אין שווערע טעג איז זי גוט צו אים, גיט מער מילך פון יינגערע פון איר וואָס פרעסן אָן אַ שיעור און אָן אַ סוף.

אַלעקסי האָט חשק געהאַט אַריינצוכאַפּן זיך כאָטש אויף אַ מינוט־צוויי אין שייער, זאָגן „גוט־מאָרגן״ דעם פאַן, זען וואָס ער מאַכט און גיין אין קלויסטער אַריין. „שפּיל זיך נישט מיט פייער״, האָט ער אַליין זיך געוואָרנט. „דריי זיך נישט צו פיל אַרום דעם אָרט ווו די סכנה איז גרויס״, און ער איז נישט אַריין אין שייער, האָט אים אויסגעמיטן.

זיינע טריט אין קלויסטער אַריין זענען געווען פּוילע, צוריקגעהאַל־טענע. צוויי מאָל אין דער וואָך, מאָנטיק און דאָנערשטיק, פלעגט ער געשיקט ווערן פון פאַנס וואַלד־ביוראָ אין שטאָט אַריין, צום פאַן אַהיים מיט פּאַפּירן, חשבונות און באַריכטן וועגן אַרונטערגעלאָזטע ביימער, איינ־געלייגטע, אָדער אַרויסגעפירטע פון וואַלד. בכבודיק פלעגט דער פאַן אים אויפנעמען ביי זיך אין צימער, רעכענען זיך מיט זיין וואָרט. און בסך־הכל וואָסער שטעלע האָט ער ביי אים פאַרנומען? אַן אויפזעער אין גרויסן וואַלד־טייל וואָס דער פאַן האָט אָפּגעקויפט ביים פּוסטן שיכור, דעם יאַזשעמבסקי וואָס האָט שוין באַלד זיין גאַנץ פאַרמעגן פאַרשפּילט אין קאָרטן און ווער ווייס אין וואָס נאָך.

המ... און איצטער פּרעדיקט „דאָס פאַטערל״ יעדן זונטיק, אַז מען זאָל זיין פרום און גוט, אמתדיקע קריסטן זאָל מען זיין, און פאַרגעסט אָנצו־זאָגן, אַז מען זאָל אויך זיין געוויסנדיקע מענטשן וואָס זאָלן קיינעם קיין שלעכטס נישט טאָן, קיינעם נישט, אָן אויסנעם...

ער איז געווען פון די פּאַרשפּעטיקטע אין קלויסטער און ער האָט דערנאָך נישט געאײַלט זיך צו זיין פון די פריִע אַרויסגייערס. ער האָט וואָס אַן אמת חשק געהאַט צו פאַרשמועסן זיך אַ ביסל מיטן „פּאָטערל״, מרמז זיין אים וואָס מען וואָלט געדאַרפט אין אַזעלכע צייטן פּרעדיקן פאַר די גלייביקע, אָבער ווען ער איז שוין געשטאַנען מיט אים, האָט זיין מויל ביי אים זיך פאַרשלאָסן, נישט געוואָלט אַרויסברענגען אַ וואָרט.

אויפן ברייטן, באַשנייטן סקווער אַרום קלויסטער האָבן, נאָכן געבעט געזאַמלט זיך פויערים־גרופּקעס פון מיכאַלאָווקע און פון דער אומגעגענט. אַלעקסי בראַניעוויטשן האָט נישט געגלוסט זיך אויסצוטוישן אַ וואָרט מיט קיינעם. אים האָט געצויגן אַהיים צו זיך, ער האָט געפילט אַ פרעמדקייט צו אַ סך פון די וועלכע ער האָט יאָרן לאַנג געקענט, געוואָלט זיי אויס־מיידן. אין דעם מאָמענט האָט אים עמעצער אַ רוף געגעבן ביים נאָמען און גלייך איז ער געווען אַרומגערינגלט פון אַ גרויסער פויערים־חבורה.

פראַנעק קאָסטקאָ פון יעזשאַרנע האָט אַ רייב געגעבן איין האַנט־פלאַך אין דער אַנדערער, אַריינגעשפּיגן און געלאָזט זיך הערן:

„ווי כ׳האָב ליב גאָט, אַלץ וואָס כ׳דערצייל איז אמת. זיין שטוב איז געשטאַנען אין עק שטאָט, פון די לעצטע אויף די וואָליער לאַנקעס, ביים שיידוועג. „פעיטאַך״ האָט מען אים גערופן. אַ גוטער סטאָליער. גאָלדענע הענט האָט ער געהאַט. כ׳האָב געפלעגט אַריינקומען צו אים. אַ גאַנצער הויף פול מיט ברעטער. און אַ שטוב האָט ער געהאַט — אַ פּאַלאַץ. נישט לאַנג פאַר דער מלחמה אַליין פאַר זיך אויפגעשטעלט. האָב איך מיר אין האַרצן געזאָגט, וועסט נישט זיין קיין מענטש, פראַנעק, אויב דו וועסט נישט אַריבערשטעלן זיין שטוב קיין יעזשאַרנע. ר׳הערט? וואָס זאָל איך לאַנג ברייען? נישטאָ מער פעיטאַך דער סטאָליער, נישטאָ. און זיין שטוב... נו, אַדרבא, קומט אַריבער קיין יעזשאַרנע וועט איר זי זען. אַריבערגעבראַכט און אויפגעשטעלט זי אויף ס׳ניי...״

ביי אַ סך האָבן די אויגן זיך צעגלאַנצט פון קנאה. זיי האָבן געצויגן די וואָנצעס, געווישט זייערע עקן מיט שפּייעכץ און אויסגעשפּיגן — פון גלוסטונג — אין שניי אַריין.

פראַנעק האָט מיט אַ מאָל אַ קער געטאָן זיך צו אַלעקסין דעם סאָלטיס

און אַרייַנגעבאָמקעט אים אין אויער אַריין, אַז אויך אַנדערע זאָלן הערן זיין זונטיקדיקן סוד.

„הער מיך צו, אַלטער מאַן. קאָנסט אַ סך אויפטאָן פאַר די מיכאַ־לאָווקער פויערים און אויך פאַר די פון די נאָענטע דערפער. מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי עס צו מאַכן. פאַראַן אַ סך שטיבער דאָרט אויף דער לעווערטאָווער גאַס און אַרום איר. די זשידעס זענען דאָרט שוין נישטאָ. אויס מיט זיי... און זייער פאַרמעגן — אַזוי פיל, אַזוי פיל! צו אונדז געהער עס! פאַר אונדזער געלט זענען זיי רייך געוואָרן. אַדרבא, פרעג ביים „פאָטערל", ער וועט דיר זאָגן. אָבער מיט קאָפּ, אַלעקסי בראָניע־וויטש, מיט שכל! פראַנעק קאָסטקאַ קאָן צוהעלפן. ער קאָן..."

אַלעקסין האָט זיך פאַרגלוסט אַ שפּיי טאָן פראַנעקן אין פּנים אַריין. געוואָלט אים דערמאָנען וויפל מאָל מען האָט אים געכאַפּט גנבענען האָלץ פון וואַלד וואָס געהער צום פּאַן צווייגרייך און וויפל מאָל ער איז שוין געזעסן דערפאַר אין טורמע. איז אַ וווּנדער, אַז אַזאַ איינער האָט געמאַכט יד־אחת מיט די דייטשן, פאַרקויפט זיי זיין נשמה? יאָ, ער וואָלט עס אים געדאַרפט זאָגן, אַז אַלע זאָלן וויסן ווער ער איז. אָבער ניין. אויף זיין מויל דאַרף היינט הענגען אַ שלאָס. ער דאַרף און מעג אַלץ אויסהערן און שווייגן, כאָטש יעדעס וואָרט פון פראַנעק קאָסטקאַ האָט ווי מיט בייטשן געשמיסן אים איבערן פּנים.

מיט אַ דערשלאָגן געמיט האָט ער געלאָזט זיך אַהיים, געטאָפּטשעט אין שניי, יעדע ווײַלע אָפּגעשטעלט זיך, ווי ער וואָלט כסדר אָנגעשלאָגן זיך אין שטעכלדראָט, אין אַנדערע שטרויכלונגען צוליב וואָס ער איז כמעט נישט געווען מסוגל צו טאָן אַ טריט פאָרויס.

יחיאל גראַנאַטשטיין

## קאַפּיטל צוואַנציק

פון נאָך מיטאָג אָן האָט די טיר פון איטשע־בערס שטוב נישט צוגעמאַכט זיך. די וואָס האָבן געוווינט ווייט פון ר׳ מרדכי־פייבלס הויז, האָבן אין מורא דורכגעשלייכט זיך איבער דער לעווערטאָווער גאַס און געדאַנקט גאָט נאָך דעם ווי זיי זענען בשלום אַריין צו איטשע־בערן אין שטוב.

ווען ס׳איז אין דרויסן געוואָרן טונקל, האָט מען אָפּגעשלאָסן די שטוב, גוט פאַרהאָנגען די פענצטער. גלייך נאָך מעריב האָט דאָס ביסל מענטשן וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט צו דער הילולא פון אַלטן רבין, אויסגעזעצט זיך אַרום אַ פאַרלענגערטן טיש אויף וועלכן עס זענען געלעגן אָנגעשניטענע שטיקלעך ברויט, ווי פאַרציעס לעקעך אין אַמאָליקע גוטע צייטן. אין מעשענע לייכטערלעך האָבן געפלאָטערט ליכט־פייערלעך, געהויבן זיך און צוריקגעפאַלן, געצאַפּלט ווי ליפּן בעת אַ שטיל געבעט.

נישט בלויז שטיבל־יידן זענען געקומען צו איטשע־בערן אין שטוב אַריין. פאַר איין וועגס האָט ער שוין אַריינגערופן עטלעכע שכנים פון הויף וועגן וועלכע ער האָט געוווּסט, אַז זיי הונגערן צו.

קליגער, דער איינציק פּראָגרעסיווער איינוווינער אין ר׳ מרדכי־פייוול צווייגרייכס הויף, איז געזעסן לעבן יאַנקל דעם סאַדאָווניק — אַ שכן מיט וועלכן מען האָט אָפּגעוווינט ס׳גאַנצע לעבן אַ טיר לעבן אַ טיר און קיין מאָל האָבן זיי כמעט נישט אויסגערעדט אַ וואָרט צווישן זיך, נישט געהאַט קיין שייכות, קוים געשאָקלט מיטן קאָפּ ווען זיי האָבן זיך געטראָפן אויף די טרעפּ. קליגערן איז נישט אָנגעשטאַנען דאָס שכנות מיט דעם איינפאַכן, נישט געלערנטן סאַדאָווניק פון וועלכן ס׳האָט על־פּי־רוב געטראָגן זיך ריחות פון געלעזשנטע באַרנעס, צוגעפוילטע עפּל, צי פלוימען, און באַמיסטיקטע ערד. קליגערס קינדער האָבן אַלע געלערנט אין פוילישע גימנאַזיעס, געטראָגן היטלען מיט גלאַנציקע דאַשקעס און יאַנקלס דעם סאַדאָווניקס קינדער זענען אין די זומער־חדשים אָפּגעלעגן צוזאַמען מיט אים אין די סעדער, געהאָלפן אים אַרויסבאַקומען פּרנסה, און אין ווינטער, האָט

יעדער איינער פון זיי, שוין דערוואַקסענע, געמוזט ווערן „אַ מענטש" ביי יענעם אין אַ געשעפט, צי געדאַרפט אוועק אַרבעטן אין אַ וואַרשטאַט, ווערן גוט אויסגענוצט, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט אַ פאַך אין די הענט.

איצטער האָט קליגער געהאַלטן אַנגעלענט זיין האַנט אויף יאַנקלס אַקסל און באַקלאָגט זיך פאַר אים אויף זיין טרויעריקן מצב. אַ גאַנץ לעבן האָט ער געהאַלטן אין איין מעקלערן, דעם פריץ צוגערעדט צו פאַרקויפן גיטער, וועלדער, און אַנדערע — זיי אָפּצוקויפן. געלעבט פון ווינט, פון דער לופט, פון אַ וואָרט דאָ, אַ וואָרט דאָרט, פון דרייען זיך מיטן שטעקן אין גאַס, פון לויפן פון איין פוילישן רעסטאָראַן אין אַנדערן. און, אַז ס'האָט אויסגעבראָכן די וויסטע מלחמה, איז אין שטוב נישט געווען אַ פענעץ ברויט פאַר די קינדער. שוין באַלד אויספאַרקויפט אַלץ פון די שענק אַרויס, און וואָס ווייטער ?

יאַנקל דער סאַדאָווניק האָט געמאַכט אַ מינע ווי ער וואָלט איינגעביסן אַ זויערן עפּל. ער איז נישט געווען געוווינט, אַז קליגער זאָל מיט אים בכלל רעדן, שמועסן, און אוודאי נישט, אַז ער זאָל אַרויפלייגן אַ האַנט אויף זיין אַקסל, אַנלענען זיך אין אים. — אים האָט שטאַרק וויי געטאָן דעם שכנס ביטערער מצב, נישט פאַרגעשטעלט זיך, אַז וואָס ער האָט געהערט פון אים, קאָן געמאָלט זיין אין אַ שטוב וואָס דרויסנדיק האָט אַלץ אַזוי געגלאַנצט און געפּעכלט, שטענדיק אַזוי לייטיש זיך אַנגעטאָן, אין שטוב ביי אים, אַזעלכע צוויי שפּיל־טישן, פאַר יעדער טאָכטער באַזונדער, געמיינט שטענדיק — כאָטש אַ צווייטער, גרויסער וואַלד־סוחר אין זייער הויז...

ביים טיש האָט מען געקייט טרוקן ברויט. די זופּ וואָס חיה איטשע־בערס האָט צוגעשטעלט אויף דער קיך, איז נאָך נישט געווען פאַרטיק, האָט נאָך געדאַרפט זיך קאָכן. איז מען געזעסן פאַרצאָגט ביים בלאָסן שיין פון די צאַנקנדיקע ליכטלעך, און ס'איז נישט געווען וואָס עס זאָל אַ ביסל אויפהייבן דאָס געמיט, פאַרטרייבן די זאָרג.

יאַנקל האָט אַ צי געטאָן קליגערן ביי אַ לאַץ פון זיין מאַרינאַרקע, פונקט ווי ער פלעגט אַ צי טאָן אַ בוים־צווייג כדי אַראָפּצונעמען מיט דער האַנט אַ רייפע פרוכט. דאָ אַנומלט, ס'איז געווען אין אַ פאַרנאַכט, אומ־

קערנדיק זיך פון דער אַרבעט ביי די דייטשן, האָט ער אין גאַנצן זיך פאַר־געסן, איז אַרויפגעלאָפן אויפן טראָטואַר כאָטש ס׳איז פאַרבאָטן, נאָכגעלאָפן אַ דורכגייער און גערופן: „פעטער בעריש, פעטער בעריש — —״ יענער האָט אַפילו נישט אומגעקוקט זיך, איז ווייטער זיך געגאַנגען זיין וועג. און וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? אַ גוי איז עס געווען, אַ פּאָליאַק! אָבער פון וואַנעט איז געקומען צו אים דעם פעטער בערישס פוטער מיטן ווידרענעם קאָלנער, דאָס פּאָקענע היטל זיינס, דער ביינערנער שטעקן מיטן זילבערן הענטל? וואָס האָט דאָס אַלץ געטאָן ביי דעם פרעמדן גוי? דער פעטער זיינער וווינט דאָך אין קאָנסקיוואָליע, און ער ווייסט גאָרנישט וואָס עס איז מיט אים, ווייסט גאָרנישט...

ביי קליגערן האָט די פּנים־הויט קענטלעך געוואָלט זיך רויטלען, אָנגענומען אַ פאַרב און ס׳איז גאָרנישט אַרויסגעקומען דערפון. ער האָט זיך אָנגעבויגן צו יאַנקלען און אַ זאָג געגעבן אים אויפן אויער:

„איר׳ט גלייבן, שכן? אָט דער איטשע־בער אויף וועלכן איך האָב קיין מאָל נישט געוואָלט זיך אומקוקן, אַזוי פרעמד איז ער מיר געווען, אַזוי ווייט פון מיין זגאַל, ווען נישט ער, וואָלט מען ביי מיר אין שטוב ממש אויסגעגאַנגען פון הונגער! איר הערט?״

און אין קיך, אויף דער האַרטער שלאָפבאַנק זענען געזעסן צונויפ־געטוליעט חיה איטשע־בערס, פּעסעלע יעקב־אהרונס און די איוואַנגעראָ־דערין. אַלע דריי זענען געווען איינגעהילט אין טיכער. בלויז מויל און אויגן זענען ביי זיי געווען אָפּגעדעקט און שטיקלעך לויזע באַקן.

די איוואַנגעראָדערין האָט נישט אויפגעהערט צו שלוכצן, געהאַט טענות צו די דייטשע אכזרים הלמאַי זיי האָבן זי נישט מיטגענומען און אַוועקגעפירט צוזאַמען מיטן מאַן און די קינדער, פאַרוואָס האָבן זיי גע־לאָזט זי אַליין אין שטוב, ווי אַ מת אויף אַ בית־הקברות פאַר וועמען מ׳האָט נישט צוגעגרייט קיין קבר.

ווי שטענדיק האָט פּעסעלע געהאַלטן איר קאָפּ באַהאַלטן צווישן די אַקסלען. אויך איר יעקב־אהרון און יוסף־דוד איר זון זענען צוזאַמען פאַר־צוקט געוואָרן. פון שטיבל אַרויס האָבן טאַדעק און טאָמאַש זיי אַרויסגע־שלעפּט און איבערגעגעבן די דייטשן. זי האָט, ווי תמיד, מורא געהאַט

נישט צו זינדיקן מיט אַן איבעריק וואָרט, פון דעסט וועגן האָט זי דאָס מאָל נישט געפילט מסתמא ווי די אונטערשטע ליפּ בייגט זיך אָפּ ביי איר און אַ זאָג געגעבן: „צוויי צדיקים זענען זיי געווען און ביידן אין איין טאָג פאַרלוירן. נו? — — —" און זי האָט גלייך נאָך מער איינגעהילט זיך אין איר טוך, פאַרשטעלט אין גאַנצן דאָס פּנים, כדי אַז וואָס ס'איז נאָך פאַראַן אויף די ליפּן זאָל נישט אַרויסקומען פון מויל.

פון חיה־איטשע־בערס אויגן האָט געגלאַנצט אַ פייכטקייט. זי וואָלט שטאַרק געוואָלט טרייסטן אירע מיטזיצערקעס אין קיך, פּעסעלען, איר חברטע, און דער שכנה נעבעך, און נישט געהאַט פאַר זיי קיין טרייסט־ווערטער, האָט זי בלויז געווישט מיטן שערצל אירע פייכטע אויגן, געשעמט זיך אויפצוהייבן אירע בליקן צו זיי, געלאָזט זיי צופאַלן צו דער ערד.

נאָך אַ גליק וואָס אין צווישן איז די גריץ געוואָרן פאַרטיק, און די דריי ווייבער זענען אַראָפּ פון דער שלאָפבאַנק, האָבן אַ שטעל געטאָן זיך ביים פייער, גענומען פאָרען זיך ביי די טעפּ, אָנגעגאָסן פולע טעלערס זופּ און דערלאַנגט זיי צום טיש.

אַן אומעטיקע סעודה אין דער יאָרצייט פון אַלטן רבין זכר צדיק לברכה. מער פון אַ העלפט פון די חסידים פון שטיבל האָבן שוין געפעלט. זענען די פּנימער אַרום טיש געווען פאַראַבלט, די מיילער פאַרשטומט און עס האָט געהערט זיך בלויז דאָס זופּן די גריץ ווי אַ כליוסקען פון וואַסער אין ליידיקע רערן.

יאָ. איינער בלויז פון די אַלטע חסידים אין שטיבל — דודל ערליכמאַן — איז פון זיין פאַרשטעקטן אָרט אויף דער באַן־גאַס אַראָפּגעקומען אין איינשטעלעניש, צו איטשע־בערן, צו דער טרויעריקער, אומעטיקער סעודה. ער האָט נישט פאַרטראָגן די פאַרשטומטקייט און אוודאי נישט דאָס טרויעריקע געמיט. איז ער אָפּער פון טיש, האָט אַרויסגענומען פון בוזעם־טאַש אַ פלעשל ספּירט, ריינעם 96־ער, און אַ זאָג געגעבן: „לאָמיר אַ טרונק טאָן, לאָמיר פאַרברענען אין זיך דאָס עצבות. בטחון! בטחון! לאָמיר אָנטרינקען זיך מיט בטחון, אַז מיר וועלן זיי איבערלעבן!"

קעפּ געבויגענע צום טיש־צו האָבן זיך אונטערגעהויבן. אויגן האָבן אָנגעהויבן פלעמלען ווי פייער וואָס דערכאַפּט זיך אויף אַ רגע אין כמעט

אויסגעלאָשענע האַלעוועשקעס. דער עלטערער דודל איז אַוועק אין אַ שטילן ריקוד און ווו נאָר ער האָט אָפּגעפונען אַ פּנים פון וועלכן עס האָט אַראָפּ־געפינצטערט אַ מרה־שחורה, האָט ער גערופן, געבעטן זיך: „לאָמיר זיך שטאַרקן, לאָמיר זיך שטאַרקן, שמחה! דערלאַנגט שמחה פאַר דעם רבינס נשמה וועגן! אין ד׳רערד אַריין די גויים, מירן זיי איבערלעבן, איר׳ט נאָך זען!״

„לחיים — — — ״

„לחיים — — — ״

„זכותו תגן עלינו, הלוואַי, הלוואַי — — —״

עמעצער האָט אָנגעהויבן אויסברומען אַן אַלטן ניגון וואָס מ׳האָט געזונגען ביים רבין, און אַנדערע האָבן שטיל צוגעפּרעפּלט, ווי געשושקעט זיך. נישט מער. אויף מער האָט נישט געסטייעט קיין כוח, דאָס האַרץ האָט נישט געלאָזט... גלייך אויפן טיש איז דער ניגון אויסגעגאַנגען. טליענדיקע פונקען האָבן זיך געלאָשן. ס׳איז ווידער געוואָרן שטיל און קאַלעמוטנע. צוזאַמען מיטן נישט אויסגעזונגענעם ניגון זענען אויך אויסגעגאַנגען די עטלעכע ליכטלעך אין די מעשענע לייכטערלעך. אַ טונקלקייט האָט אָנגע־פילט דעם חלל פון צימער און עס איז נישט געווען בנמצא אפילו אַ ברעקל אויגנשיין וואָס זאָל אַ בליץ טאָן אין דער טונקלקייט אַריין און זי צוצוּרודערן, מינערן איר כוח.

*

שפּעטער, טיפער אין דער נאַכט אַריין, איז איטשע־בער געזעסן אין זיין אַלקער ביי אַן אָפענער גמרא און האָט געלערנט. אויף אויסגעבעטע געלעגערס זענען אין אַ זייטיקן צימער געשלאָפן די פון ווייט געקומענע, צוגעדעקט מיט וואַרעמע קאָלדרעס און ווינטער־מאַנטלען וואָס חיה איטשע־בערס האָט אַרויסגעשלעפּט פון די שענק פון אומעטום. חיה אַליין איז געזעסן אין קיך, געוואַרט מיטן לייגן זיך שלאָפן ביז איר איטשע־בער וועט אויפהערן לערנען און אויך זיך צולייגן.

טראַכטנדיק אירע ווייבערישע טראַכטענישן, האָט זי פּלוצלונג דער־

הערט איר מאַנס טריט זיך דערנענטערן צו דער קיך. פון דרך־ארץ וועגן איז זי אים אַנטקעגנגעגאַנגען.

„ווילסט עפּעס, האַ ?"

„ניין, בלויז געוואָלט עפּעס זאָגן."

חיה האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן צו איר איטשע־בערן, אַפילו אַ ביסל אַפּגערוקט זיך, נישט צו שטיין צו נאָענט.

„מענטשן אין הויף הונגערן. צו קליגערן אין שטוב קומט נישט אַריין אַ ברעקל ברויט, האָט נישט פאַר וואָס צו קויפן. דאָס אייגענע ביי יעקב־אהרונס ווייב. זי דערציילט עס נישט, אָבער איך ווייס, מ׳האָט עס מיר געזאָגט. און די איוואַנגעראָדערין איז אַליין. אויך זי הונגערט צו. ווי אַזוי קאָנען מיר אַראָפּשלינגען אַ ביסן ברויט, ווי אַזוי ? עס דאַרף נישט קאָנען אַדורכגיין די קעל."

„איז וואָס מיינסטו צו זאָגן ?"

„טיילן זיך מיט אַלץ וואָס מ׳פאַרמאָגט. מ׳טאָר היינט נישט לעבן פאַר זיך אַליין. מ׳עט פאַרקויפן די פאַסן־לעדער וואָס ליגן באַהאַלטן און קאָכן עסן פאַר די וואָס נייטיקן זיך אין דעם. קאָכן און צעטיילן."

„נו, אַדרבא, פאַרוואָס נישט ? אַז דו ווילסט אַזוי."

„און נאָך אַ בקשה צו דיר : עס ווילט זיך מיר שטאַרק לערנען, אַזוי לאַנג ווי מ׳קען נאָך. וועסטו זיך פאַרנעמען מיט אַלע שטוב־ענינים, פאַר־קויפן און קויפן וואָס מען דאַרף. אַ ביסל שפּעטער, פאַרטאָגס, רעכן איך צו פאַרגנבענען זיך אין שטיבל אַריין און אַרויפּברענגען מיר אַ ביסל ספרים וואָס כ׳דאַרף."

„מהיכי תיתי. אַז ס׳איז אַזוי דיין רצון, טאָ זיץ און לערן, פאַרוואָס נישט ? קאָנסט זיך פאַרלאָזן אויף מיר. דער אייבערשטער וועט אונדז אויסהיטן."

איטשע־בער האָט אומגעקערט זיך צו דער גמרא. געגומען פון ס׳ניי אַריינאַקערן אין דער רש״י וואָס איז געווען שווער, נישט געקאָנט זי פאַרשטיין און איז איצטער אים אויסגעקומען נאָך שווערער, אומפאַר־שטענדלעכער. ער האָט געבלעטערט אין מפרשים, געזוכט ביי זיי הסברים, אויסטייטשן, און נישט געפינענדיק קיין באַשייד, האָט ער זיך אויפגע־

שטעלט, געטריטלט אויף און אָפּ, צוגעברומט שטיל זיין ניגונדל מיט וועלכן ער איז געווען איינגעוווינט, געפּלפּולט זיך מיט זיך אַליין, גע־ענטפערט און אָפּגעפרעגט זיך.

חיה איז געזעסן פאַרווינקלט אין קיך. עפּעס האָט איר דאָס האַרץ אונטערגעזאָגט, אַז ס׳איז גוט וואָס זי איז אויף. אַ צווייי מנינים יידן שלאָפן ביי איר אין שטוב, דאַרף מען זיי היטן. צו אירע אויערן איז דערגאַנגען דער שטילער ניגון וואָס האָט באַגלייט איטשע־בערס גמרא־לערנען און זי האָט מורא געקריגן אַז עס זאָל חלילה אַן אָפּקלאַנג זיינער נישט אַראָפּ אין הויף אַריין. זי האָט זיך אָפּגעריסן פון דער שלאָפבאַנק, אַראָפּגערוקט דאָס טיכל ביזן האַלבן שטערן, אָפּגעשטעלט זיך אַ ווײַלע לעבן קיך־פענצטער, און איז אַריינגעלאָפן צו איטשע־בערן.

„געהערט טריט אין הויף. אַזעלכע שווערע טריט. וואָס קאָן עס זיין ?"

„עט, נאַרישקייטן. איך האָב נאָך פריִער עס געהערט, זיי געזען."

„געזען ? געהערט ? וועמען ? וועמען געזען ?"

„טאַמאַשן און טאַדעקן. פון אָנהייב אָוונט אָן הוליען זיי דאָרט ביי מרדכי־פייבלען אין שטוב. מסתמא, גוט אָנגעטרונקען זיך, זענען זיי אַראָפּ אַ ביסל אין הויף."

„מיר דאַכט זיך, אַז ווען כ׳האָב איצטער אָפּגעדעקט די קאָלדרע פון דעם קיך־פענצטער, האָב איך זיי געזען אַרויפקוקן אַהער. כ׳ווייס נישט, אָבער מיר איז אַזוי אויסגעקומען."

„אַרויפגעקוקט, זאָגסטו ? בלויז געדאַכט זיך. דעם מענטש דאַכט זיך, אַז ער זעט, און דעם אייבערשטנס אויגן זענען אומעטום. אַז ס׳וועט אַזוי זיין דער רצון זיינער, וועט ער אונדז אויסהיטן, אַלעמען אַזוי, און אויב חלילה נישט... „אשרי שאל יעקב בעזרו". ווייל איז דעם וואָס אין אַן עת־צרה, נעמט ער זיך גאָט צו הילף. אַן אַלטער חסיד האָט אַזוי געטייטשט דעם פסוק, געלערנט אַ דרך. טו אויך אַזוי... עס וועט דיר לייכטער זיין..."

אָבער חיה, פאַרט נישט מער ווי אַ יידענע, אַ שוואַך נפש, איז זי נישט געווען אין שטאַנד אויסצורייסן פון האַרץ איר פחד, אויסצובאַהאַלטן אים פון איר מאַן.

„טאַמאַש און טאַדעק וועלן נישט סתם אַזוי אַרומדרייען זיך אין הויף

אין מיטן דער נאַכט. עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז זיי פאַרטראַכטן עפּעס. טאַדעק האָט מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף אונדזער פענצטער. יעך בין כמעט ווי זיכער."

„הער, אויב וויל מען נישט פון הימל, איז אַזאַ טאַדעק, צי טאָמאַש, אָדער אַן אַנדער גוי, נישט אין שטאַנד אַפילו אויפצוהייבן אַ האַנט, צו טאָן שלעכטס, און אויב חלילה פאַרקערט... טאָ ווער קאָן העלפן, ווער?

חיה האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט. זי איז געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט אין דער טיר פון אַלקער ווו איטשע־בער איז געזעסן און געלערנט, און האָט זיך דערמאָנט, אַז שטענדיק, אַלע יאָרן, ווען נאָר זי האָט געפּלעגט אַראָפּרעדן זיך פאַר איר איטשע־בערן, איז איר געוואָרן לייכטער, ווי ער וואָלט דאָס שווערע, דעם עול, מיט דער האַנט אָוועקגענומען. אמת, אין די יינגערע יאָרן האָט זי געליטן פון זיין פירן זיך, עפּעס גאָרנישט נאָטיר־לעך, ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין שייכות... נאָר, אַז די יאָרן זענען סיי ווי שוין אַוועק, וואָס איז טייטש צו האָבן טענות צו אַ געלייטערטן מענטש? צו אַזאַ איטשע־בער?... נאָך קיין מאָל נישט ווי היינט האָט זיך איר געוואָלט עפּעס זיין אַזוי נאָענט צו אים, אַהערברענגען זיך אַ שטול און זיצן לעבן זיין אַלקער, נישט רעדן צו אים, נישט שטערן אים אין זיין לערנען, בלויז איינהערן זיך אין זיין צוזינגען, אָדער איינפאַך, געפינען זיך לעבן אים...

אויף די שפּיץ־פינגער האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט פון שטוב. עס קאָן זיין, אַז נאָך פריִער האָט זיין שטילער ניגון איינגעשלעפּט חיהן וואָס איז צום סוף צוריק אַריין אין קיך און געבליבן זיצן אויף איר שלאָפבאַנק. און עס קאָן אויך זיין, אַז זי האָט אים יאָ געזען פאַרביישלייכן זיך לעבן דער קיך, אָבער נישט געוואָלט אים אָפּהאַלטן פון פאַרגנבענען זיך אין שטיבל אַריין כדי אַרויפצוברענגען פון דאָרט אַ ביסל ספרים וואָס זענען אים נייטיק, און פאַר איין וועגס אפשר אויך בלייבן דאָרט דאַווענען — וואָס ער טוט טייל מאָל, טאַקע בגניבה — ווען ער נעמט מיט זיך מיט טלית־און־תפילין. אַזוי צי אַזוי: איטשע בער איז ווי אַ ווינט דורכגעלאָפן דעם הויף, אַריין אין שטיבל דורך דער הינטערטיר וואָס ער האָט געוווּסט ווי אַזוי זי צו עפענען, און גלייך זי צוריק פאַרריגלט.

אין דרויסן האָט נאָכט שוין געהאַלטן ביי אויסענדיקן זיך, אָבער אין פאַרוואָרלאָזטן שטיבל איז אַ געדיכטע פינצטערניש נאָך געשטאַנען ווי אַ דיקע מויער. איטשע־בער האָט געטאָן דעם ערשטן טריט פאָרויס און איז אומגעפאַלן אויף אָנגעוואָרפענע גמרות און אַנדערע ספרים. ער האָט דערשפּירט אַ שטאַרקן ווייטיק אין דער פּלייצע, אַז עס האָט אים אַזש פאַרשווינדלט אין די אויגן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז מסתמא אַרויפגעפאַלן אויף אַ דיקן רוקן פון אַ ספר, אָדער אויף אַ קאַנטיקן חפץ. ליגנדיק אַזוי, איז אים פאַרביי אַ געדאַנק צוזאַמענצונעמען זיך, פּרובירן זיך אויפשטעלן און אַרויפגיין צוריק אין שטוב, וואָרעם נאָכן אויסגליטשן זיך וועט ער נישט זיין אין שטאַנד צו נעמען מיט זיך די ספרים וואָס ער האָט געהאַט בדעה אויסצוקלייבן פאַר זיך. ער האָט אויך אַ טראַכט געגעבן וועגן חיהן. ס'איז זיך משער צו זיין, אַז זי האָט אים געזען אַרויס־שאַרן זיך פון שטוב, אַז זי איז נישט געשלאָפן. אויב אַזוי, זיצט זי אַוודאי ביים פענצטער און קוקט אים אויס, וואַרט מיט ציטער, אַז ער זאָל בשלום זיך אומקערן. אַ כשרע אישה, זיין חיה. אַ גאָטספאָרכטיקע. ער ווייס עס גוט. קאָן זיין, אַז אין די פריִערדיקע יאָרן האָט ער נישט געפירט זיך כלפּי איר ווי עס באַדאַרף צו זיין. זי האָט אַוודאי געליטן פון דעם, נישט גע־מיינט צו האָבן אַ מאַן וואָס זאָל זיין אַזוי ווייט פון איר... כאָטש, עס זעט אַפילו נישט אויס צו זיין אַזוי. וואָרעם זי האָט שטענדיק, אין אַלע צייטן, נישט געקוקט אויף זיין פּירעכץ, אים שטאַרק מכבד געווען. ניין, ניין! ער קען גוט דאָס נפש, ווייסט ווי אַנדערש זי איז פון סתם־ווייבער. טאַקע אַ דערהויבענע. איז, וועט ער טאַקע אויפשטעלן זיך און אַרויף צוריק אין שטוב. זאָל זי זיין רויִק, זאָל זי כאָטש נאָך אַ ביסל זיך צולייגן און אַדורכ־שלאָפן זיך.

טריט אין הויף. זיי האָבן זיך דערנענטערט צום שטיבל. אין דער ערשטער מינוט האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז חיה, זיין ווייב, אַז זי איז אַראָפּגעקומען זען וואָס ער טוט, העלפן אים אַרויפטראָגן די ספרים, אָדער גאָר — פאַרלוירן דאָס געדולד צוליבן פּחד וואָס זי האָט געטראָגן אין זיך און געקומען אים רופן, אַז ער זאָל נישט אויפהאַלטן זיך צו לאַנג אין שטיבל. יאָ! עס לייגט זיך אויפן שכל. באַלד, באַלד! די טריט זענען

גאַר אַזעלכע שווערע, שווערע, ביין, ס׳איז נישט חיה. ס׳איז נישט. אין זיין געהער האָבן אָפּגעקלונגען האַרטע באַטשוועקעטע טריט, ווי זעל־נערישע. טאַדעק איז עס. עס קומט אים אַזוי אויס. ער דערקענט שוין זיין גאַנג. יאָ. בפירוש ער.

זיינע ליפּן האָבן פון זיך אַליין אָנגעהויבן שאָרכן: נ ש מ ת כ ל ח י ת ב ר ך א ת ש מ ך — — — ו ר ו ח כ ל ב ש ר — — — ת פ א ר ו ת ר מ ם — — — ו ב ל ע ד י ך א י ן ל נ ו מ ל ך ג ו א ל ו מ ו ש י ע פ ו ד ה ו מ צ י ל ו מ פ ר נ ס ו ע ו נ ה ב כ ל ע ת צ ר ה ו מ צ ו ק ה — — —

טאַדעקס פּנים האָט געקלעפּט אין פענצטער־שויב פון שטיבל. אַ פּאָר וועלפישע אויגן האָבן אַריינגעגלאַנצט אין סופּנאַכטיקער טונקלקייט.

מיט ביידע הענט האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אין פענצטער. קוים געקאָנט איינשטיין אויף די פיס. „פּשיאָ קרעוו, זשידזשיע, זאַביען, זאַביען — —״ מיט דער האַנט האָט ער אַ זעץ געגעבן אין דער שויב און זי צוצעבראָכן אויף פּיצלעך.

אויסגעצויגן אויף דער ערד, באַדעקט מיט ספרים־בלעטער, האָט איטשע־בער שטיל געשאָרכט: „ועונה ומרחם בכל עת צרה וצוקה — —״

טאַדעק האָט אויפגעריסן דאָס שטיבל־פענצטער, צעקאַליעטשעט זיך די הענט און אַריבערגעקייקלט זיך איינעווייניק אַריין. זיינע צעווילדע־וועטע אויגן האָבן געגנישטערט, געזוכט און מיטן אָנגעצונדענעם לעמפּל אין דער האַנט, אים דערזען. אַ העלער ליכטפּאַס איז געפאַלן צו איטשע־בערן. טאַדעקס קול האָט ווי פון אַ זעג אַרויס געשניטן זיך הייזעריקלעך.

„אויפשטיין, שנעל אויפשטיין!״

ווי אַ הונגעריקער וואָלף צו זיין רויב איז ער צו אים צו, האָט אָנגע־כאַפּט איטשע־בערן ביים שיטערן בערדל זיינעם און פעסט אים צוגעצויגן צו זיך. „אהה, ווי גוט, ווי גוט! איינגעבערענגט מיר אַ וועג. געוואָלט אַרויפ־קלעטערן צו דיר. איז גוט אַזוי, גוט. אַליין מיר געקומען אונטער די הענט. וואָס טוסטו דאָ? האָ? האַלטסט דאָ געלט באַהאַלטן, איאָ? ווייז מיר גלייך ווו ליגט, כ׳וועל שיסן, הערסט?״

„געקומען נעמען אַ פּאָר ספרים אין שטוב אַריין, צום לערנען.״

„אַ ליגן, אַ ליגן! נאַדיר אַדרויף וועסטו זאָגן דעם אמת. וואָס? עס רינט שוין בלוט פון פּנים? שוין? וויש אָפּ, וויש אָפּ.״

מיט אַ שפּיץ אַרבל פון זיין קאַפּאָטע, האָט איטשע־בער געווישט דאָס בלוט וואָס איז ביי אים געראָנען פון די באַקן, פון מויל, און פון דער נאָז.

„נו, זאָג, ווו האַלטסטו דאָס געלט? זיי נישט קיין עקשן, ברענג נישט טאַדעקן אַריין אין כעס, עס לוינט נישט.״

„קיין שום געלט נישט באַהאַלטן, טאַדעק! דיין טאַטע און טאַמאַש, ביידע קאָנען מיך גוט, זיי ווייסן, אַז איך בין נישט אַ ליגנער. מעגסט מיר גלייבן, טאַדעק.״

די יוכע האָט אין טאַדעקן זיך אָנגעצונדן, צעפלאַקערט זיך.

„ביים נאָמען מיך אָנגערופן? כ׳בין דיינס גלייכן? דו פאַרשיווער, דו...״

צוויי פּאָר אויגן. איינע — אין בלוט פאַרלאָפענע, צעשראָקענע. די צווייטע — אַ העליש פייער אין זיי, נאָר אַרויסצושפּרינגען פון די לעכער און פאַרברענען, פאַרברענען.

„ו ר ו ח ו נ ש מ ה ש נ פ ח ת ב א פ י נ ו ו ל ש ו ן א ש ר ש מ ת ב פ י נ ו ה ן ה ם י ו ד ו ו י ב ר כ ו ו י ש ב ח ו ו י ע ר י צ ו א ת ש ם — — —״

וואָס מרוקעסטו צו אַלדי רוחות, שעלטסט טאַדעקן, איאָ? אים וועט גאָרנישט געשען, דיר, דיר — — —״

איטשע־בער איז איצטער געווען פאַרנומען מיט זיך אַליין, האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף טאַדעקס רייד. „בכל נפשך ובכל מאדך.״ אַ ייד איז יעדע רגע אויסגעשטעלט אויף נסיונות — האָט ער אָנגעהאַלטן אַ מחשבה — אַפילו אין די לעצטע מינוטן טאָר מען נישט מסיח־דעת זיין פון באַשעפער. פון דעם וואָס אַלץ און יעדער געהערן אים... און די ליפּן זיינע האָבן שטיל געשעפּטשעט: „נאָר נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך, אַפילו ווען דאָס מעסער איז אויפן האַלדז. אַפילו דעמאָלט. נאָר אָנהאַלטן זיך אין „אים״, ביז דער לעצטער רגע מיט „אים״ — — — ״

אין איינער אַ סעקונדע האָט ער פּאָר זיינע אויגן געזען דעם רבינס געשטאַלט, אָט אַזוי ווי ער פלעגט אים זען אין זיין צימער ביים „שלום״

נעמען ציביים געזעגענען זיך. אַרומגענומען אין געבלימלטן זיידענעם שלאָפראָק, די האַנט אויף די אויגן פאַרשטעלט, ביז, ביז ער דעקט זיי אָפּ און אַ מילדער שמייכל באַווייזט זיך אין זיי און עס ווערט עפּעס אַזוי גרינג, אַזוי לייכט און גוט...

„רבי, ר ב י — — —״ אַ לעצטער אויסגעשריי ווען טאַדעק האָט אַ טשמעליע געטאָן אים אין קאָפּ מיטן שווערן לייכטער וואָס ער האָט אַראָפּגענומען פון עמוד. „ררר — — בבבבב — — — ״

„אַ ייד אַן עקשן. נישט געוואָלט אויסגעבן ווו ער האָט באַהאַלטן דאָס געלט. איז עס אים געקומען, געקומען — — —״

*

אין אומגעדולד איז חיה געזעסן ביים פענצטער און אויסגעקוקט איר איטשע־בערן. „צו לאַנג. צו לאַנג. וואָס טוט ער דאָרט אַזוי לאַנג?״

און ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ אישה, האָט זי מיט איר לשון געזעדט צום הימל, געבעטן זיך ביי דעם וואָס זיצט דאָרט און פירט אָן מיט דער גאַנצער וועלט, מיטן גאַנצן באַשאַף, אַז ער זאָל זיך צוהערן צו איר מאַנס תפילות וואָס ער שיקט אַוודאי צו אים פון פאַרלאָזטן, וויסט געוואָרענעם שטיבל. וואָרעם אַ צדיק איז ער, איר איטשע־בער, קיינער ווייסט עס נישט אַזוי ווי ער אַליין, דער רבונו־של־עולם, און אויך זי קאָן דאָך עדות זאָגן, אויך זי...

אַז ס'איז אָפּ נאָך אַ ביסל צייט, און איטשע־בער האָט זיך נישט באַוויזן, האָט איר אַזוי פאַרקלעמט ביים האַרץ, אַז זי האָט נישט געוווּסט וואָס צו מאַכן מיט זיך, ווו זיך אַהינצוטאָן. „וואָס מער מען האָט ליב דעם אייבערשטן, אַלץ מער דאַרף מען פאַר אים מורא האָבן, אָבער נאָר פאַר אים, נאָר פאַר אים — — —״. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז ערשט מיט אַ פּאָר שעה צוריק, ווען ער איז געזעסן אין אַלקער און געלערנט, האָט ער איר די ווערטער געזאָגט, און ס'איז פון איר אַנטרונען די שרעק וואָס האָט זיך געזאַמלט אין איר.

זי איז געווען מיד און פאַראומערט, האָט נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס. האָט זי גענומען פון קיך אַ טאַבורעטקע, אַוועקגעזעצט זיך לעבן

פענצטער, אַראָפּגעקוקט צום שטיבל־צו, געוואָלט אים שוין זען אַרויסגיין פון דאָרט מיט טלית־און־תפילין.

ווען ס'איז געוואָרן גרויסער טאָג, די זון איז שוין געשטאַנען איבערן הויף און איר איטשע־בער איז נאָך נישט געווען צוריק פון שטיבל, איז איר האַרץ פאַרכוואַליעט געוואָרן מיט שרעק און נישט געקאָנט מער זיך באַפרייען פון אים. חיה האָט פאַרבראָכן די הענט, אַריינגעשלוכצט אין פאַרטעך און מיט אַ טיכל געווישט אומאויפהערלעך דאָס אין שווייס באַגאָסענע פּנים. אַ ציטער איז אַדורכגעגאַנגען איר לייב ווי עס וואָלט אַ שנייִדיקע פראָסט זי דורכגענומען.

„שוין אַזוי שפּעט, האָבן אירע ליפּן געפּרעפּלט, אַזוי שפּעט... אַזוי לאַנג דויערט ביי אים היינט דאָס דאַווענען? אַזוי לאַנג? — — —"

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

אַליין, אָן קיינעמס הילף, האָט אַלעקסי בראָניעוויטש געהיילט די ווונדן פון ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך. ער האָט אים אויסבאַהאַלטן אין זיין תבואה־שייער. אויסגעגראָבן דאָרט אַ גרוב, פאַרלייגט אים מיט דרענ־גער און פאַרדעקט מיט אַ סך בינטלעך תבואה.

ביסלעכוויז האָט ר׳ מרדכי־פייבל אָנגעהויבן קומען צוריק צו זיך. פון די ווונדן זענען געבליבן אַ ביסל שראַמען, אַ ביסל ווייטיקן, און צו דעם — קאָשמאַרע זעונגען אויף דער וואָר און אימהדיקע חלומות אין די נעכט.

יעדן אין דער פרי, ווי נאָר אַלעקסי פאַרטיקט זיך אָפּ אין די שטאַלן, אין כלעוו, שאַרט ער זיך אַריין אין שייער, דעקט אָפּ דעם גרוב, דערלאַנגט אַראָפּ דעם פאַן אַ ביסל געקאָכטע וואַסער, אַ שטיק ברויט, אַ ביסל גרינוואַרג, אַ פרוכט. אָפּט מאָל, פאַרגעסט זיך אַלעקסי און בלייבט אַזוי ליגן אַ צייט איבערן אָפּגעדעקטן גרוב, רעדט שטיל אַראָפּ צום פאַן, בעט זיך ביי אים נישט צו זיין באַזאָרגט, נישט צו ווייטיקן צו פיל, ווייל נישט אָן אַנדערער ווי נאָר גאָט אַליין האָט געוואָלט, אַז ער זאָל בלייבן לעבן, און, אַז ער, אַלעקסי, זאָל זיין דער שליח...

נישט איין מאָל, פאַרברענגענדיק אַזוי אין דער מחיצה פון ר׳ מרדכי־פייבלען, ליגנדיק איבער דעם אָפּגעדעקטן גרוב, קומט אים אויפן זכרון יענער אינדערפרי ביים ברעג וואַלד ווען ער האָט דערקענט דעם פאַן פון צווישן די געשאָסענע גופים אַרויס. ער דערמאָנט זיך אויך, אַז ווען ער האָט גערייניקט זיינע ווונדן, געווישט דאָס בלוט, האָט ער געהערט דעם פאַן מורמלען: „ווער ביסטו און וואָס ווילסטו פון מיר? טו גאָרנישט, לאָז מיך דאָ מיט מיינע — — —״ קוים וואָס ער האָט פאַרשטאַנען די רייד וואָס דער פאַן האָט אַרויסגעבראַכט פון זיין צעבלוטיקט מויל, פון צווישן דער אין צווייען צעשניטענער אונטערשטער ליפּ. „אַלעקסי בראָניעוויטש בין איך, דער סאָלטיס פון מיכאַלאָווקע, דער אויפזועער אין זיינע וועלדער, אַזוי האָט ער גערעדט צו אים, דער פאַן דערקענט מיך נישט?״

ניין, ער איז נישט זיכער, אַז דער פּאַן האָט אים גלייך דערקענט, אַז ער האָט געוווּסט ווער ער איז און וואָס ער האָט בדעה מיט אים צו טאָן. אָבער ווען ער האָט באַנדאַזשירט זיינע ווונדן, ליגנדיק אַזוי אָנגעבויגן איבער אים, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז די מיט בלוט פאַרלאָפענע אויגן פון פּאַן, האָבן פּלוצלונג אַ בלישטש געטאָן, ווי עס וואָלט אין זיי אַ ליכט זיך אָנגעצונדן.

און ר׳ מרדכי־פייבל...

וואָס מער עס האָבן אים נאָכגעלאָזט די יסורים פון גוף, וואָס מער עס האָבן זיך פאַרהיילט די ווונדן, אַלץ מער האָבן זיך געשטאַרקט די יסורי־נפש זיינע. ווי אַזוי האָט געקאָנט געשען, אַז ער איז געבליבן לעבן? ווי אַזוי? צו וואָס? פאַרוואָס היפּערן קוילן איבער? פאַרוואָס טרעפן זיי דעם און לאָזן אַדורך אַ צווייטן?

נישט איין מאָל, ער זיצט אַזוי אויפן נידעריקן בענקעלע אין גרוב ווו אַ ליכט־שפּאַרע איז מיט גאָלד געגליכן, פאַרגנבעט זיך ביי אים אַ ספק צי איז דאָס אָרט ווו ער געפינט זיך טאַקע אַ באַהעלטעניש, אָדער גאָר דער כף־הקלע אין וועלכן ער איז אַריינגעשליידערט געוואָרן אָפּצוקומען פאַר זינד וואָס ער איז באַגאַנגען אין לעבן וואָס ער האָט געלעבט. און אַנדערש מאָל טרעפט, און ער ספקט בכלל צי איז ער טאַקע דער מרדכי־פייבל צווייגרייך פון דער לעווערטאָווער גאַס, דער בעל־הבית פון גרויסן הויז, דער וואַלד־סוחר וואָס האָט געהאַט שוין באַלד אָפּגעקויפט אַלע יאַזשעמבסקיס וועלדער אַרום מיכאַלאָווקע. וואָרעם דער מרדכי־פייבל, דער גרויסער גביר, איז דאָך דערשאָסן געוואָרן צוזאַמען מיט ווייב און קינדער ביים ברעג פון זיין אייגענעם וואַלד. טאָ ווער זשע איז עס דער וואָס זיצט אויסבאַהאַלטן אין גרוב, באַשיצט פון דעם נאָבעלן אַלעקסי בראָניעוויטש? ווער איז ער? טאַקע ער אַליין?

אין שווערן אומעט פאַלט ער אַריין דווקא ווען ער באַפרייט זיך פון דמיונדיקן טראַכטן, און ער געפינט צוריק אָפּ דעם פאָדעם צו דעם אַלעם וואָס האָט מיט אים פּאַסירט. אין אַזוינע מינוטן ווילט זיך אים רופן, שרייען, בעטן ביי אַלעקסין ער זאָל מיט אים טאָן אַ חסד און צוריקפירן צום ברעג וואַלד פון וואַנעט ער האָט אים געבראַכט, ווייל נאָר דאָרט אַהין געהער

ער אָן, ווייל זיין אָרט איז לעבן „זיי״, ווייל אויך ער דאַרף דאָרט זיין פאַרקברט.

דווקא אַלעקסי מוטיקט אים, שטאַרקט אים, זאָגט אים מוסר. ער וויל, אַז דער פּאַן זאָל אויפהערן זוכן אין זיך די שולד פון זיין בלייבן, וואָרעם ווער נאָך ווי דער פּאַן דאַרף וויסן, אַז די געשעענישן מיט אַ מענטש אין לעבן זענען נישט קיין צופעליקייטן, אַז מסתמא איז אַזוי דער ווילן פון אַלמעכטיקן.

טוט אים ווײ ר׳ מרדכי־פייבלען וואָס ער אַליין איז נישט מסוגל, האָט נישט די כוחות אַרויסצוקאָפּיען זיך פון דער פאַרצווייפלונג און אַלעקסי איז עס דער וואָס לערנט אים ווי אַזוי אַ ייד מאמין דאַרף זיך פירן...

און אין גרוב איז כמעט שטענדיק פינצטער. בלויז, אַז ס׳איז אין דרויסן אַ ליכטיקער טאָג, דער הימל — קלאָר, און זון, גייענדיק איר שטענדיקן גאַנג, טרעט אויך אָפּ ביי אַלעקסין אין הויף, טרעפט, אַז דורך דעם געלע־כערטן שייער־דאַך, גליטשט זיך אַראָפּ אין גרוב אַריין — אויב ער איז גראָד אָפּגעדעקט — אַ זון־שטראַלעכל, עס פאַרוועבן זיך אַ פּאָר גאָל־דענע פעדים און עס ווערט ליכטיק אין די אויגן. עס זעט דעמאָלט אויס ווי זון וואָלט מיט כוונה, מיט אויסרעכענונג געשאָנקען ר׳ מרדכי־פייבלען אַ מתנה, אַ ליכט־פּאַסיקל, אַ שמייכעלע וואָס זאָל אַ ביסל אויפהייטערן זיין געמיט.

דאָס אייגענע געשעט אויך אין די אָוונטן, אין די נעכט ווען אַלעקסי־האַלט זיך אויף אין שייער אַ ביסל לענגער, ליגט אויסגעשפּרייט איבערן אָפּגעדעקטן גרוב. אַרום און אַרום איז שטיל. ס׳איז שטיל אין גאַנצן דאָרף. אַ מאָל צעבילט זיך אַ הונט, אַ פערד צעהירזשעט זיך, אַ מאָל דאָס אויך נישט.

אַז דער הימל איז אויסגעשטערנט, לייכט אויך אַריין אין שייער, גוטע שטערן נידערן אַראָפּ פון הימל, זעצן זיך אויס אויפן שייער־דאַך, און דורך די גרויסע שפּאַרעס קוקן זיי אַראָפּ, יעדער שטערן פון זיין אָרט, צום אָפענעם גרוב איבער וועלכן עס ליגט אַלעקסי בראָניעוויטש און שעפּטשעט שטיל אַראָפּ צום פּאַן. די שטערן לייכטן ווי צעבליצלטע אויגן. ווי זיי

וואָלטן פון אייגענעם רצון אויסגעקליבן צו זיין מיט די צוויי מענטשן צוזאַמען, פאַרברענגען מיט זיי.

אַזאַ מין אינדזעלע. אַ קליינס. צוויי מענטשן פון צוויי גלויבנס. אַ שייער, אַ גרוב, טיף אין דער ערד אויסגעגראָבן, און תבואה־שטויב אָן אַ שיעור, און אויך שטערן... אַ קאַפּעטשקע ליכט אין אַזאַ שווערער, געדיכטער פינצטערניש...

*

צוריקגעקומען פון שטאָט, איז אַלעקסי נישט אַריין אין שטוב, נאָר דורכן הינטערשטן הויפטירל וואָס ער האָט פאַרטאָגס געלאָזט אָפן, גלייך אַוועק אין שייער, אָפּגעדעקט דעם גרוב און אַראָפּדערלאַנגט דעם „פּאַן" דאָס זעקל מיט די „געבעט־זאַכן". ר' מרדכי־פייבלס הענט האָבן אַ דריגע געטאָן. ער האָט גלייך דערקענט איטשע־בערס טלית־זאַק מיט די טלית־און־תפילין. „וואָס איז מיט אים? וווּ איז ער איצטער, דער ידיד־נפש זיינער? פון וואַנעט האָט דער טלית־זאַק מיט די טלית־און־תפילין זיינע דערנומען זיך אין פאַרוואָרלאָזטן, פאַרהעמערטן, שטיבל אַריין? פון וואַנעט?"

ער איז געזעסן אויפן בענקעלע, געהאַלטן דעם פולן טלית־זאַק אַרומגענומען מיטביידע הענט. ער איז נישט געווען גרייט צו דאַווענען. זיינע בליקן זענען צוגעפאַלן צו אַלעקסין. ער האָט צו אים שטיל אַרויפגערעדט, מתנצל געווען זיך פאַרן בעטן פון אים אַ זאַך וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס איינשטעלעניש און ער האָט אים האַרציק געדאַנקט, נאָך דעם ווי גאָט האָט געהאָלפן און ער איז צוריקגעקומען בשלום פון שטאָט.

די הענט צעשפּרייט, איז אַלעקסי געלעגן איבערן אָפּגעדעקטן גרוב, אַראָפּגעקוקט צום פּאַן, געזען ווי ער לייגט אַזוי איבער די „געבעט־זאַכן" פון איין האַנט אין דער אַנדערער, דריקט זיי צו נאָענט צום האַרץ. נאָך קיין מאָל האָט ער נישט געפילט אַזאַ וואַרעמקייט אין פּאַנס בליקן צו אים ווי אין דער דאָזיקער מינוט. ווי ער וואָלט די טייערסטע מתנה וואָס איז נאָר מעגלעך אים אַראָפּדערלאַנגט אין גרוב אַריין.

דורכן סאָד פון הינטערן פּאַנס הויף, דערציילט ער אַזוי, האָט ער

זיך אַרייַנבאַקומען אין דעם געבעט־הויז. געריכט זיך לויט דעם פּאַנס אָנווייזונגען. נאָר אַריין אינעווייניק, איז ער צו צום הויכן טיש וואָס שטייט אין דער מיט פון דעם גרויסן צימער, אַרומגעקוקט זיך, האָט אַ נעם געטאָן דאָס ערשטע פּעקל וואָס איז אים געקומען אין דער האַנט און איז גלייך אַרויס, אַזוי ווי דער פּאַן האָט אים געלערנט צו טאָן.

אַלעקסי האָט נאָך געהאַט אַ סך צו דערציילן פון דעם וואָס די אויגן זיינע האָבן דאָרט געזען, וועגן די הייליקע ביכער וואָס וואַלגערן זיך צעפליקטע אויף דער ערד, וועגן צעריסן אָנגעטועכץ, אַ לאַנגע קאַפּאָטע, איינגעשמירט אין בלוט אויף וועלכער ער האָט נישט וועלנדיק אַרויפ־געטרעטן, וועגן שריפטן געוויקלטע אויף אַזעלכע קיילעכיקע, שיין גע־שניצטע העלצער וואָס ליגן אויף דער ערד צעשניטענע, צעלעכערטע. ער האָט אָבער נישט געוואָלט אָנטאָן דעם פּאַן קיין צער, האָט ער אויסגעמיטן צו ענטפערן אויף אַלץ וואָס ער האָט אים אויסגעפרעגט, געמאַכט זיך נישט הערן, אָדער סתם געשוויגן.

ר׳ מרדכי־פייבל האָט געעפנט דעם טלית־זאַק, אָנגערירט מיט די פינגער די טלית־און־תפילין. ער האָט דערזען איטשע־בערן פאַר זיינע אויגן, דערמאָנט זיך אינעם ווינקל וווּ ער פלעגט שטיין און דאַוונען, אויס־ברומען, אויסווייַנען די ווערטער. זיי האָבן איצטער אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן, אויסגעברומט זיך פון טלית־און־תפילין אַרויס.

אין דער פרי, ווען ער איז אַזוי געזעסן, ווי איצטער, אויפן בענקעלע, איז ער אַנטדרימלט געוואָרן. אַ בייזער חלום האָט זיך אים געחלומט. גויים פון מיכאַלאָווקע מיט וולאַדעק קוזשמיר בראש, האָבן אַרומגערינגלט דעם שייער, זעגען אַריין אינעווייניק, האָבן צעוואָרפן די תבואה־בינטלעך, גע־זוכט דעם גרוב ווו ער איז אויסבאַהאַלטן, נאָר האָבן אים נישט געפונען. ער האָט נישט געוואָלט דערנאָך מער בלייבן ביי אַלעקסין. נישט געוואָלט איינשטעלן אים. איז ער אַרויס פון באַהעלטעניש, געלאָפן איבער די פּאַר־שנייטע פעלדער ביז צום ברעג וואַלד, גענומען זוכן דאָס קבר פון זיינע שטוביקע לויט די סימנים וואָס אַלעקסי האָט אים איבערגעגעבן, און עס נישט געפונען. ביז די קני׳ען האָט ער געבראָדזשעט אין שניי, געשלעפּט

זיך פון איין בוים צום אַנדערן, געזוכט און געזוכט און נישט געזען קיין סימן פאַר די אויגן, נישט געפונען דאָס קבר. אים האָט זיך געוואָלט וויינען, שרייען, רופן זיין ווייב ביים נאָמען, די קינדער, און ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז פון קבר אַרויס קאָנען זיי אים נישט ענטפערן, קאָנען אים מיט גאָרנישט העלפן. אָנמעכטיק און דורכגעפרוירן, איז ער געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין אַ דיקן בוים פול מיט נעסטן פון שוואַרצע קראָען. זיי האָבן אַראָפּגעקוקט צו אים און נישט געשראָקן זיך פאַר אים, זענען נישט אַוועק־געפלויגן. פאַרקערט גאָר, זיי האָבן זיך צעקראַקעט מיט אַזאַ געבייזער, געמיינט אים צו וואָרענען, אַז ער זאָל זיך אָפּטראָגן, ווייל אַלץ וואָס אין וואַלד געהער זיי, נאָר זיי...

וואָס עס קאָן אַלץ אין אַ חלום פּאַסירן!... פּלוצלונג איז געוואָרן אויס וואַלד, אויס קראָען. ער האָט זיך גאָר דערזען אין זיין אייגענעם הויף, אויף לעווערטאָווער גאַס. ער קלאַפּט אין שטיבער־טירן און זיי שטייען גאָר אָפן. קיין לעבעדיקער נפש איז דאָרט נישטאָ. אַלץ אין צעשטערט, די ווענט — צעהאַקט, צעפליקט בעטגעוואַנט וואַלגערט זיך אויף די פּאָדלאָגעס און עס שנייעט אין אַלע שטיבער. עס ווילדעוועט אין זיי אַ זאַווערוכע. אַ פּחד פאַלט אויף אים אָן. ער לויפט אַראָפּ אין הויף, וויל אַרויסקריגן זיך אויף דער גאַס, און די פיס פירן אים גאָר אַריין אין שטיבל. ער טרעט איבער די שוועל און ער דערהערט אַ שעפּטשעריי, אַ שושקעריי, היימישע פּנימער ביים לאַנגן שמאָלן טיש. אַלע שטיבל־יידן. אַלע. אָבער ניין! וואָס קומט דאָ פאָר? אַזוי פיל פּנימער און איין גוף. בלויז איין גוף. אַ פּראָס־טיקע קעלט נעמט אים אַדורך, ער זעצט זיך צו צום טיש, קוקט אויף פּנימער, רעדט אויס אַ וואָרט צו ישראלן דעם טרעגער, צו יעקב אהרונען, צו ברוך־וואָלפן, צו ר׳ בינעמלען דעם בעל־מדרגה וועלכן ער האָט אַזוי געשעצט, אַזוי געאַכט, אָבער קיינער פון זיי ענטפערט אים נישט, קוקט זיך נישט אום אויף אים. דאָס האַרץ וויל ביי אים אַרויסשפּרינגען פון שרעק. ער שטעלט זיך אויף, וויל אַרויס פון שטיבל און ער געפינט נישט דאָס טירל דורך וועלכן ער איז אַריין. ער פילט ווי זיינע פיס ברעכן זיך אונטער אים און ער פאַלט אום. נישט מיט זיין קול צעשרייט ער זיך: פאַרוואָס שווייגט איר אַלע ווען איך רעד צו אייך? איר דערקענט מיך

נישט? מרדכי־פייבל בין איך, פון דאָזיקן הויז, דער בעל ה — — — זייט מיך מצרף צו אייך, לאָזט מיך דאָ מיט אייך — — —

און דעמאָלט איז צו אים דערגאַנגען אַ קול וואָס האָט אים אָנגערופן ביים נאָמען, געזאָגט צו אים: נישט דאָ איז דיין אָרט, מרדכי־פייבל. גיי, גיי צוריק אין גרוב ווו דו ליגסט אויסבאַהאַלטן און טראָג, אין וויי, דאָס דיר געשענקטע לעבן. מוטשע זיך און לעב... נו, גיי, גיי אַוועק פון דאַנעט...

און העגט וואָס ער האָט נישט געזען, האָבן אים אַ נעם געטאָן און אַרויסגעטראָגן, אַרויסגעשטופּט פון שטיבל — — —

אַלעקסי האָט באַמערקט, אַז פון פּאָנס צעפלאַמט פּנים רינען אַראָפּ טראָפּנס שווייס, ווי ער וואָלט זיך געוויייקט אונטער אַ רעגן. „פילט זיך דער פּאַן עפּעס נישט מיט אַלעמען? אפשר אַראָפּדערלאַנגען אַ ביסל וואַרעמס, אַ טעפּל טיי?"

„יאָ, יאָ, האָט מרדכי־פייבל ווי איבערגעוועקט זיך, אָבער ערשט נאָכן דאַוונען, אַלעקסי, כ'דאַנק דיר, דו גוטער מענטש."

*

אַ שטיל געשאָרך: „איטשע־בערס טלית־און־תפילין. אַן אמתער עובד־השם, אַ גרויסער ירא־שמים, אַן ערלעכער... און איך?... וואָס בין איך געווען? אַ גביר, אַן עושר, געמסחרט מיט פּריצים, מיט כראַביעס געהאַט צו טאָן. פאַרבראַכט מיט זיי אין האָטעלן, אין זייערע וועלדער, אַה! וואָסער אונטערשייד צווישן אים און מיר... ווי העכער ס'איז איטשע־בער פאַר מיר, ווי העכער..."

און נאָך דעם ווי ער האָט אָנגעטאָן טלית־און־תפילין, געמאַכט די ברכות, האָבן זיינע ליפּן ווידער געשעפּטשעט:

„איך ווייס נישט, איטשע־בער, וואָס ס'איז מיט דיר. נאָך ביים לעבן, צי חלילה... נאָר ווו דו זאָלסט נישט זיין, זיי מיר מוחל, ידיד מיינער... אין דיינע טלית־און־תפילין דאַוון איך, און כ'ווייס גוט, אַז מיין דאַוונען איז נישט ווי דיינס. דיינע כוונות, דיינע השגות, דיין ריין האַרץ. איך דאַוון אין זיי, ווייל דער גוטער אַלעקסי האָט זיי, אין גרויס איינשטעלעניש, מיר אַהער געבראַכט. פון „שולחן" אַרויסגענומען. די ערשטע, אויף וועלכע

ער האָט אָנגעטראָפן. זיי מוחל דיין גוטן פריינד, מרדכי־פייבל בן שיינדל וואָס ליגט פאַרגראָבן אין אַ שייער און לעבט נאָך, לעבט נאָך...״

ס׳איז שוין געווען גרויסער טאָג. העלע זון־ליכט האָט זיך אויסגעלייגט אויפן שייער־דאַך, צעברעקלט זיך אויף אים. שיריים פון דעם ליכט זענען אַריינגעפאַלן אין גרוב, האָבן באַקריינט די תפילין אויף ר׳ מרדכי־פייבלס קאָפּ. ער האָט נישט געוווּסט דערפון. זיינע תפילות האָבן זיך געטובלט אין קוואַליקע טרערן, און דאָס שיריים־ליכט האָט אַזוי אָפּגעהעלט זיין פאַרצאָגט פנים, אָנגעצונדן פייערלעך אין זיינע פאַרלאָשענע אויגן.

*

אַלעקסי בראָניעוויטש האָט קוים באַוויזן איבערצוטרעטן די שוועל פון דער שטוב, און וולאַדעק קוזשמיר האָט געהאַלטן די האַנט אויף דער קליאַמקע פון דער טיר.

„אַ גוט מאָרגן דיר, סאָלטיס. האַ? נישט געריכט זיך אויף מיר? אַה, אַ קליינעם טרונק האָט זיך מיר פּלוצלונג פאַרחשקט. נישט מער, און אַ שמועס טאָן. דאָס איז אַלץ. אַלץ.״

ביי אַלעקסין האָבן די קישקעס אין בויך זיך איבערגעקערט. געהאַט אַ פאַרדאַכט, אַז וולאַדעק האָט אים געזען אַרויסגיין פון שייער, אַז ער האָט אים נאָכגעשפּיאָנירט. ער האָט אָבער גלייך אַרויפגעצויגן אויף זיין פנים אַ מילד שמייכעלע וואָס ער האָט אַרויסגעגנייט פון זיך און אָפּגערופן זיך צום נישט געבעטענעם גאַסט: „אָה, קום אַריין, וולאַדעק. פאַראַן געניג בראָנפן אין שטוב, קום, פאַרוואָס נישט?״

גלייך דאָס ערשטע גלעזל האָט אויפגעבונדן זיין צונג.

„אין אַזעלכע טעג, איז גוט צו האָבן דעם קאָפּ אויפן קאַרק. מען קאָן נאָך מאַכן אַ לעבן, סאָלטיס, מ׳קאָן...״

נאָכן צווייטן און דריטן גלעזל, האָט ער נאָך אַלץ געקוקט אַלעקסין גלייך אין די אויגן אַריין. „סיי ווי, וועלן זיי שוין פון דר׳ערד נישט אויפשטיין, קיינער פון זיי וועט נישט בלייבן. דאַרף מען וויסן, סאָלטיס, וואָס מען האָט צו טאָן כדי עס זאָל אונדז, פּאָליאַקן, גלייך מאָרגן זיין גוט. פאַרשטאַנען? כי, כי, כי — — — ״

אַלעקסי האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָ נישט לאַנג, אין אַ זונטיק, לעבן קלויסטער, האָט ער די זעלבע ווערטער געהערט פון אַן ענלעכן פּאַרשוין, פון פּראַנעק קאָסטקאָ פון יעזשאָרנע.

„איך, וולאַדעק, לאָז די זאַכן איבער פּאַר קלוגערע פון מיר, איך בין שוין אויף דער עלטער און איין איינציקע תאווה איז מיר געבליבן — דאָס פלעשל. כ׳האָב ליב אַ טרונק, אַ גוטן זופּ. מער גייט מיך גאָרנישט אָן, קאָנסט מיטטרינקען מיט מיר."

„אָבער, איך, סאָלטיס, האָב נישט קיין איין שפּאַן ערד. מיין כאַלופּע האַלט ביי איינפאַלן. גאָרנישט האָב איך. געלעבט פון גנבענען האָלץ ביי דעם רייכן „זשיד" פון לעווערטאָווער גאַס צו וועמען אַלע וועלדער אַרום מיכאַלאָווקע האָבן אָנגעהערט. שוין אָוועקגעהרגעט. נישטאָ מער. אַ מצווה אויף אים, גאַנץ גלייך אַזוי. מיט דער גאַנצער שטוב זיינער אָוועק־געהרגעט."

וולאַדעק האָט אַליין אָנגעגאָסן זיך נאָך אַ גלעזל, אויסגעטרונקען און ממשיך געווען:

„געדענקסט עס, סאָלטיס? איך האָב געגנבעט, און דו, דער אויפזעער אין וואַלד, האָסט שטענדיק גערופן די פּאָליציי. נישט אמת? ניין! ניין! כ׳מיין נישט צו דערמאָנען דיינע זינד כלפּי וולאַדעקן. אָבער, אַז יענע טעג קומען אויפן זכרון, דערמאָנט עס מיך אויך, אַז קיין מאָל האָב איך נישט געהאָט אַ גראָשן ביי דער נשמה. קיין מאָל נישט. אַז וולאַדעק קוזשמיר האָט געפלעגט בעטן ביי בערלען דעם שענקער אַ פּערטעלע אויף באָרג, האָט ער אים נישט געוואָלט געבן. אַזאַ נישט גלייביקער! אַהאַ! שוין מיט אים אויך אַן עק גענומען... געווען אויסבאַהאַלטן אין מאַידאַנין, ביי אַן אונדזעריקן, האָט מען ביידע געמאַכט כיק, כיק..."

אַלעקסין האָט געעקלט צו קוקן אויף וולאַדעקס פּרצוף, אויף דער פלאַטשיקער גאָמבע זיינער — אַ שאַרפע שופלע, שטענדיק גרייט אין עפּעס זיך אַריינצושניידן.

אַלעקסי האָט זיך באַמיט אָפּצוטאָן די בליקן פון אים, נישט קוקן אין זיין זייט, אָבער אים איז אויסגעקומען, אַז נישט בלויז וולאַדעקס פּרצוף איז אויסגעקרימט, צעדרייט, נאָר אויך דאָס גאַנצע צימער אין וועלכן זיי

זיצן, דאָס מעבל, אַפילו דאָס בילד פון דער „הייליקער מאַריאַ". אַלץ האָט אין זיינע אויגן אויסגעזען צעשטעלט, אַרויס פון דער פאָרעם, צעקרימט ווי וולאַדעקס אוקאָסנע בליקן.

„אַזוי, אַזוי, אַלעקסי בראַניעוויטש. פון מיר קאָן מען קיין שום זאַך נישט אויסבאַהאַלטן, כי, כי, כי — — האַ? פאַרטאָגס אַוועק אין שטאָט אַריין, און שפּעטער צוריקגעקומען מיט אַ פּעקל. אמת? וואָס זשע וויל וולאַדעק? אַ שותף וויל ער זיין. פאַרוואָס נישט?"

דאָס קליינע ביסל האָר וואָס איז נאָך געווען ביי אַלעקסי בראַניע־וויטש אויפן קאָפּ האָט נישט געהאַט גענוג כוח זיך צו שטעלן קאַפּויער. האָט עס בלויז זיך צוזאַמענגענומען ווי אַרונטערצוקריכן אונטער דער הויט.

„פון ווען אָן ביסטו עס געוואָרן אָן אויפזעער איבער מיר? האַ? עס האָט דיך ווער באַשטימט אויף דעם אַמט?"

אַלעקסי האָט פאַרשטאַנען, אַז נאָר אויף אַזאַ אופן דאַרף ער רעדן צו אים, אַפילו מיט געבייזער, כדי וולאַדעק זאָל נישט אויסגעפינען ביי אים אַפילו אַ האָר פּחד, אַ שמץ פון צעטומלטקייט.

דער „גאַסט" האָט נישט געריכט זיך אויף אַזאַ ענטפער, האָט ער געפּלאָנטערט מיט דער צונג, געגעבן דעם שוין עלטערן סאָלטיס צו פאַר־שטיין, אַז אויך ער, וולאַדעק קוזשמיר וויל „מאַכן" אַ לעבן, ווי אַנדערע, ווי די וואָס האָבן שכל. נו, ווייסט טאַקע נישט וולאַדעק וואָס דער סאָלטיס האָט געברענגט אינעם פּעקל מיט וועלכן ער איז געקומען פון שטאָט: געלט, צי ברילויאַנטן, און אפשר גאָר גאָלד. וויל ער זיין אַ שותף. „אַ העלפט מיר — אַ העלפט דיר, מסכים?"

און ער האָט אַ שלעפּ געטאָן דאָס פרישע פלעשל בראָנפן וואָס אַלעקסי האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש, אַרומגענומען עס מיט ביידע הענט, געטרונקען און געמורמלט, געטרונקען און געמורמלט: „שותפות! אַלעקסי, שותפות! אַ העלפט מיר — אַ העלפט דיר. יאָ? — — —"

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

אַ לענגערע צייט האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט דער האָפענונג אויפ־געריכט צו ווערן. אין די נעכט האָט ער געחלומט גוטע חלומות, אַז ער איז אַ רייכער גוט־באַזיצער, האָט אַ סך פעלדער און וועלדער, און פּאַראַב־קעס אַרבעטן פאַר אים, נישט אַנדערש ווי דער גראַף יאַזשעמבסקי און זיינס גלייכן. אָבער, אַז ער האָט נאָך יעדן חלום צוריק זיך אָפּגעפונען אין זיין ירושהדיקער אָרעמקייט, אין דער צעלעכערטער כאַטקע — ווי פון צווייגן צוזאַמענגעשטעלט — פלעגט ער אויפשטיין אַ פאַרביטערטער, מלא כעט אויף אַלע מיכאַלאָווקער פּויערים ביי וועמען ער האָט געדאַרפט שווער האָרעווען — היינט ביי דעם, מאָרגן ביי אַן אַנדערן — כדי צו פאַרדינען זיין שטיקל ברויט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט ער זיך איבערגעוועקט פון שלאָף און אויף זיין פּנים איז געווען אויסגעשפּרייט אַ צופרידנקייט, אַן ערנסטע רויִקייט. ער איז נאָך געווען פאַרשלאָפן. זיינע אויגן האָבן נישט געזען דעם צעלעכערטן סופיט, די צעהאַקטע ווענט פון זיין כאַלופּע. אין דמיון האָט ער זיך געפונען אין אַלעקסי בראַניעוויטשעס שטוב וואָס די דייטשן האָבן אים אָפּגעגעבן. גוט אַזוי. עס איז אים געקומען. זאָלן יידן נישט אַרומפּלאָנטערן זיך אין די נעכט אין מיכאַלאָווקע און זוכן דעם גוטן סאָל־טיס ער זאָל זיי העלפן. נישטאָ מער קיין אָרט פאַר זיי און אויך נישט פאַר די וואָס זענען גרייט זיי צו שיצן. איז' נישטאָ מער אַלעקסי בראָ־ניעוויטש. וולאַדעק קוזשמיר איז פאַראַן — דער נייער סאָלטיס פון דאָרף מיכאַלאָווקע.

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און אַ ליכט־כוואַליע האָט פאַר־פלייצט וולאַדעק קוזשמירס שטוב. זי איז אַריין דורך אַלע שפּאַרעס און לעכער און האָט אויסגעווישט דעם חלום פון זיינע אויגן. אַן אַלט פאַרדאַרט שטיקל ברויט אויפן פענצטער־ברעטל האָט אים דערמאָנט, אַז ביי נאַכט, איידער ער איז אַרויף אויפן בעט האָט ער נישט פאַרגונען זיך עס אויפ־

צועסן. הייסט עס, אַז ס׳הייבט זיך גאָרנישט אָן, אַז ער איז נאָך צו גאָר־נישט דערגאַנגען.

„אויב אַזוי, האָט ער ווישנדיק דעם שווייס פון שטערן, אַ זאָג געגעבן דעם שיינענדיקן טאָג אין פּנים אַריין, אויב אַזוי, וועלן אים מער קיין חלומות נישט מאַכן צו נאַר, אַן עק וועט צו דעם נעמען, און וולאַדעק וועט שוין וויסן וואָס צו טאָן, ער וועט שוין וויסן.״

ער האָט אָנגעהויבן פּאַרלוירן גיין פון דאָרף, אַוועקגעקומען אויף גאַנצע טעג, און ווען ער האָט זיך באַוויזן אין מיכאַלאָווקע, זענען נאָך אין זעלבן טאָג, צי אויף דער נאַכט, דייטשע סאָלדאַטן אַריינגעלאָפן „גאַנץ צופעליק״ אין דאָרף, האָבן געמאַכט רעוויזיעס אין שטיבער און מיטגע־נומען מיט זיך וועמען זיי האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק.

מיכאַלאָווקער פויערים האָבן געעפנט די אויגן, פאַרשטאַנען וואָס עס זענען וולאַדעקס מעשים. זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן אויסגעמיטן צו קומען אים אויף די אויגן, און אַנדערע וואָס האָבן געחנפעט, איינגעלאַדן אים צו זיך, געגעבן אים אָנצועסן און אָנצוטרינקען, געגלעט אים איבער דער פּלייצע און צוגעבאָמבלט צו אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט.

*

ביי נאַכט אין מיכאַלאָווקע. אַ געדיכטע פינצטערניש הילט איין די נידעריקע הייזקעס ווי אין שוואַרצע טיכער, לייגט זיך אַרויף אויף די שטרויענע דעכער ווי טיפע הוטן מיט לאַנגע שוואַרצע דאַשקעס אַראָפּ־גערוקט ביז איבער די פענצטער־אויגן.

פון אונטער אַ וואָלקן דראַפּעט זיך אַפּער אַ בלייך לבנה־פּנים — אַ ביסל ראָזלעך צוגעפּודערט. לייכטע, זיידענע טריטעלעך איבערן דאָרף. אַ בליק דאָ, אַ בליק דאָרט, ווי זי וואָלט געזוכט און נישט אָפּגעפונען דעם בן־זוג וואָס איז איר, צווישן יאָ און ניין, נעלם געוואָרן.

שטיל אין דאָרף און רויִק. די לאָדנס פון די שטיבער צוגעמאַכט. טיר און טויער — פאַרריגלט. עס שלאָפן די מענטשן אין מיכאַלאָווקע זייער געוויינטלעכן נאַכט־שלאָף.

בלויז אין איינער אַ צעהוידלטער שטוב, אין עק דאָרף, וואַכט עמע־

צער, גייט נישט אַרויף אויפן געלעגער, זעצט זיך אַפילו נישט צו, רירט זיך נישט אָוועק פון פענצטער. ווּעמען קוקט ער אויס? עס שווייגט די נאַכט. עס שטומט די טונקלקייט. אַפילו די שמייכלדיקע לבנה ברעכט נישט אָפּ דעם סוד, איז אים נישט מגלה. שטייט ער אַזוי ביים פענצטער און זיינע כיטרע אויגן טוען זיך נישט אָפּ פון טונקעלן דרויסן, קוקן אויס, וואַרטן אָפּ און אַ האַלבע נאַכט איז שוין באַלד פאַרביי...

— — — און זיי זענען געקומען זייער שפּעט. כמעט שוין פאַר טאָג...

— — — פון ערשטן זעץ אין פענצטער־לאָדן, האָט אַלעקסי זיך איבערגעוועקט. אַ פּיר געטאָן די האַנט איבער די אויגן, און אַראָפּגעלאָזט צוריק דעם קאָפּ אויפן קישן, איז צוריק איינגעשלאָפן. דאָס צווייטע מאָל איז ער אויפגעקומען ווען ער האָט דערשפּירט אַ ברי אויף זיין פּנים, ווי עס וואָלט מיט פייער זיך אָנגערירט. אַ שווערע האַנט איז געלעגן אויף אים, האָט אים געשטופּט און געשטויסן, געפּאַסעוועט דאָס לייב, אַז ס'איז אים אַזש פינצטער געווען אין די אויגן. ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער אויסגעפונען, אַז ער ליגט גאָר אויף דער ערד, נישט ווייט פון בעט, און אַז ער איז נישט מסוגל זיך אַ קער צו טאָן. אַזוי צעקלאַפּט איז ער געווען. אַלעקסי האָט געהאַלטן אָפן די אויגן און נישט געזען ווי מען בישטערט אַדורך זיין שטוב, מען רייסט אויף שענק, מען פּליקט אָפּ ברע־טער פון די ווענט. אין איינער אַ רגע איז אים אויסגעקומען, אַז די וואָס פאָרען זיך אין שטוב, גייען זי אונטערציבדן, און אַז ער אַליין ליגט געבונדן און וועט פאַרברענט ווערן צוזאַמען מיט זיין שטוב...

און אין הויף האָט ווילי, צוגעבונדן צו דער קייט, אַריינגעשריגן אין דער נאַכט אַריין, אויסגעריסן זיך דעם האַלדז. אַנדערע הינט אין מיכאַ־לאָווקע האָבן דערקענט זיין קול און פאַרטויבט דאָס גאַנצע דאָרף מיט זייער בילעריי.

מיטן אַרבל פון העמד האָט אַלעקסי בראַניעוויטש געווישט די בלוט־קלעפּיקייט אויפן פּנים, צווישן די אויגן. אַנטקעגן אים, אָנגעשפּאַרט אין דער וואַנט, איז אַ דאַר, צעקרימט גופל, געשטאַנען ווי געליימט.

„איך... נישט שולדיק... זיי... גענייט מיך..."

מיט גרויס שווערקייט האָט אַלעקסי זיך אונטערגעהויבן ביז אין דער

העלפט, אָפּגעדעכעט, און מיטן גאַנצן כוח אַ שפּײ געטאָן וולאַדעקן אין פּנים אַרײַן. ער האָט אָבער נישט באַגנוגנט זיך מיט דעם. נאָך אַ רגע האָט ער אָפּגעווישט די ליפּן, ווידער אָפּגעדעכט און נאָך אַ מאָל אויסגעשפּיגן. אַ ווײַסע קלעפּיקייט איז געבליבן הענגען אויפן לאַץ פון וולאַדעקס מאַרי־נאַרקע ווי אַ מעדאַל, אַן ערלעך פאַרדינטן.

אַלעקסי האָט אַליין נישט געוווּסט, אַז אויף זײַן צעשלאָגן פּנים האָט זיך פאַרצויגן אַ שמייכעלע וואָס האָט געמיינט צו זאָגן: „ער איז עס ווערט, ער איז עס ווערט, און נאָך ווי אַזוי!"

„ביי גאָטס נאָמען, אַלעקסי, אַז כ׳בין נישט שולדיק, געגייט מיך..."

„נעם נישט גאָט אין דײַן אומריינעם מויל אַרײַן. אַ הונט ביסטו געווען און אַ הונט וועסטו פּגרן."

אַ רעוואָלווער־שאָס אין הויף. עס האָט אַ טרייסל געגעבן מיט דער הייזקע. ביי וולאַדעקן קוזשמירן האָבן די אויגן זיך צעפינקלט. אַ ברעקל פון האָפענונג האָט זיך אָנגעצונדן. „געפונען, געפונען! באַלד וועט דער אַלטער נישט רעדן אַזוי חוצפּהדיק צו אים. און פאַרן שפּייען אין פּנים אַרײַן, וועט ער באַצאָלן. גוט באַצאָלן."

ס׳איז אים נישט באַשערט געווען וולאַדעק קוזשמירן... מיט ווידלעס אין די הענט האָבן די דײַטשן געזוכט, גענישטערט אין די שטאַלן, גע־טאָפּטשעט דאָרט אין אומריינקייט, אין בלאָטע. זיי האָבן אויך איבערגע־קערט דעם שײַער, צוצעוואָרפן בינטלעך תבואה און זענען אַרויס מיט גאָרנישט, האָבן זיך אַרויסגעשאַרט פון אַלעקסיס הויף און דאָס דאַרע אויסגעקרימטע גופל — אַזאַ שלענגל — איז זיי נאָכגעקראָכן, האָט זיך נאָכגעשלעפּט.

„ניכט יודע, ניכט יודע", האָבן זיי אין געבייזער גערעדט צו אים ווי מען רעדט צו אַן אָנגעשמיסן הינטל, און אַלעקסי, צו וועמען זייערע רייד זענען דערגאַנגען, האָט אַ צופרידענער שטיל געבראַמאַטשעט: „אוודאי נישט, אוודאי נישט. ער איז גוט געהיט דער פאַן, גוט געהיט."

אַ ביסל שפּעטער, ערשט נאָך דעם ווי ער האָט גוט זיך אַרומגעוואַשן — עס זאָל דער פאַן אים נישט זען אַ צעביילטן — און איבערגעטאָן זיך, ערשט דעמאָלט איז אַלעקסי פאַרזיכטיק אַרויס אין הויף. צוגעבונדן צו

דער קייט איז ווילי געלעגן אויף דער ערד, האָט נאָך געלעבט, געהאַלטן אָפן איין אויג, איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט. אַלעקסי האָט אַראָפּגעלאָזט זיך צו אים, געגלעט זיין ווייכע פעל פון וועלכער עס האָט נאָך געשלאָגן אַ וואַרעמע פּאַרע. ווילי האָט נישט אויפגעהערט צו קוקן אויף אים מיט דעם אָפענעם אויג, ווי ער וואָלט געמיינט אים צו זאָגן, אַז ער האָט נישט מער ווי געוואַרט צו זען אים, אַז איצטער קאָן ער שוין רויִק זיך אויס־ענדיקן, אויסלייזן זיך פון די יסורים.

און טאַקע, אין גאַנצן נאָך עטלעכע רגעס, האָט ווילי'ס בויך געהויבן זיך און צוריקגעפאַלן, און באַלד דערנאָך האָט ער זיך צוגעפּלאַטשט צו דער ערד, פאַרמאַכט דאָס אָפענע אויג און אויסגעהויכט אַ לעצט ביסל אָטעם.

אָפּגעפאַרעט זיך אין שטאַל און אין דער אָבאָרע, אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן, איז אַלעקסי אַריין אין שייער, האָט אַוועקגעשאַרט די תבואה־בינטלעך איבערן גרוב, אַוועקגענומען דעם צודעק און באַגריסט זיך מיטן פּאַן.

„אַ שווערע נאַכט, פּאַן, איז אַריבער. גאָט צו דאַנקען, אַז ס'איז אַדורך בשלום.”

„יאָ, ס'איז אַדורך בשלום — האָט ר' מרדכי־פייבל איבערגעחזרט אַלעקסיס ווערטער — געהערט אַלע טריט אין הויף, אין די שטאַלן, גע־הערט זיי אַפילו רעדן אין שייער, געשפּירט ווי העגנט גראָבן אין די בינטלעך תבואה. און דערנאָך, דער שאָס אין הויף... עס האָט מיך אויפגע־ציטערט, געוואָלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַרויסקריכן פון גרוב. ניין, אַלעקסי, ס'איז נישט קיין וועג אַזוי... כ'טאָר עס נישט טאָן. כ'מוז אַוועק... ס'איז אַ זינד דיך איינצושטעלן.”

„דער נס, פּאַן, האָט זיך אָנגעהויבן יענעם אינדערפרי, ביים ברעג פון וואַלד. ער ציט זיך ווייטער, דער פּאַן דאַרף נישט זיין באַזאָרגט וועגן דעם.”

ר' מרדכי־פייבל האָט זיך אויפגעשטעלט פון נידעריקן בענקעלע אויף וועלכן ער איז ביז איצטער געזעסן און אַרויפגערעדט צו אַלעקסין, אָנגע־לענט זיך אין דער וואַנט פון גרוב, דערגרייכט נישט ווייט פון ראַנד אויף וועלכן אַלעקסי איז געלעגן אויסגעצויגן.

„אַזאַ וולאַדעק קוזשמיר וועט נישט רוען, האָט ער געגעבן צו פאַר־שטיין דעם גוטן אַלעקסי. מוסרים האָבן אַ טבע, אַז זיי ווערן נישט נתפּעל, אויב עס געלינגט זיי נישט מיטן ערשטן מאָל צו דערגרייכן זייערס. זיי שטייען נישט אָפּ. זענען נישט מוותר. וולאַדעק וועט פּרובירן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. פאַרוואָס זאָלסטו זיך איינשטעלן אַזוי פיל ? צוליב וואָס ?״

„און איך בין זיכער, אַז אויב ער וועט פּרובירן נאָך אַ מאָל, וועט ווידער געשען וואָס אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט, מ׳באַדאַרף גלייבן דערין. איך בין זיכער...״

ר׳ מרדכי־פייבלען האָט פאַרקלעמט ביים האַרץ. ער, דער פרומער ייד, דאַרף לערנען אַ שיעור בטחון און אמונה פון אַלעקסי בראָניעוויטש, דעם פויער פון מיכאַלאָווקע... אים אַליין סטייעט נישט קיין כוח דערצו ?... צו אַזאַ נידעריקער מדרגה דערגאַנגען ?... פון בושה האָט ער צוריק אָוועק־געזעצט זיך אויפן בענקעלע, אַריינגעלאָזט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען און איז געזונקען אין מחשבות וואָס האָבן אים לחלוטין נישט געמוטיקט.

נאָך מינוטן האָט ער ווידער זיך אויפגעשטעלט און אַרויפגערעדט צו אַלעקסין. „און פון דעסט וועגן איז מיין בקשה צו דיר, אַלעקסי, אויסצוזוכן פאַר מיר אַ באַהעלטעניש אין וואַלד. דאָס ביסל לעבן מיינס, האַלט איך, איז פאַרט נישט ווערט דיין איינשטעלעניש. בשום אופן נישט.״

„אין מיין הויז וועט דער פּאַן בלייבן, נאָר דאָ. קיין שום סכנה. קיין שום !...״

שטאַרקע ווינטן האָבן גענומען הוידען מיט די שייערווענט. ברעט אין ברעט האָט געקלאַפּט, ווי געשלאָגן זיך. אַ ווילדע מוזיק האָט זיך צע־שפּילט אין אָנהייב טאָג און פאַרשריגן אַלעקסיס קול וואָס האָט אַראָפּגע־נידערט, צו ר׳ מרדכי־פייבלען, ווענען עס איז איבעריק געוואָרן דאָס רעשטל לעבן וואָס האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט ווי עפּעס אַזוינס פון וואָס מען דאַרף זיך באַפרייען...

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

דער ווינטער האָט זיך אויסגעענדיקט. פראָסט האָט נישט געהאַט מער קיין כוח צו מאָלן זיינע געמאָלעכצער אויף פענצטער־שויב, אַפילו נישט צו פאַרפרירן פלאַכע וואַסערן. עס זענען אַראָפּ רעגנס און מיכאַלאָווקע האָט זיך אַדורכגעטרעסעט, אויסגעצוואָגן זיך, באַקומען צוריק זיין דאָר־פישע מראה. בלאָטיקע וועגן. קאַלוזשעס וואַסער. זון און רעגן. די פויערים זענען מיט אַ מאָל געוואָרן שטאַרק פאַרנומען. האָבן געדאַרפט צוגרייטן כלים אין פעלד אַריין, געשאַרפט און געשליפן די קאָסעס, די אַקעראייזנס, די ווידלעס און דעסגלייכן, האָבן גערייניקט די שטאַלן, די אָבאָרעס.

נאָך חדשים פריִער האָט מען אין מיכאַלאָווקע, אין יעזשאַרנע, און אין אַרומיקע דערפער געוווסט צו דערציילן זיך אויפן אויער, אַז „זיי" טרעטן אָפּ, אַז „זיי" ליידן שווערע מפּלות אויף די פראָנטן, ווערן צעשלאָגן, צעממיתט, גענומען אין געפאַנגענשאַפט. דעמאָלט זענען עס נאָך געווען ווייטע, נישט זיכערע שמועות, נישט צום גלייבן. נאָר אַז ס'איז אַוועק נאָך אַ שטיקל צייט, האָט דאָס מלחמה־פייער אָנגעהויבן זיך דערנענטערן צו מיכאַלאָווקע. באָמבעס, ראַקעטעס האָבן צעלעכערט די זוניקע טעג, צעריסן די פינצטערניש אין די נעכט, זיי אָנגעצונדן. ביז... ביז די שיסערייען און די אויפרייסן האָבן אָנגעהויבן אָפּהילכן אין מיכאַלאָווקע אַליין און די איינ־וווינערס האָבן געמוזט אין די טאָג־שעהען פאַרלאָזן זייערע שטיבער, לויפן אין וואַלד אַריין זיך אויסבאַהאַלטן.

אַלעקסי בראָניעוויטש האָט זיין שטוב נישט פאַרלאָזט. אין די דאָזיקע טעג איז ער גאַנצע שעהען אָפּגעלעגן אין שייער, איבער דעם אָפּגע־דעקטן גרוב. ער איז געווען באַזאָרגט, שוין געטראַכט וועגן דעם וואָס עס וועט געשען נאָך דעם ווי די דייטשן וועלן אָפּטרעטן. וואָס וועט דעמאָלט זיין מיטן פאַן? וואָס וועט זיין? ער איז געווען דערשלאָגן בלויז פון טראַכטן, אַז עמעצער שטייט שוין פאַר זיין טיר און מאָנט ביי אים צוריק דעם פאַן...

און ר׳ מרדכי־פײַבל... אויך ער האָט מורא געהאַט פאַרן טאָג וואָס האָט אָנגעהויבן זיך דערנענטערן, וואָס וועט אַוודאי קומען אים אָנזאָגן, אַז ער קאָן זיך מטריח זײַן און אַרויסדראַפּען זיך פון גרוב. ער האָט געספּקט, צי ער וועט זײַן אין שטאַנד צו פאַרטראָגן די שעה, די מינוט וואָס וועט אים אַרויספירן צו דעם ליכט, אויף דער פריי. „אויף דער פריי?״ האָט ער זיך אַ פרעג געטאָן און דערנאָך אַליין זיך געענטפערט: „האָסט אַ ברירה, מרדכי־פײַבל, צו בלײַבן אין מיכאַלאָווקע, מיטן גוטן אַלעקסי וואָס האָט אײַנגעשטעלט זײַן לעבן פאַר דיר, אָדער... אַריבערטראָגן זיך צום ברעג־וואַלד, דאָרט אַהין וווּ עס רוט דאָס געביין פון ווײַב און קינדער. קיין אַנדער אָרט איז דאָ, אויף דער דאָזיקער ערד, פאַר דיר נישט פאַראַן...״

בהלהדיקע טעג. די שיסערײַען האָבן אָנגעהאַלטן אַרום דאָרף. קוילן זענען געפלויגן איבער די מיכאַלאָווקער הײַזער. אין עק דאָרף זענען עטלעכע פון זיי אָוועק מיטן פײַער. בלויז עטלעכע, וואָרעם די ווינטן האָבן פאַרשלעפּט די שריפה קיין יעזשאַרנע און פאַרלענדט דאָרט אַלץ ביזן גרונט.

אַן עוולה האָט אויך געליטן דער קרייז־קלויסטער פון מיכאַלאָווקע. פון שטענדיק אָן איז ער געשטאַנען אַזוי גרויסהאַלטנדיק אויפן הויכן באַרג און מען האָט אים אַרויסגעזען אין דער גאַנצער געגנט. איצטער האָט אַ ראַקעטע אַראָפּגעהאַקט דעם באַגילדעטן, תקיפהדיקן האָן אין סאַמע דאַך־שפּיץ, צעלעכערט דעם דאַך גופא און דער גרויסער מעשענער גלאָק, אונ־טערגעטריבן דורך די ווינטן, האָט פון דער צעלעכערטקייט אַרויס אויס־געזען ווי אַ דורכגעשאָסענע לונג וואָס אָט אָט בלאָזט זי אויס איר לעצטן אָטעם.

*

— — — „ס׳איז נישט פאַר מיר דאָס ליכט״, האָט ער אַ זאָג געגעבן אַלעקסין גלײַך בײַ די ערשטע טריט אַרויס פון גרוב. „ס׳איז נישט פאַר מיר. כ׳בין נישט בכוח עס צו פאַרטראָגן.״

ווען ער איז אַרויסגעקומען אין הויף, אָנגעשפּאַרט אין אַלעקסין, איז ער ווידער געבליבן שטיין. דער זוניקער טאָג האָט געבלענדט זײַנע אויגן

און ער האָט געמוזט מיט אַ האַנט פאַרשטעלן דאָס ליכט. זיין פּנים איז געוועזן פאַרמעט־בלייך און אויסגעזען האָט ער ווי אַ בר־מינן וואָס איז אויף אַ ווײַלע אַרויס פון זיין קבר אַ בליק צו טאָן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט וואָס ער האָט פון לאַנג שוין געהאַט פאַרלאָזט. ווילגאָטנע ריחות האָבן אים מיטבאַגלייט, ריחות פון קברדיקער ערד.

און אין מיכאַלאָווקע אַליין איז געווען גרויס די פרייד אין טאָג פון דער באַפרייונג. אַלע זענען אַרויס פון די שטיבער, האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום גרויסן פּלאַץ, לעבן קלויסטער, ווו די רוסישע סאָלדאַטן האָבן זיך געזאַמלט מיט זייערע טאַנקן און האַרמאַטן, און דאָרט האָבן זיי געטרונקען און געטאַנצט מיט זיי, געדאַנקט זיי פאַרן באַפרייען פון דייטשן יאָך...

דאָס זעלבע מיכאַלאָווקע...

וולאַדעק קוזשמירן האָט מען נישט געזען. קאָן זיין, אַז ער איז נאָך פריִער אַנטלאָפן קיין יעזשאָרנע, צו פראַנעק קאָסטקאָ, אָדער איז גאָר אַוועק, אין שטאָט אַריין, צו זיין שוועסטער, די ווייב פון טאָמאַשן, אַ מאָל דער סטרוזש אין הויז פון ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך.

אין דאָרף האָט איינער דעם אַנדערן איבערגעגעבן די אומגלייביקע ידיעה, אַז דער רייכער ייד, צווייגרייך, צו וועמען עס געהערן די וועלדער אַרום מיכאַלאָווקע, לעבט, אַז ער איז במשך דער גאַנצער מלחמה געווען אויסבאַהאַלטן ביים סאָלטיס אין שייער. האָבן אַ סך איבערגעלאָזט דאָס פרייען זיך מיט די רוסישע סאָלדאַטן און זענען געקומען צו אַלעקסין אין שטוב אַריין זען מיט זייערע אייגענע אויגן דעם רייכן „פּאַן" צווייגרייך, טרינקען מיט אים „לחיים", ווינטשן אים דאָס בעסטע וואָס איז נאָר מעגלעך. אַנדערע האָבן אַליין מיטגעבראַכט מיט זיך פלעשער בראָנפן, געטרונקען, און אויסגערעדט אַל דאָס בייזס אויף די דייטשן, און אויף אַזעלכע ווי וולאַדעק קוזשמיר, פראַנעק קאָסטקאָ און זייערס גלייכן...

ר׳ מרדכי־פייבל האָט זייערע רייד נישט געקאָנט פאַרטראָגן, און נאָך ווייניקער — זייערע שמייכלען און פרייד־אויסדרוקן צו זיין בלייבן לעבן. זאָל נאָר דער וועג ווערן פריי פון מיליטער, וועט ער גלייך אַוועק פון דאַנעט. איין איבעריקע מינוט וועט ער נישט זיצן צווישן די, וואָס, אויב זיי וואָלטן אים מיט טעג צוריק געוועז געפונען, וואָלטן זיי אים געוועזן

איבערגעגעבן די דייטשן מיט אַ סך מער פרייד מיט וועלכער זיי טרינקען איצטער מיט אים „לחיים״ און ווינטשעווען אים אַזוי האַרציק...

*

מיט דער אויסגעטרעטענער סטעזשקע האָט ער פּאַרטאָגס אַוועקגעלאָזט זיך צו אַלעקסיס פעלדער און פון דאָרט — צום וואַלד־ברעג. דאָס קבר פון זיינע שטוביקע איז געווען אַרומגעלייגט מיט עטלעכע שטיינער און לויט די סימנים וואָס אַלעקסי האָט אים געגעבן, האָט ער אָן שוועריקייטן עס אָפּגעפונען. דאָס קבר אַליין איז געווען באַדעקט מיט גרינעם מאָך ווי ווייכער, איידעלער סאַמעט. אויסגעצויגן, איז ער געלעגן איבערן קבר, ווי באַהאַפטן מיט אים. שעהען לאַנג איז ער געלעגן, וואָרעם עס האָט אין צווישן די זון באַוויזן אַדורכשפּאַצירן פון איין עק הימל צום אַנדערן, און אַנגעהויבן פאַרלוירן גיין הינטער ווייטע בערג. ערשט דעמאָלט האָט ער זיך אויפגעזעצט, אָפּגעשטויבט זיך, און אַז ער האָט שוין געהאַלטן ביי אַוועקגיין, האָבן די ליפּן זיינע שטיל אַראָפּגעשעפּטשעט צום קבר: „זייט מיר מוחל, מיינע טייערע, זייט מיר מוחל וואָס איך לעב. דער הימל איז אַן עדות, אַז איך בין נישט שולדיק אין דעם.״

און ער איז אָפּ פון דאָרט. מיט דער זעלבער סטעזשקע מיט וועלכער ער איז געקומען, האָט ער זיך אומגעקערט אין דאָרף, צו דעם גוטן אַלעקסי בראָניעוויטש.

*

ביי דער שיין פון אַ נאַפט־לעמפּל זענען זיי אָפּגעזעסן דעם רוב שעהען פון דער נאַכט — האָבן גערעדט און געשוויגן, גערעדט און געשוויגן.

„און נאָך אַ בקשה האָב איך צו דיר, אַלעקסי: צוהיטן מיר דאָס קבר ביז כ׳וועל נאָך אַ מאָל אַריבערקומען אַהער פון שטאָט כדי אַריבערצופירן אַהין זייער געביין און טאָן מיט זיי די יידישע רעכט.״

„איך וועל אָן ספק עס טאָן, פּאַן!״

„אויב אַזוי, אַלעקסי, רעכן איך, אַז ווי נאָר עס וועט אָנהייבן טאָגן,

וועל איך גרייטן זיך אין וועג אַריין, וועסט מיך צופירן צו דער באַן־סטאַציע. כ׳וויל אָנקומען אין שטאָט אַריין מיט דער באַן, און אויסמיידן די לעווערטאָווער גאַס, כ׳וויל זי נישט זען..."

„...אָבער, שוין אין דער פרי, פאַן?"

„יאָ, אין דער פרי. כ׳ווייס ווי שווער ס׳איז ביידן דאָס שיידן זיך. מיר ווי דיר. אָבער, איך האָב אַ ציל, אַלעקסי — וואָס שנעלער אַרויס פון דעם לאַנד און אָנקומען דאָרט וווהין איך האָב אַ סך פריִער געדאַרפט פאָרן. מיר האָבן דאָך שוין גערעדט דערפון, האָסט מיך גוט פאַרשטאַנען."

„יאָ, אָבער צי וועט דאָרט נישט זיין צו שווער פאַרן פאַן? אייגער אַליין, אָן קיינעם."

„ניין, נישט צו שווער, אַלעקסי, נאָר צו שפעט..."

דאָס נאַפט־לעמפּעלע איז אויסגעגאַנגען און האָט זיי ביידן געלאָזט זיצן אין סוף־נאַכטיקער, געדיכטער פינצטערניש. ביידנס צעפּלאָמטע פּנימער האָבן אין איר אַריינגעלייכט ווי רויער פאַרמעט.

אַ בליק דורכן פענצטער, און ר׳ מרדכי־פייבל האָט געזען, אַז עס הייבט אָן טאָגן.

„נאָך אַ ביסל, אַלעקסי, וועל איך זיך נעמען גרייטן אין וועג אַריין. וויל איך, אַז דו זאָלסט וויסן: איך האָב אַ נדר געטאָן, נישט קיין הנאה צו האָבן פון מיין פאַרמעגן. בלויז איין איינציקע הנאה, צו דיר וועט עס געהערן."

„איך פאַרשטיי נישט, פאַן."

„עס דאַרף נישט זיין שווער מיך צו פאַרשטיין. ווי נאָר כ׳וועל געפינען אין שטאָט אַן אָרט ווו זיך אויפצוהאַלטן, וועל איך צוגרייטן אַלע בייטיקע פּאַפּירן, און דו וועסט אַריינקומען צו מיר."

אין גאַנצן אומפאַרשטענדלעך זענען אים אויסגעקומען ר׳ מרדכי־פייבלס רייד. וואָרעם, וואָס הייסט אַזוינס, אַז דער פאַן וועט אָפּשרייבן זיין גאַנץ פאַרמעגן, אויף זיין, אַלעקסיס נאָמען? און וואָס וועט דעמאָלט זיין? וואָס וועט ער, אַלעקסי דאַרפן טאָן מיט דעם?

„פאַרשטייִ מיך ריכטיק. נישט חלילה כדי דיר צו באַצאָלן פאַר דעם וואָס דו האָסט געטאָן פאַר מיר, נאָר ווייל איך וויל נישט, אַז דאָס אַלץ

וואָס כ׳פאַרמאָג זאָל אַריינפאַלן אין פרעמדע הענט. ווען איך וועל אַוועק פון דאַנעט, וועלן זיך געפינען בעלנים אויף די וועלדער, אויף די הייזער, אויף אַלץ. יאַזשעמבסקי, טאַדעק, טאָמאַש — אַ ביטערן חשבון האָב איך מיט זיי. אָבער מיינע אויגן וועלן זיי מער נישט זען, וועט צו דיר אַלץ געהערן. דיינס וועט עס זיין.״

*

עס איז נאָך געווען זייער פרי ווען איבערן שטיינערנעם ברוק פון מיכאַלאָווקע האָבן געטראַסקעט די רעדער פון אַלעקסיס ברייטן, אויס־געבעטן וואָגן וואָס האָט אָפּגעפירט ר׳ מרדכי־פייבלען צו דער נאָענטער באַן־סטאַציע.

פאַרכמורעט און שווייגנדיק איז אַלעקסי געזעסן אויפן פאָדערשטן געזעס, געהאַלטן די בייטש אין דער האַנט, און ער האָט בכוונה נישט אונ־טערגעטריבן די פערד. זאָל עס דויערן, זאָלן זיי גיין ווי זיי גייען, געלאַסן, נישט געאיילט זיך, האָט ער געטראַכט. ער האָט געפילט, אַז עפּעס ליידיקט זיך אין אים אויס, אַז ער הוילט זיך אויס פון דעם מיט וואָס ער האָט אַזאַ לאַנגע צייט געאָטעמט, געענערט זיך. באַלד וועט ער אומקערן זיך אַהיים און ער וועט בלייבן אַליין. אַ ליידיקער גרוב אין שייער, אַ פּוסט־קייט אין הויף. געווען אַזוי נאָענט פון פאַן, אַזוי נאָענט, און מיט איין מאָל...

און ר׳ מרדכי־פייבל ?... וווהין אייגנטלעך פאָרט ער ? ווו וועט ער גלייך די ערשטע נאַכט זיך אויפהאַלטן ? ביי וועמען ? צו וועמען האָט ער אַריינצוגיין ? ווער איז געבליבן לעבן ? ווער ?

זאָלן זיי, די פערד, שלעפּן געלאַסן דעם וואָגן, זאָלן זיי — האָט ער געטראַכט — זאָל עס געדויערן. ער איז גרייט צו זיצן אַזוי מיט אַלעקסין אויפן וואָגן, שווייגן און רעדן, און ווידער שווייגן. זאָל עס זיך ציִען ווי לאַנג, ווי לאַנג...

ווי אַ גאָלדענער קרוין האָט זון געשפרייזט איבער אַ ריינעם, בלויען הימל און געטשאַטעוועט, אויסגעקוקט, אויף וועמען פון זיי ביידן זיך אָנצוהענגען, וועמען פון זיי צו באַקריינען.

„פאַן — — — ״

„כ׳הער, אַלעקסי.״

„אַזוי פיל ווערטער אין קאָפּ, אין מויל, אויף די ליפּן. די באַן־סטאַציע — שוין אַזוי נאָענט און כ׳קאָן זיי נישט אַרויסברענגען.״

„וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן, אַלעקסי?״

„אַזוי שווער דאָס שיידן זיך, אַזוי שווער, פּאַן — — —״

„מיר איז אויך נישט גרינג, אַלעקסי. ווען מיר אַלץ טראָגן אין זיך און נישט פאַרגעסן. קיין מאָל נישט. פון איין זייט דער קבר מיינער און דיין איינשטעלעניש, דיין איבערגעגעבנקייט צו מיר פון דער צווייטער זייט. ביידע זאַכן וועל איך, אַזוי גלייב איך, קיין מאָל נישט פאַרגעסן, קיין מאָל נישט.״

*

די באַן־סטאַציע איז געווען פול מיט זעלנער, פאַרשטויבטע, פאַרשמאַדערטע, ווי פון שמוציקע קאַנאַלן אַרויסגעקומענע.

געאַרעמט זענען זיי אַרויף אויפן פּעראָן, גערעכנט, אַז עס וועט נאָך אַ סך צייט נעמען ביז עס וועט אָנקומען אַ באַן. אָבער זיי האָבן נישט באַוויזן אַפילו אוועקצושטעלן זיך, עפּעס אויסרעדן צווישן זיך, און מיט אַ געליאַרעם איז אָנגעלאָפן אַ לאָסטבאַן מיט ליידיקע וואַגאָנעס. אַ זעלנער וואָס האָט געוואָלט העלפן ר׳ מרדכי־פייבלען אַריינבאַקומען זיך אין וואַגאָן, האָט אים אַ הייב געטאָן און אַריינגעטראָגן אינעווייניק. אַ רגע שפּעטער איז אַלעקסי שוין געשטאַנען אויפן פּעראָן איינער אַליין, צעטומלט, נישט געוווּסט ווו אַהינצוטאָן די אויגן. ר׳ מרדכי־פייבל האָט אים צוגערופן נענטער צום פענצטער, אַראָפּגערעדט צו אים, און ער, אַלעקסי, האָט נישט געקאָנט עפענען דאָס מויל, אַרויסרעדן אַ וואָרט. ער איז געשטאַנען דערשלאָגן, פאַרצאָגט, האָט נישט געוווּסט פאַרוואָס ער באַנעמט נישט די ווערטער וואָס עס רעדט צו אים דער פּאַן, ווי ער וואָלט זיי געהערט פון זייער ווייט.

און... פּלוצלונג האָט די באַן אַ ריס געטאָן זיך פון אָרט ווי זי וואָלט

אַלץ מיטגעשלעפּט מיט זיך און צעטרעטן אונטער אירע רעדער, אַלץ, אים אויך...

אַ ווילד געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זיין מויל, האָט נאָכגע־דונערט דער אַנטלויפנדיקער באַן, געטראָגן זיך אין חלל צוזאַמען מיטן געוואָי פון לאָקאָמאָטיוו — — —

„פּ — — אָ — — ן" — —   „פּ — — אָ — — ן — — — "

ר' מרדכי־פייבלסביידע הענט האָבן לאַנג נאָך געשטעקט אויסערן פענצטער, האָבן געפּאָכעט צו אים, געזעגנט זיך. אַלעקסי האָט געוואָלט נאָכלויפן די אויסגעשטרעקטע הענט, זיי אָנגעמען, פעסט זיי דריקן, פעסט, נאָר די פיס זיינע האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט, ווי זיי וואָלטן געווען פאַרטשוועקעט אין דער ערד.

*

לאַנג איז אַלעקסי בראָניעוויטש געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין לייטער פון זיין וואָגן און האָט נאָכגעקוקט דעם ליידיקן חלל וואָס די באַן האָט איבערגעלאָזט. ער האָט אויסגעזען ווי איינער וועמען עס זענען באַפאַלן גזלנים אין מיטן וועג און האָבן ביי אים צוגערויבט אַלץ וואָס ער האָט פאַרמאָגט.

„אַזאַ וואָזשנער מענטש" האָבן די ליפּן זיינע אויסגעפּרעפּלט ווען ער האָט סוף־כל־סוף אַרויפגעזעצט זיך אויפן וואָגן און געגעבן אַ צייכן די פערד צו רירן.

איבער אים האָט שפּאַצירט אַ צעשפּילטע, צעשטראַלטע זון, און זי האָט אים באַצירט מיט גאָלדענע צויטן, באַקריינט אים מיט שפּעדיקן ליכט.

„אַזאַ וואָזשנער מענטש", האָט ער איבערגעחזרט די ווערטער, אומ־קערנדיק פון מאָל צו מאָל דעם קאָפּ צום ליידיקן געזעס, אויף וועלכן עס איז ערשט נישט לאַנג געזעסן דער פּאַן.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

גייענדיק אויף דער באַנגאַס האָט ר' מרדכי־פייבל אָפּגעשטעלט זיך לעבן אַ שטוב, און פון אַמאָליקער געוווינהייט אריינגעבליקט אַהין. אים האָט זיך געוואָלט אַ רוף טאָן זיין שטיבל־חבר דודל ערליכמאַן, ער זאָל אַרויסקומען כדי צוזאַמען אַוועקצולאָזן זיך אין שטיבל אַריין, ווי זיי פּלעגן עס שטענדיק טאָן ווען זיי האָבן זיך נאָר געטראָפן ווייט פון דער לעווער־טאָווער גאַס.

אַן אָפּקלאַנג פון רייד איז דערגאַנגען צו זיין געהער. „און אפשר? האָט אויפגעבליצט אַ געדאַנק — און אפשר דאָך?" ער איז צו בענטער צום פענצטער וואָס איז געווען אָפן. אין זיין פּאַראַפּעט זענען געווען אָנגע־לענט עטלעכע יונגע קינדער און דערזעענדיק דעם פרעמדן מענטש זיך דערנענטערן צו זיי, האָבן זיי זיך איבערגעצלמט, צעשריגן זיך אויפן קול „מאַמאָ, מאַמאָ" און זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן אין שטוב אַריין פאַר מורא פון אַן אַלטן „דזשיאַד" וואָס פאַרשלעפּט מיט זיך, ווי די עלטערע וואָרענען זיי, נישט געהאָרכיקע, שלעכטע קינדער.

ער איז אַוועקגעגאַנגען און האָט נישט געוווּסט וווהין ער וויל אָנקומען.

אַ יונגער מענטש האָט זיך פאַרבייגעשלייכט לעבן אים, איז געגאַנגען פּאָרויס, האָט זיך אומגעקערט און געבליבן שטיין פּנים אל פּנים מיט אים. זייערע אויסגעלאָשענע, יאושדיקע בליקן האָבן אָנגעהויבן פלעמלען זיך, און ווייל זיי זענען געווען אויסגעטריקנט, האָבן זיי נישט געהאַט אפילו פון וואַנעט אויסצובאָרגן זיך אַ טרער. נישט אויסרעדנדיק אַ וואָרט, האָבן זיי זיך אָנגענומען פאַר די הענט, אַוועקגעלאָזט זיך אַ ווייטן גאַנג, כמעט ביז אויסער דער שטאָט. אויף די וואַלינער לאָנקעס האָבן זיי געפונען אַ חורבה און זענען דאָרט אַריין.

די נאַכט איז צוגעפאַלן און זיי האָבן אויסגעבעט פאַר זיך געלעגערס אויף דער ערד, יעדער איינער, אין אַן אַנדער ווינקל.

„ווער ביסטו, און פון וואַנעט האָסטו זיך דערנומען אַהער?"

„אַלע קברים, אַלע באַהעלטענישן, ר׳ מרדכי־פייבל, האָבן געהאַט איין פּנים. קאָן זיין, אַז מיר זענען טאַקע אַרויס פון דאָרט אָן רשות, וואָלטן מיר לפּחות געדאַרפט אָנהענגען אויף זיך אַ שילדל „פּה נטמן".

„ווער ביסטו פון דער היים? האַ? דאַכט זיך, אַז דו האָסט מיך אָנגע־רופן ביים נאָמען, אמת?"

„אַ גרויס וווּנדער! נישט ווייניק ראש־השנה׳ס געווען צוזאַמען ביים רבין, געקומען מיטן טאַטן, בערל שוחט פון סאָקאָלקע."

„און דיין נאָמען איז גדליה. דער עלטסטער זון, שוין געשטאַנען לעבן טאַטן אין שעכטהויז. נישט אַזוי?"

פאַר טאָגס איז גדליה אַראָפּ פון געלעגער, האָט גאָרנישט געזאָגט, און איז אַרויס פון דער חורבה.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און אין שטאָט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך, דער גרויסער וואַלד־סוחר פון פאַר דער קריג, איז געבליבן לעבן, און, אַז ער געפינט זיך ערגעץ ווו.

די גויים וואָס זענען געזעסן אויף לעווערטאָווער גאַס האָבן נישט געגלייבט אין דעם. עס איז נישט געווען אַ מענטש וואָס זאָל קאָנען עדות זאָגן, אַז ער האָט מיט זייערע אייגענע אויגן אים געזען. פון דעסט וועגן האָבן די סטרוזשעס פון די הייזער אויף לעווערטאָווער גאַס געזוכט טאַמאַשן און זיין סטעפאַניאַן כדי „מיט פאַרגעניגן" זיי אָנצוזאָגן די „גוטע" בשורה. זיי האָבן געקלאַפּט און געקלאַפּט אין זייער גרויסער וווינונג און קיינער האָט זיי נישט געענטפערט, נישט געעפנט די טיר.

נאָך עטלעכע טעג, אין אָן אָנהייב אָוונט, האָט גדליה ווידער זיך באַוויזן אין דער חורבה. ר׳ מרדכי־פייבל האָט מיט אים זייער זיך געפרייט. צוזאַמען האָבן זיי געגעסן פון שטיקל ברויט וואָס ר׳ מרדכי־פייבל האָט אָוועקגעלייגט און פאַרטרונקען מיט קאָכעדיקער טיי. ר׳ מרדכי־פייבל איז געזעסן אויף אַ נידעריק קלעצל און גדליה — לעבן אים, אויף דער ערד.ביידע האָבן אויסגעזען ווי צוויי אבלים וואָס האָבן אָקערשט אומגעקערט זיך פון בית־הקברות און אַליין געמוזט צוגרייטן פאַר זיך זייער אבלים־סעודה, די סעודת־הבראה.

ר׳ מרדכי־פייבל האָט נישט געפרעגט גדליהן פאַרוואָס ער איז מיט

עטלעכע טעג צוריק פלוצלונג אוועק פון דער חורבה, און אויך נישט, וואָס עס האָט אים געבראַכט צוריק אַהער. ער האָט געטראַכט ביי זיך: אַלע לעכער פון דער חורבה קוקן אַרויס צום אַלטן בית־החיים, אַרום און אַרום איז פוסט און פּאַסט, איז פון דעסט וועגן הימלעכער צו זיין זאַלבע צווייט, צו חורבה'ן מיט נאָך עמעצן, ווי צו זיצן איינער אַליין.

פאַר וואָס ער איז אַוועקגעקומען, האָט גדליה אַליין גענומען דערציילן. יענעם פאַרטאָגס האָט אים אַ מחשבה עפּעס אַ שטויס געגעבן, און אפשר איז עס גאָר געווען צוליב אַ חלום וואָס האָט זיך אים געחלומט אין סאַמע באַגינען. ווי עס זאָל נישט זיין האָט עס אים אַרויסגעטראָגן פון דאַנעט, איז אַוועק אויפן מאַרק און געדונגען אַ פור קיין סאָקאָלקע.

„נו, און וואָס?"

„וואָס איז דאָ צו פרעגן? אויפן ברודער־קבר פון די דערשאָסענע, נישט ווייט פון שטעטל, זענען זיך געלעגן פּאַסטעכער אין אַ קופּע, האָבן גע־שפּילט, געזונגען און אַרום זיי האָבן די בעלי־חיים אַרויסגעפּירטע אַהין פון די שטאַלן און אָבאָרעס, אַפילו אָנגעלאָפענע הינט ווער ווייסט פון וואָסערע מקומות, געשטופּט זייערע פּיסקעס אין דער ערד, נישט אויפגע־הויבן די קעפּ זייערע אויף אַ מינוט, אַזוי געשמעקט האָט זיי די פעטע, זעטיקע פּאַשע."

און נאָך אַ קליינעם איבעררייס, האָט ער צוגעגעבן:

„אָבער איר האָט געדאַרפט זען, ר' מרדכי־פייבל, וואָס עס האָט נעכטן דאָרט זיך אָפּגעטון. עטלעכע סאָקאָלקער יידן זענען מיר דאָרט געווען. אַראָפּגעקומען מיט שטעכלדראָט וואָס מיר האָבן איינגעקויפט און האָבן אַרומגעצוימט די גריבער. באַלד אין דער פרי האָבן מיר עס געמאַכט. און, אַז די פּאַסטעכער זענען געקומען מיט זייער שאָף אויף דער פּאַשע, האָבן די בעלי־חיים מיט די קעפּ געשטויסן די צוים, געוואָלט זי דורכברעכן. האָבן זיך צעקאַליעטשעט, בלוט האָט גערונען פון זיי, און זיי זענען נישט אָפּגעטרעטן. מיט די נאָזלעכער האָבן זיי אַריינגעאָטעמט אין זיך די ריחות פון די גריבער, פון געביין."

— — — אַ געדיכטע טונקלקייט האָט דורכשפּאַצירט די חורבה, איז דורך איין לאָך אַריין און דורך דעם צווייטן אַרויס. נאַכטיקער ווינט האָט

געטרייסלט מיט דער חורבה, געהוידעט זי, ווי עס וואָלט עמעצער גע־פלאַנט זי איבערצוטראָגן אויפן בית־החיים און ערשט דאָרט זי גוט פאַרוואַרצלען.

„און צו וואָס אייגנטלעך חורבה'ט איר אָפּ דאָ די טעג און די נעכט? פאַרוואָס גייט איר נישט אַראָפּ, ר' מרדכי־פייבל, צו אייך אין הויז? אין אייער שטוב אַריין אויף לעווערטאָווער גאַס? וואָס איז דער שכל פון דעם?"

עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. ר' מרדכי־פייבלס אויגן־בליקן האָבן אַריינגעגלאַנצט אין נאַכטיקן חשכות. אויך גדליהן האָט דער שלאָף נישט גענומען. ער האָט געוואַרט אויף זיין עלטערן שכנס תשובה.

„ווי האָסטו אַליין געזאָגט אין דער ערשטער נאַכט ווער מיר זענען אַריין אַהער? עס קאָן זיין, אַז מיר זענען אַרויס פון די קברים אָן רשות. אמתע ווערטער, גדליה. נאָר אויב אַזוי, האָב איך דאָ, אויף דער פאַרשאָל־טענער ערד מיט גאָרנישט מער קיין שייכות."

„וואָס זשע רעכנט איר צו טאָן? בלייבן זיצן אין דעם „לאָך"? ס'אַ תכלית?"

„ניין, גדליה. איך בלייב נישט דאָ."

„ווהין רעכנט איר צו גיין, ס'איז דאָך פאַרט אייער אָרט פון אַזוי פיל יאָרן, אַ גאַנץ לעבן..."

„כ'לאָז זיך אין וועג אַריין, קיין ארץ־ישראל. כ'ווייס נישט ווען כ'וועל אַהין אָנקומען, ווו כ'וועל אין צווישן זיך אויפהאַלטן, דאָ — נישט, אויף דער ערד — נישט."

„און אייער פאַרמעגן? די הייזער, די וועלדער, אַלץ?!"

„אָפּגעשריבן אויפן נאָמען פון גוטן מענטש, אַ פוילישער פויער, וואָס האָט מיך אויסבאַהאַלטן."

„און וואָס האָט איר איבערגעלאָזט פאַר זיך, ר' מרדכי־פייבל?"

„אַ ביסל אמונה און אַ ברעקל בטחון וואָס איז מיר אַזוי שווער אָנגעקומען צוריק איינצופלאַנצן אין זיך, אַזוי ווייט פאַריאושט בין איך געווען. איצטער אָטעם איך מיט בטחון אין דעם וואָס סיי ער איז מייסר און סיי ער שטרעקט אויס אַ האַנט דיך אונטערצוהאַלטן. אָן דעם, גדליה, וואָלט

נישט כדאי געווען אַ טאָג איבערצולעבן, אַפילו נישט אין „אונדזער" חורבה..."

*

גדליה איז ווידער אַוועקגעקומען. אין מיטן דער נאַכט האָט עס אים אַרויסגעטראָגן פון דער חורבה און — ווי אין וואַסער אַריין? איז ער ווידער אין סאָקאָלקע? ביים ברודער־קבר וווהין עס ציט אַזוי אַהין, אָדער איז ער ערגעץ ווו אין שטאָט? ר' מרדכי־פייבל ווייסט גאָרנישט וועגן אים, בלויז דאָס, אַז ער איז אין שטענדיקן אומרו, אַז ער קאָן נישט איינזיצן אויף אַן אָרט, האָט נישט קיין מנוחה. לעבט ער ר' מרדכי־פייבל אַליין אין דער חורבה און גרייט זיך אין וועג אַריין.

אין איינעם אַ שבת־צו־נאַכטס האָט גדליה זיך באַוויזן. געבראַכט מיט זיך עטלעכע לאַבנס ברויט, אַ פּאָר הערינג.

„געהערט, אַז איר האַלט שוין ביי אַוועקפאָרן, וועלן מיר פראַווען צוזאַמען אַ מלווה־מלכה. צונויפגעקליבן אַ ביסל היימישע וואָס וואַלגערן זיך אַרום ווי מיר. זיי דאַרפן באַלד אַריינקומען."

פון עטלעכע ברעטער וואָס זענען דאָרט געלעגן, האָט גדליה צונויפ־געשטעלט אַ טיש, באַדעקט אים מיט אַ שטיקל ליילעך, אָנגעצונדן צוויי ליכטלעך וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע, אָנגעטריפט זיי אויף שטיקלעך בלעך. אויף די חורבה־ווענט האָבן שוואַרצע שאָטנס זיך צע־האַפּסלט, געריסן זיך, ווי זיי וואָלטן געקליבן זיך אַראָפּצושפּרינגען און פאַרלעשן דאָס ליכט וואָס איז פאַר אים נישטאָ דאָ קיין אָרט.

— — — איינער נאָכן אַנדערן זענען זיי מיט צעלאָמיעטע טריט אַריין אין דער חורבה און האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום טיש. זייערע בגדים זענען לויז אַראָפּגעהאָנגען פון זיי, נאָר אַראָפּצופאַלן פון זייערע לייבער. זיי זענען געזעסן און האָבן געשוויגן. אויך זיי האָט משמעות געאַרט דאָס ליכט, דאָס משפּחהדיקע זיצן ביים טיש. ווייטיקן זענען ביי זיי אויפגע־גאַנגען, האָבן געעוודרן אין זיי.

„כ'האָב גענוג דאָס בית־הקברות אין סאָקאָלקע, וואָס כ'טראָג אין זיך אַליין — האָט גדליה זיך צעבייזערט — מיר זענען געקומען פראַווען

אַ מלווה־מלכה, פאַרטרייבט זשע דאָס עצבות, אָבער שוין, שוין!". זיין קול האָט געדונערט אין דער חורבה, געטרייסלט מיט איר און איז דורך די לעכער אַרויס אין דערליידיקער, נאַכטיקער אַרומיקייט.

זיין געבייזער האָט אַראָפּגענומען שלעסער פון מויל. עס האָט זיך דערהערט אַ פריי אָטעמען ווי עס וואָלט די חורבה אָנגעפילט זיך מיט פרישער לופט וואָס עס האָט אַ ווינטל אַריינגעטריבן פון די פוסטע וואַליער לאַנקעס.

בלויז איינער, שמואל שערפּצער, געזעסן איז ער ביים סאַמע ווינקל פון טיש, האָט זיך דערלויבט אים אָקעגנצורעדן. „וואָס איז די גדולה אויף דיין קאָפּ? בשמחה ווילסטו זיין? מעגסט? זאָג, דו מעגסט?" און גלייך האָט ער אַריינגעלאָזט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, צוזאַמענגעקאָרטשעט זיך און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

בליקן זענען צוגעפאַלן צום עלטסטן פון דער חבורה, צו ר' מרדכי־פייבלען, האָבן זיך אָוועקגעלייגט פאַר אים. ער האָט צענומען זיינע דאַרע הענט — צעבראָכענע האַלאַבליעס — און זיי געשיקט פאָרויס, געוואָלט מיט זיי אָנקומען ביז צו שמואל שערפּצער.

„קינדערלעך, גדליה איז גערעכט. עצבות פירט אַראָפּ פון וועג. כ'ווייס עס פון זיך אַליין. מוז מען זיך דערכאַפּן, דאַרף מען מלחמה האַלטן מיטן יאוש." ר' מרדכי־פייבל האָט עס געזאָגט ווייך, מילד, ווי איינצונעמען ברוגזע, אָנגעשלאָגענע קינדער. „יעדער איינער פון אונדז איז פול מיט טענות, מיט שאלות, און דער עיקר — פול מיט יסורים, יסורי נפש, אָבער, אַז מען געפינט צוריק אָפּ דעם וועג צו „אים", צום באַשעפער. ווערט וואַרעם אויף דער נשמה, איז מען מער נישט אַליין און דאָס עצבות קומט אַוועק. יאָ, כ'ווייס דאָס אויך פון מיר אַליין, פון אייגענעם נסיון..."

עמעצער האָט אָנגעהויבן אויסברומען אַ ניגון. אַ צווייטער האָט אונ־טערגעכאַפּט דעם שטילן קלאַנג, דערוואַרעמט זיך, און אויפגעהויבן העכער דעם טאָן. „איש תשבי יצילנו מפי אריות יבשרנו בשורות טובות ישמחנו בנים על אבות — — — במוצאי שבתות — — "

„ו ו אָ ס ? — — — י ש מ ח נ ו — ב נ י ם — ע ל — א ב ו ת ?

האַ? וואָסער געזאַנג איז דאָס? ווו זענען זיי? די קינדער? די טאַטעס? ווו? — — — —"

שמואל שערפּצערס קול האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די אַזוי אויך שוואַכע ליכט־פייערלעך. זיי האָבן געגומען הוידען זיך, בייגן זיך אין אַלע זייטן. אויף די חורבה־ווענט האָבן די שאָטנס ווידער זיך צעטאַנצט, גע־קראָכן איינער אויפן אַנדערן, געפּויסט זיך.

„ניין, ניין, נישטאָ מער קיין ניגון, נישטאָ מער קיין געזאַנג, לאָזט מיך אַרויס פון דאַנעט, לאָזט מיך..."

גדליה איז צוגעשפּרונגען צו אים, האָט אים אַרומגענומען, און געקושט אים ווי עס קושט אַ טאַטע זיינס אַ קינד.

צוויי חברים פון די יונגע יאָרן אָן. געלערנט צוזאַמען אין רבינס ישיבה. מיט זיין גוטן קאָפּ און גוואַלדיקער התמדה, האָט שמואל גאָר יונג שוין געשמט ווי אַ גרויסער קענער, אַ תלמיד־חכם. ווען ער איז עלטער געוואָרן האָבן יונגע חברה געקלעפּט אין אים, געוואָלט מיט אים שמועסן אין לערנען, אויך אין חסידות. אַזוי אָנגענומען איז ער געווען ביים עולם, אין רבינס בית־מדרש. גדליה ווייסט גוט, אַז אין דער מלחמה האָט שמואל פאַרלוירן ווייב און קינדער, טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועס־טער, אַז ער האָט נישט קיינעם אויף דער וועלט.

„ביסט נישט דער איינציקער, שמואל, האָט גדליה אין אים אַריינגע־רעדט, כמעט אַלע אַזוי, כמעט אַלע. פאַרגעס אָבער נישט ווער דו ביסט... געהערט אַ מאָל צו די בני־עליה צווישן אנשי־שלומנו, געפּלעגט נאָך אויף אַנדערע משפּיע זיין, מוזטו הייגט דיין כוח אויסנוצן פאַר זיך אַליין, שמואל, פאַר זיך אַליין, נאָר אַזוי וועסטו קאָנען עקזיסטירן, אַנדערש..."

גדליהס רייד האָבן אים אַ ביסל איינגענומען. שמואל שערפּצער האָט נישט אָפּגעריסן זיך, בלויז אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפן טיש און גע־כליפּעט שטיל ווי אַ קליין אָנגעשלאָגן קינד.

אַ לעצטער ניגון־ברום איז אויסגעגאַנגען אויפן טיש און עס איז געוואָרן שטיל ווי אין אַ הייל. גדליה האָט פיינט געהאַט די שטילקייט, זי האָט אים דערמאָנט אין קאַמער אין וועלכן ער איז געווען פאַרמויערט

אין די מלחמה־יאָרן און פון צייט צו צייט דאָרט אויסגעפּרובירט זיך צי דאָס לשון איז אים נישט אוועקגעקומען.

„הערטס, כ׳וועל אייך עפּעס דערציילן. ס׳איז נאָך געווען אין געטאָ, אין סאָקאָלקע. געהערט צו די ערשטע ביי וועמען מען האָט געהאַט אָפּגע־נומען ווייב און קינדער, און עס האָט געהייסן, אַז מען האָט זיי אַוועק־געשיקט צו „אַ בעסער לעבן", אַ גרינגערס... נאָך דריי טעג האָבן מיר שוין געוווּסט, ווּ עס זענען די גריבער זייערע, באַלד הינטערן שטעטל. אין יענע טעג בין איך אַרומגעגאַנגען אויפגעברויזט אויף אַלץ און אַלעם. געוואָלט אַנטלויפן פון דעם וואָס איז מיר ביז דעמאָלט געווען טייער און הייליק... אין איינעם פון יענע טעג האָט מיך אָפּגעפונען אַ היימישער שטיבל־ייד, שוין אין די פופציקער. מיין גאַנץ ביטער האַרץ האָב איך פאַר אים אויסגעגאָסן. איך האָב פאַרלאַנגט ער זאָל מיר זאָגן פאַרוואָס עס האָט מיך אַזוי געטראָפן. דער היימישער האָט אויסגעשפּירט ווי עס האָלט מיט מיר, האָט ער אין מיטן פון מיין רעדן צו אים אַ געשריי געטאָן „שווייג, גדליה, שווייג!". דאָס לשון איז מיר גלייך אַוועקגעקומען. אַזוי פאַרשטומט בין איך געוואָרן. ערשט נאָך דעם האָט ער אַ זאָג געגעבן: „נו, אוודאי, ווען דו ביסט געזעסן ביי דער אָפּענער גמרא — עס האָט דיר דעמאָלט גאָרנישט געפעלט — און האָסט געלערנט וועגן די עשרה הרוגי מלכות, וועגן רבי עקיבא וועמען די שונאים פון ישראל האָבן געקעמט זיין לייב מיט אייזערנע קאַמען, דאָס בלוט האָט געשפּריצט פון אים, און ער האָט געזאָגט „ואהבת את ד׳ אלוקיך בכל לבבך ובכל נפשך", גענומען אויף זיך עול־מלכות־שמים, דעמאָלט, ווען דו האָסט אַזוי געלערנט, גדליה, פון דער גמרא אַרויס, האָסטו זיך געשאָקלט אויף און אָפּ, אַהין און אַהער, צוגע־ברומט זיך אַ ניגונדל, אַ האַרציק, זיס ניגונדל וואָס מאַכט געשמאַקער דאָס לערנען... פאַרוואָס אַזוי? ווייל דאָס אַלץ איז דאָך געווען אַזוי ווייט פון דיר, מיט אַזוי פיל צייט צוריק... אָבער ווי נאָר עס האָט דיך אַליין אָנגע־רירט, ביסטו שוין גרייט ווידערצושפּעניקן! האַ? אַזוי נאָענט איז אַ מענטש צו זיך אַליין... אַדרבא, אַזוי זאָגט דער סאָקאָלקער ייד צו מיר, זאָג דיר אַליין, זיי דיר מברר, ווּ איז גבורה, און ווּ שוואַכקייט? גיב דיר אַליין דעם ענטפער..."

נו, ברידערלעך, איך בין אַוועק פון אים און כ׳האָב מיר געגעבן דעם ענטפער, געגעבן...״

נאָך שטילער פון שטיל איז געוואָרן אין דער חורבה, ווי עס וואָלט אָטעם זיך אויסגעלאָזט און אַלץ איז פאַרשטיינט געוואָרן. גוף האָט זיך געטוליעט צו גוף. די שאָטנס אויף די ווענט האָבן מער נישט געווילדעוועט, האָבן זיך אָנגעהורבעט אין אַ קופּע, זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טונ־קעלן, שוואַרצן באַרג...

גדליה האָט נאָך געהאַלטן די האַנט אויף זיין חברס אָנגעבויגענער פּלייצע און האָט אים אַ טרייסל געטאָן.

„הער, שמואל, אַלע הערט. דאָ נישט לאַנג האָב איך זיך געטראָפן מיט דעם זעלבן שטאָטישן, דעם ייד פון סאָקאָלקע. אַ מענטש אַ שאָטן. אַ באַר־וועסער איז ער אָנגעקומען קיין סאָקאָלקע. לאַנג, זייער לאַנג האָט ער געוואַנדערט אויף די וועגן. אַנטלאָפן פון אַ לאַגער, האָט ער ווי געטאָגט נישט געזעכטיקט. אויסבאַהאַלטן זיך אין וועלדער. געשפּייזט זיך מיט גראָז, מיט בלעטער, מיט וואָס נאָר ער האָט געקאָנט נעמען אין מויל אַריין און אַראָפּשלינגען. ווען ער האָט זיך דערשלאָגן קיין סאָקאָלקע, האָב איך דאָרט גראָד פאַרבראַכט, אַרומגעצוימט דעם ברודער־קבר פון די דער־שאָסענע פון אונדזער שטעטל. אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געזעסן צוזאַמען, לעבן דעם צוים און דערציילט האָט ער מיר אַ מעשה מיט אַ יונג יידיש בחורל אין זייער לאַגער. אַז איר וועט עס הערן, וועט איר ווידער זען וואָס אַזוינס ס׳איז געווען יידישע גבורה אין אונדזער צייט. אַ טראַנספּאָרט מיט יידן איז אָנגעקומען אין לאַגער. לעבן אים, דעם סאָקאָלקער ייד, האָט אָונט־צו אַוועקגעלייגט זיך אַ יונג בחורל, נאָר פון דער מאַמעס פאַרטעך אַוועק. פאַר טאָגס, נאָר זיך איבערגעוועקט, האָט ער דערזען דאָס יינגל שטיין אין תפילין אָנגעטאָן און דאַווענען. געשאָקלט זיך, געדבקהט זיך, ווי ער וואָלט געווען ביי זיך אין דער היים, צי אין בית־מדרש, אַזוי האָט מיר דער סאָקאָלקער ייד אויסגעמשלט. דאָס פּנים האָט ביי אים געפלאַמט פון בושה. ער, אַליין אַ חסיד, אַן אָפּגעהיטער, האָט שוין קיין תפילין ווי לאַנג נישט געזען, און דאָ קומט אַ בר־מצווה־יינגל, אָדער עלטער, ווער האָט דען געקאָנט וויסן, הויט און ביין איז ער געווען, און אים געלינגט

אַריינצווגנבענען אַ פּאָר תפילין אין לאַגער ווו, אַנקומענדיק, טוט מען יעדן אויס נאַקעט. אַז ער האָט אים געפרעגט וועגן דעם, האָט אים דאָס ייִנגל נישט געענטפערט. אפשר מורא געהאַט צו זאָגן, אָדער געהאַלטן, אַז עס איז נישטאָ מיט וואָס זיך צו גרייסן..."

„אָבער זינט זיין אָנקומען אין לאַגער — גדליהס קול האָט זיך געהויבן — זענען די תפילין זיינע געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, ווער עס האָט זיי געלייגט אין דער פרי פאַרן אַפּעל, און ווער — צוריקקומענדיק פון דער אַרבעט, פאַר נאַכט..."

אַרום טיש האָבן פּנימער זיך צעלויכטן. אויגן האָבן זיך געפייכט. אַפילו שמואל שערפּצער האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ פון טיש אַוועק, אונטער־געשטעלט די האַנט, געוואָלט איינהערן זיך בעסער אין זיין חברס סיפּור־המעשה, נאָך דעם ווי עס האָט עמעצער ביים טיש אַ פרעג געגעבן גדליהן, צי זיין שטאָטישער האָט אים אויך דערציילט וואָס ער ווייסט וועגן ייִנגל, צי ער איז נאָך פאַראַן, לעבט, אָדער...

גדליהס געדיכטע ברעמען האָבן כמעט פאַרשטעלט זיינע טיפע, שוואַרצע אויגן. ער האָט גערעדט ווי צו זיך אַליין, אָדער צו די שוואַכע פלעמעלעך פון די כמעט שוין אויסגעטאָפּיעטע ליכטלעך. „אין איינעם אַ פרימאָרגן, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס בחורל פעלט אין דער ריי. מען האָט אויסגערופן זיין נאָמען, און קיין ענטפער איז נישט געקומען. עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און מ'האָט אים אָפּגעפונען. ער איז געזעסן אין אַ ווינקל אין די תפילין זיינע. צעיושעט, איז אַ דייטש צוגע־לאָפן צו אים, האָט אָנגעשטעלט די ביקס, שוין געוואָלט אַ דריק געבן אויפן צינגל. אָבער ס'איז געווען איבעריק... אין גאַנצן איבעריק... מיטן פּנים צו דער וואַנט איז דאָס ייִנגל געזעסן און דאָס דאַרע גופל איז קאַלט און פאַרשטייפט. טאָג און נאַכט, אַזוי האָט מיר דער סאָקאָלקער ייִד דער־ציילט ווען מיר האָבן שוין געהאַלטן ביי פונאַנדערגיין זיך, האָבן ייִדן אין לאַגער איינגעטענהט מיטן ייִנגל ער זאָל עסן אַ ביסל געקעכץ פון דער קיך, ווייל ס'איז דאָך פּיקוח־נפש און מען דאַרף על־פּי־דין דאָס טאָן, און ער... יעדן טעלער זופּ האָט ער געטוישט אויף אַ ביסן ברויט. נישט מער, נישט מער. און געדאַרפט האָט ער לאָדענען קעסטלעך מיט קוילן אין די

וואַגאָנעס אַריין. די דייטשן האָבן אונטערגעטריבן, זענען געשטאַנען מיט באַגייקעס אין די הענט, נו, איז אַ וווּנדער?" — — —

— — — געדיכט איז געווען די טונקלקייט אין דער חורבה. די ליכטלעך זענען פון לאַנג שוין געווען אויסגעברענט. אַרום טיש האָבן אַלע נאָך געקוקט גדליהן אין די אויגן אַריין. פייערלעך האָבן ביי זיי געטליִעט אין די אויגן, האָבן אַריינגעהעלט אַ ביסל אין דער פינצטערער נאַכט, וואָס האָט זיך אָנגעלייגט אויף דער חורבה, אויך אַריינגעשטופּט זיך אין איר.

און עס האָט אַפילו אַן איינציק וואָרט נישט געקאָנט געבוירן ווערן. ביי ר' מרדכי־פייבלען אויף די ליפּן איז געלעגן אַ וואָרט פון רבין און ער האָט עס אויך נישט אַרויסגעברענגט פאַרן מויל. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיינע מינוטן פון יאוש אין שייער פון אַלעקסי בראָניעוויטש און אין האַרצן ביי זיך האָט ער אַ טראַכט געגעבן: אויב אַזוי, איז דאָס יונגע בחורל געשטאַנען אַ סך העכער פון אים, דעם עלטערן חסיד, האָט דער־גרייכט די העכסטע מדרגה, בעת אים האָט אַלעקסי געדאַרפט אַרויסשלעפּן פון פאַרצווייפלונג, פון פאַרלירן זיך... נו, דאַרף ער נישט זיין אַ מפשפש במעשיו? דאַרף ער נישט אָפּאַרבעטן וואָס ער האָט קאַליע געמאַכט?...

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

מיט בײדע הענט האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אין דער באַריערע פון שיף־דעק און נישט געקאָנט אָנזעטיקן זיך מיט דער ליכט־שפע וואָס איז געווען צעשיט איבער די כרמל־בערג ווי שטערן־שטויב אויף באַכטיקן הימל געוועב.

ערשט מיט באַגינען האָט די שיף פאַראַנקערט אין פּאָרט. אין דער אָ רגע האָט ער געהאַט דאָס געפיל, אַז אויך ער האָט זיך באַהאַפטן מיטן לאַנד, געוואָרן אײנס מיט אים.

אויף דער דעק איז דאָס געפילדער געווען גרויס. מענטשן האָבן גע־טומלט זיך. געוויין און געזאַנג, פרייד און ציטער האָבן זיך אויסגעלאָדנט. ביי אַ סך האָט ווייסער שוים געשפּאָרט זיך פון די מויל־ווינקלען פון איבערגענומענקייט, פון גרויס איבערלעבעניש.

ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט. אַ לייכט ווינטל האָט צעטיילט זיין זילבער־גרויע באָרד אין צווייען, איין העלפט — צו דער זייט פון ים, און די צווייטע העלפט — אין אַ פאַרקערטער ריכטונג.

„בלויז איין מאָל קאָן אַ מענטש אַזוי איבערלעבן אַן אויסנעמלעך געשעעניש.״

„און איצטער, איצטער איז די דאָזיקע מינוט, די איינמאָליקע.״

„און וואָס איז געווען דעמאָלט, האַ? דעמאָלט האָסטו זיך דאָ אַרומ־געדרייט ווי אין דער פרעמד... געמאַכט חשבונות מיט דער בליי, איינגע־פּאַקט די וואַליזע און...״

ער האָט געהאַט טענות צו זיך פאַרן „קבלת פנים״ וואָס ער מאַכט זיך אַליין און פאַרשטערט זיך די ערשטע מינוטן פון גרויסער איבערלע־בונג, פון פרייד וואָס האָט מורא געהאַט אַרויסצווייזן זיך, נישט געוואָלט מען זאָל זי אָנזען...

מיט אַ קליין וואַליזקעלע אין האַנט איז ער געלאַסן אַראָפּגעגאַנגען פון די שיף־טרעפּ און צוזאַמען מיט אַלע אָנגעקומענע, אַריין אין גרויסן

צאַל־זאַל ווי אַן אַ שיעור באַאַמטע זענען געווען אויסגעזעצט אַרום טישן. עס האָט דאָרט געראַיעט און געזשומעט. זיינע פיס האָבן אים געפירט פון איין מענטשן־קנויל צום אַנדערן. אומעטום האָט ער אַריינגעקוקט אין די אויגן, באַטראַכט פנימער, זייער אויסזען. ער האָט עס געטאָן, כאָטש ער האָט גוט געוווּסט, אַז ער דאַרף נישט קיינעם צו זוכן, האָט נישט וועמען אָפּצוגעפינען.

אַדורכשפּרייזנדיק דעם צאַל־זאַל האָט אַן אָרדנער זיך אָנגעטראָפן אויף אַ קליין וואַליזקעלע און נישט געזען, אַז עס זאָל עמעצער זיך געפינען לעבן דעם. דורך אַ הילכער האָט ער אויסגערופן וועגן דער אבידה, און ר׳ מרדכי־פייבל, שטייענדיק לעבן אַ גרופּע־עולים, האָט פון דער ווייטנס געגעבן סימנים, אַז „די מציאה" געהער אים אָן, און, אַז ער קומט גלייך צו זי אָפּנעמען.

„שטעלט אייך אַריין, רעב ייד, אין דער ריי מיט אייער באַגאַזש, האָט דער אָרדנער אים באַפוילן און אָנגעוויזן אים אויף אַ טיש לעבן וועלכן ער האָט זיך אַוועקצושטעלן. איר וועט דאַרפן אַ ביסל וואַרטן, און דער־נאָך, עפענען אַלע אייערע זאַכן." ר׳ מרדכי־פייבלען האָט זיך געגלוסט אַ שמייכל צו טאָן. אדרבא, זאָל מען בודק זיין דעם „באַגאַזש זיינעם..." אַ געזונט אויף זיי. אַזוי דאַרף עס זיין אין אַ מדינה. אָבער וואָס וועלן זיי דאָרט געפינען אין דעם וואַליזקעלע ?... איטשע־בערס טלית־און־תפילין, אַ פּאָר חומשים, אַ קליין גמראלע וואָס גדליה האָט אים מיטגעגעבן אַ מתנה אין וועג אַריין, אַ „נועם אלימלך" וואָס ער האָט פאַרשאַפט פאַרן אָפּפאָר, נו, און עפּעס פאַרן גוף וועגן... עטלעכע העמדער, אַ ביסל וועש צום טוישן, אַ פּאָר שטיקלעך זייף. דאָס איז אַלץ, אַלץ. ס׳איז נישט דע־מאָלט... ס׳איז נישט...

ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז עס דאַרף נאָך דויערן אַ שפּאָר שטיקל צייט ביז עס וועט אָנקומען זיין ריי צום באַאַמטן וואָס וועט מיט אים זיך פאַרנעמען. אויב אַזוי, איז ער אַוועק וואַשן די הענט און צוריק־קומענדיק, האָט ער אָנגעטאָן טלית־און־תפילין און געשטעלט זיך דאַווענען, אַראָפּגערוקט דעם טלית איבערן פנים, ווי אַ מאָל אין שטיבל, אויף זיין שטענדיקן פּלאַץ, לעבן דער ספרים־שאַנק...

זיין דאַוונען האָט געדויערט שפּאָר לאַנג, וואָרעם ווען ער האָט געענ־דיקט איז דער צאָל־זאַל כמעט געווען אויסגעליידיקט. איינער אַליין איז ער געשטאַנען ביים טיש, און דער באַאַמטער, אַ יונגער סימפּאַטישער בחור, איז זיך אַזוי געשטאַנען רויִק קעגן איבער אים.

„איין מינוטקעלע בלויז, כ׳על צוליגן טלית־און־תפילין, און גלייך עפענען די וואַליזקע.״

„נישט נייטיק. איר׳ט דאַרפן זיך צוויילן און פאָרן מיט די אַלע אָנגע־קומענע.״

„וווּהין פאָרן ?

„נישט ווייט, איר׳ט שוין זען.״

„און די וואַליזקע... אַפילו נישט אַריינגעבליקט אין איר.״

דער יונגער בחור האָט זיך צעשמייכלט. „פאַראַן דאָרט ווערטיקע זאַכן ? עס לוינט די טירחא כדי זי צו עפענען ? אין דעם מאָמענט האָט ער זיך אַריבערגעבויגן צו ר׳ מרדכי־פייבלען און שטיל אים אַ פרעג גע־טאָן : אַליין געקומען ? וואָס איז מיט קרובים, משפחה ? פאַראַן עמעצער פון זיי אין לאַנד ?״

„אַליין... אַליין...״

נאָך אַ רגע האָט ר׳ מרדכי־פייבל צוגעגעבן : „נעם זיך נישט איבער, כ׳שטעל מיר פאָר וואָס דו טראַכסט : „וואָס וועט ער דאָ טאָן דער על־טערער מענטש ? ווער וועט אים אַרויסהעלפן ?״ איאָ ? וועל איך דיר זאָגן : כ׳קום פון די ערטער וווּ אַלע זאָרגן האָבן שוין „אויסגעזאָרגט זיך״. עס מעגן זיין גליקלעך די וואָס ווייסן עס נישט, וואָס זענען דאָרט נישט געווען...״

„אויב אַזוי, וועל איך נישט געהערן צו די דאָזיקע גליקלעכע...״

„וואָס הייסט ?״

דער יונגער באַאַמטער האָט אַרויפגעשאַרצט דעם אַרבל פון העמד. דער אוישוויץ־נומער האָט שוואַרץ־קאַלירִיק אַראָפּגעגלאַנצט פון דער העלער האַנט.

„דרייצן יאָר אין גאַנצן בין איך אַלט געווען ווען כ׳בין אַהין פאַר־שלעפּט געוואָרן. טאַטע־מאַמע זענען געווען אויסבאַהאַלטן ביי גויים אויפן

דאָרף. דאָס גאַנצע פאַרמעגן האָבן זיי אָפּגעגעבן דעם פויער, און ווען איך בין צוריקגעקומען פון מיין גיהנום, האָב איך זיי אַרומגעזוכט און נישט אָפּגעפונען. דער פויער אין דאָרף צו וועמען איך האָב זיך דערשלאָגן, האָט מיך אַרויסגעוואָרפן, געדראָט צו מאַכן אַן עק מיט מיר. אַנדערע פויערים האָבן מיר אַ וואָרט נישט געזאָגט. ווו נאָר אַן אָרט האָב איך זיי געזוכט, און, אַז כ'בין געקומען אַהער, אין לאַנד אַריין, האָב איך בכוונה אויס־געקליבן מיר דאָ דעם אַרבעט־פּלאַץ. דאָ אַהער קומען אַן שיפן, אַלע מענטשן גייען דאָ אַדורך. האָב איך מיר געטראַכט: כ'וועל אַריינקוקן יעדן אין פּנים, אין די אויגן. אפשר, אפשר וועט געשען דער נס... זאָגט, איז עס נישט מעגלעך?״

דעם יונגן מענטשס אויגן האָבן אין דער רגע אויסגעזען ווי פאַר־לאָשענע ליכט אין מיטן ברענען. זענען געבליבן שמאָלע, שוואַרצע קנייט־לעך, שטייפע, אומבאַוועגלעכע.

„און וואָס איז דער צייכן דאָ, אויפן לאַץ?״

„איר וועט עס געפינען ביי אַ סך יונגע מענטשן אין לאַנד. אַפּילו אויך ביי געקומענע פון „דאָרט״. גלייך פון דער שיף אַראָפּ זענען זיי אוועק אין דער מלחמה.״

„געגאַנגען גלייך אין פייער אַריין!״

„גלייך אין לעבן אַריין.״

„און דו אויך אַזוי?!״

„יאָ! אַפּילו מיט פרייד!״

„אַפּילו מיט פרייד?״

„געוויס. דאָס געווער אין האַנט האָט געהאַט אַ תכלית. האָט גובר געווען אין מיר די גלוסטונג צו טויט. איר פאַרשטייט?״

„כ'פאַרשטיי, כ'פאַרשטיי... דאָרט איז דער תכלית נישט געווען אַפּילו אין לעבן, און דאָ, דאָ... אַפּילו אין טויט... ווי אַנדערש, ווי אַנדערש...״

*

זייער מיד איז ער געווען ווען מען האָט זיי געבראַכט אין שער־העליה. ווי נאָר ער איז אַריין אין קליינעם, שמאָלן צימערל וואָס מען האָט

אים צוגעטיילט, האָט ער אויסגעצויגן זיך אויפן בעטל וואָס איז דאָרט געשטאַנען. אַ גאָר קליין צימערל. צוויי בענקלעך, אַ שענקל אויפצו־הענגען מלבושים, עטלעכע פּאָליצעס אָוועקצולייגן אַ ביסל חפצים, אַ בעטל, אַ קישן און אַן איבערדעק. ד׳ אמות — דער גאַנצער שטח. אָבער ר׳ מרדכי־פייבלען איז דאָס צימערל אויסגעקומען בריווחדיק און באַקוועם. ליגנדיק אַזוי אויפן בעטל האָט ער געהאַט דאָס געפיל ווי ער וואָלט אָקערשט נאָר אַרויס אויף דער פריי און וואָס מ׳האָט אים געגעבן, איז אַלץ וואָס ער דאַרף.

פון מידקייט האָט ער געדרעמלט און איבערגעוועקט זיך, געדרעמלט און איבערגעוועקט זיך... ביז ער איז גוט איינגעשלאָפן. אַ חלום האָט זיך אים געחלומט, אַז ער געפינט זיך אין זיין רחבותדיקער וווינונג אויף לעווערטאָווער גאַס. אַלע צימערן זענען פול מיט מענטשן. אויף די טישן איז אָנגעשטעלט כל־טוב. ער האָט תחילת נישט געוווּסט וואָס ס׳איז די שמחה ביי אים אין שטוב, פאַרוואָס עס ברענען אַלע לעמפּ, אַזוי פיל ליכט אין די קאַנדעלאַברעס. נאָר, אַז ער האָט דערזען יוכבדן אין איר ווייס־ זיידן חופּה־קלייד, האָט ער זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. ווי קאָן אַ טאַטע פאַרגעסן, נישט וויסן, אַז ס׳איז זיין עלטסטער טאָכטערס חתונה־נאַכט? ווי אַזוי? ער האָט דורכגעשפּאַרט זיך אַ וועג צווישן די געסט, געוואָלט צוקומען צום טיש און אַוועקזעצן זיך. הענט האָבן געשטרעקט זיך צום אים פון אַלע זייטן, מ׳האָט אים געווונטשן „מזל־טוב״, געטרונקען צו אים „לחיים״. עס האָט קיינער נישט געפעלט פון די שטיבל־יידן, פון די גוטע פריינד: איטשע־בער דער גבאי, יצחקל שוחט, אלי־אהרון דער דאָזאָר, דודל ערליכמאַן, ישראל דער טרעגער און ווער נישט? אַ טיש פון יראים ושלימים.

מיט דרך־ארץ זיצן אַלע אָנגעבויגן צו ר׳ בינעמל קאָצקער, אַ שכן אין הויף, אַ פאַרצייטישער ייד וואָס האָט נישט קיין שייכות מיט דער גשמיותדיקער וועלט, זעט זי נישט אַפילו ווען די פיס זיינע טרעטן אויף דער ערד, און אויב באַווייזט ער זיך אין גאַס — ווען ער גייט אין מקווה אַריין, אָדער צוריק אַהיים פון איר — איז עס נישט קיין גיין, נאָר אַזאַ מין שוועבן אין דער לופטן, האַלט איין האַנט איבער די אויגן ווי אַ גע־

דיכטע פירהאַנג, כדי נישט צו זען וואָס די אויגן דאַרפן נישט זען, כדי נישט צו האָבן קיין שייכות מיט דעם וואָס איז עס נישט ווערט.

לעבן ר׳ בינעמלען זיצט יוכבדס חתן, אַ באַשטריימלטער, אין באָרד און פּיאות. אַ יידישער חן איז אויסגעגאָסן אויף זיין בלייך־אײדל פּנים. עס גלוסט זיך אים צו וויינען פאַר פרייד, פאַר דערלעבן דאָס נחת פון יוכבדן — אַזאַ טייער, איבערגעגעבן קינד, דאָס נחת נאָך וועלכן ער האָט אַזוי לאַנג געגאַרט... אָבער... איין רגעלע... וואָס קומט דאָ פאָר? ווער זעט ער דאָ? ווער זיצט עס אין שטריימל? איז עס מעגלעך? שליאַמעק... שליאַמעק קליגער איז עס! שליאַמעק? אין אַ שטריימל אויפן קאָפּ? יוכבדס חתן? ווען איז עס געשען? ווען? צעטומלט אין גאַנצן, קוקט ער יעדן איינעם אין די אויגן אַריין, וויל וויסן צי ער האָט נישט אַ טעות, צי איז ער טאַקע ביי זיך אין שטוב, אויף לעווערטאָווער גאַס, צי זענען טאַקע אַלע אַרום אים די וועלכע ער קען אַזוי גוט פון שטענדיק אָן...

אַ לייכט ווינטל וואָס איז געקומען פון ים האָט אַ פּאַטש געטאָן מיטן לאָדן פון זיין קליין פענצטערל און אים אויפגעוועקט. ער איז געווען זיכער, אַז ער הערט נאָך דעם לעצטן פאַל פון אַ מאָדזשיצער ניגון וואָס בעריש, יעקב־אהרונס, זינגט אים שטענדיק אַזוי שיין און אַזוי האַרציק. ער וואָלט נאָך אַפילו, אַזוי דאַכט זיך אים, געקאָנט איבערזאָגן דאָס וואָרט וואָס זיינע אויערן האָבן אָקערשט געהערט פון דעם געהויבענעם ר׳ בינעמל קאָצקער וואָס האָט עס איבערגעזאָגט פאַר ר׳ יאַנקעלע ראַדזימינער, פון די גרויסע תלמידים פון רבין ר׳ בינעם פון פּשיסכע. און נישט בלויז דאָס, ער זעט נאָך אַפילו די זוימען פון יוכבדס טייער חופּה־קלייד, אירע ברוינע מילדע אויגן וואָס האָבן די גאַנצע צייט אים אויפגעזוכט, זענען געהאָנגען איבער אים, און אַזוי פיל גליק איז געווען אין זיי...

פון גאָר נאָענט האָט זיך דערטראָגן אַ פליעסקעריי פון די ים־כוואַליעס. מיט אַלע כוחות האָבן זיי זיך געריסן צום ברעג, פאַרגאָסן דאָס זאַמד, געלאָפן אויף צוריק, אָנגענומען פרישע כוחות און ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אויסגעקושט זיך מיטן ברעג.

ר׳ מרדכי־פייבל איז אַראָפּ פון געלעגער. ער האָט געשפּירט אַז

פרישע כוחות שטראָמען אין אים, פילן אים אָן מיט אַ קרעפטיקייט וואָס ער האָט לאַנג שוין נישט געוווסט. „לאָמיר נישט זאָרגן וואָס ס'וועט זיין מאָרגן, לאָמיר פאַררעכטן וואָס ס'איז געווען נעכטן." די ליפּן זיינע האָבן אויסגעברומט דאָס לידל וואָס איז אַ מאָל אויסגעזונגען געוואָרן דורך אַלטע וורקער חסידים. אין זיינע ברויִנע אויגן האָט זיך באַזעצט דאָס שמייכעלע פון אַ מאָל, און די בליקן וואָס האָבן באַגעגנט דעם אויפגייענ־דיקן פרימאָרגן זענען געווען אַזעלכע ווייכע, מילדע, אויך ווי אַ מאָל, ווי אַ מאָל...

## קאפיטל זעקס און צוואנציק

לאסטאויטאס האבן זיי געבראכט אין דער מעברה אריין. זיי האבן נישט געקאנט צופירן די מענטשן ביז צום ארט ווו עס זענען געוועזן אויפגעצויגן די לייוונטענע געצעלטן, די בלעכענע שטיבלעך. דער וועג אהין איז נאך נישט אויסגעפלאסטערט. האבן דערפאר אלט און יונג געבראדיעט אין טיפן זאמד מיט פעק אין די הענט, אויף די אקסלען, און אויסגעזען ווי וואנדערער אין א וויסטן מדבר וואס ווייסן נישט וווהין זיי דארפן דערגיין און ווו זיי וועלן זיך אפשטעלן. ערשט, אז זיי זענען צוגעקומען נעענטער און האבן דערזען פאר זיך געצעלטן פון לייוונט און פון בלעך, האבן זיי פארשטאנען, אז דא איז זייער נייע היים, די נחלה און די מנוחה...

א יונגער חברה־מאן — א בלאנד־האריקער, א פאר גרינע איילבירט־אויגן, הויך־געוויקסיק, מיט א פאר זעלטן לאנגע פיס וואס האט מיט איין שפרייז זיינעם געקאנט אריבערגיין א בלעכןביידל — האט אנגעפירט מיט איינקווארטירן די מענטשן. אפגעפארטיקט זיך מיט די משפחות, האט ער זיך אומגעקערט צו ר׳ מרדכי־פייבלען, געשפרייזט מיט אים אין די הייסע טיפע זאמדן ביז זיי זענען צוגעקומען צו א ביידל וואס איז געשטאנען אין סאמע עק פון דער מעברה. דארט האט ער זיך אפגערופן צו אים אין יידיש־לשון: „דאס איז עס, מיין ליבער ייד. א ביסל צו ווארעם דא, אבער — צום אויסהאלטן.״

„אוודאי צום אויסהאלטן — האט ר׳ מרדכי־פייבל אויפן ארט אפגעענטפערט — אבער, וואס עס שטערט אים איז — דאס אומזיסטע ברויט וואס ער עסט פון ערשטן טאג אן פון זיין אנקומען אין לאנד אריין. ער וויל עס נישט. איז נישט געוווינט צו דעם.״

דער מדריך האט זיך צעשמייכלט. עס האבן מיטגעשמייכלט זיינע גרינע אויגן. א מאדנער ייד, האט ער ביי זיך געטראכט, דער ערשטער וועלכער האט טענות הלמאי ער עסט נישט פארדינט ברויט..

ער איז ארויס פון אנגעהיצטן ביידל, אפגעגאנגען עטלעכע טריט, און

ר׳ מרדכי־פייבל האָט אים אָנגעיאָגט. „ווי רופט מען דיך, יונגער־מאַן, אין גאַנצן פאַרגעסן זיך צו פרעגן.״

„יונה, דאַכט זיך אַ גאַנץ יידישלעכער נאָמען, נישט אַזוי?״

„און וואָס וועט זיין מיט געפינען עפּעס אַרבעט פאַר מיר? וועסט אַ טראַכט טאָן?״

„אויב עס גייט אייך אַזוי אין לעבן, וועט מען עפּעס אויסגעפינען. דערווייל אָבער קערט זיך אום אין ביידל, ס׳איז זייער הייס אין דרויסן. זייער.״

*

אַ מעברה — אַ שטעטעלע. עס זענען אַריבער אין גאַנצן עטלעכע וואָכן און ס׳איז שוין געווען אַ געפּלאָסטערטער וועג אַריין אין דער מעברה. אַן אויטאָבוס האָט אָנגעהויבן אַריינקומען אינעווייניק, איז פאַרפאָרן ביז אין סאַמע מיט פון גרויסן „שטעטעלע״, האָט אויפגענומען מענטשן, זיי אָוועקגעפירט און צוריקגעבראַכט.

אַ לעבן האָט אָנגעהויבן קעסלען זיך. ווער עס האָט געקאָנט, אָדער געהאַט געניטונג פלאַץ האָט אָפּגעטיילט אין זיין ביידל אַ ווינקל פאַר מסחר־וועגן. דאָ האָט מען פאַרקויפט שפּייז־זאַכן און דאָ — גאַלאַנטעריע. אַנדערע האָבן אַרויסגעלייגט זייערע סחורות אויף טישלעך, בענקלעך, פאַרן אַריינגאַנג אין זייער ביידל, אָדער אָנגעהאָנגען זיי אויף טיר און פענצטער, אַז מען זאָל זיי אָנזען, עס זאָל „נעמען״ די אויגן.

אויסגעדאַרטע אייזעלעך מיט צעקרימטע דינע פיסעלעך האָבן יעדן אין דער פרי אַרומגעשלעפּט זיך פון איין עק מעברה צום צווייטן און זייערע בעלי־בתים האָבן מיט משונהדיקע קולות אויסגערעכנט אַלע גוטע זאַכן וואָס זיי האָבן אָנגעברענגט צום פאַרקויפן.

ביים אַריינקום אין דער מעברה, האַרט לעבן שאָסיי, האָט אַ ייד פון בעסעראַביע געמאַכט פון ליפּט אין וועלכן ער האָט געברענגט זיינע זאַכן, אַ געוועלבל. ער האָט אויסגעהאַקט אין אים אַ לאָך, אַריינגעשטעלט אַ פענצטערל און פאַרקויפט קאַלטע געטראַנקען מיט זיסע זאַפטן, אַליין געמאַכטן אייז־קרעם, צוקערוואַרג און זיסע געבעקסן.

אין צווייטן עק פון דער מעברה, אין צוזאַמענגעשטעלטע צוויי בלעכענעביידלעך, איז געווען איינקוואַרטירט יחיא מיט זיין משפחה. אַ שוחט פון צנעה אין תימן מיט צוויי ווייבער און קרוב צו אַ צוואַנציק קינדער. יחיא האָט געלעבט אין רחבות. זיינעביידע ווייבער זענען אָנקומענדיק אין דער מעברה געווען אין די הויכע חדשים, האָבן געריכט זיך אין בעט אַריין, אָבער ער, יחיא, האָט נישט געדאגהט, ס'איז פאַראַן אין די ביידלעך גענוג פלאַץ — האָט ער געהאַלטן — פאַר די פיצלעך וואָס דאַרפן געבוירן ווערן און פאַרגרעסערן זיין משפחה.

לעבן זיינע ביידלעך האָט יחיא אויסגעגראָבן אַ גרוב און אינעווייניק אַריין האָט ער געשאָכטן די עופות וואָס די מענטשן פון זיין עדה האָבן געבראַכט צו אים.

אַ גאַנצן טאָג איז יחיא געזעסן הינטער די ביידלעך, לעבן גרוב, אויפן זאַמד, די פיס פאַרלייגט הינטער זיך, געוואַרט, אַז מען זאָל צו אים ברענגען אַן עוף צום שעכטן, געהאַלטן גרייט דעם חלף, און אַז ער האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט ער געלערנט זוהר און נאָך קבלה־ספרים.

דער נאָענטסטער שכן זיינער איז געווען ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך, דער פאַרמלמהדיקער וואַלד־סוחר און גרויסער גביר. זיי איז אין אָנהייב אָנגעקומען שווער זיך צונויפצורעדן, וואָרעם יחיא דער שוחט רעדט נישט, נאָר זינגט אויס זיינע ווערטער, אַחוץ דעם פאַרשלינגט ער זיי שנעל אין מויל, גייען פאַרלוירן, און אין דרויסן בלייבט בלויז דער ניגון, נישט מער ווי דער ניגון. ר׳ מרדכי־פייבלען ווידער איז שווער געווען מיט דער ספרדישער הברה, און זיין רעדן עברית — ווי ער וואָלט געדאַוונט, ווי געלערנט אַ בלאַט גמרא. פון דעסט וועגן האָבן די צוויי מענטשן גוט זיך באַפריינדט, פאַרבראַכט צוזאַמען, געזעסן אַ סך אין דרויסן, אונטערן פרייען הימל, און האָבן געלערנט צוזאַמען פון יחיאס ספרים און אויך פון דער גמרא וואָס ר׳ מרדכי־פייבל האָט מיטגעבראַכט מיט זיך.

יונה, דער מדריך, האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט זיך באַמיט און געפונען אַן אַרבעט פאַר ר׳ מרדכי־פייבלען — היטן די מאַגאַזינען מיט סחורות פון דער יידישער סוכנות, וואָס האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון דער מעברה, נאָענט פון ים־ברעג. מען האָט אים געגעבן אַ ביקס צו טראָגן

אויף זיין אַקסל אין די נאַכט־שעהען ווען ער דאַרף וואַכן איבער די מאַגאַ־זינען... אין אָנהייב איז די זאַך אים געווען אַ ביסל פּריקרע. אַ ייד אַ חסיד, אין זיינע יאָרן, און אַ כלי־משחית אין די הענט... דערנאָך האָט ער אַליין צו זיך געזאָגט: וואָס איז דאָמער? ווערמעס פאַרמעגן היט ער? יאַזשעמבעס־קיס וועלדער? פרעמד האָב און גוטס? זיין אייגנס היט ער, אַלץ איז דאָך אייגן, אַלץ...

ווי יעדן אָוונט, איז ר׳ מרדכי־פייבל, גלייך נאָכן עסן אַרויס אויף דער וואַך. מיט דער ביקס אויפן אַקסל, האָט ער געשפּרייזט נאָענט פון ברעג. די נאַכט האָט אַרויסגעקוקט צו אים פון ים מיט טונקל־סאַמעטענע אויגן־כוואַליעס. ער האָט נישט געהאַט וואָס צו איילן זיך, יעדע ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט, איינגעהערט זיך אין גערויש פון די כוואַליעס וואָס האָבן פאַרגאָסן דעם ברעג, פאַרשריגן אים מיט משונהדיקע קולות, מיט חיה׳ש געוואָי.

עפּעס איז אים פּלוצלונג אויסגעקומען, אַז ער הערט אַ יאָמעררוף וואָס קומט פון ים. עס ברענגען אים די כוואַליעס צו טראָגן אויף זייערע הויכע פּלייצעס און וואַרפן אים צו צו זיינע פיס.

ר׳ מרדכי־פייבל האָט נישט געוווּסט דעם באַטייט פון דעם. זיינע טעג זענען שוין געווען רויִקערע, די נעכט — מער שלווהדיקע, טאָ פון וואַנעט דערטראָגט זיך צו אים אַ וויי־געשאַל? וואָס וויל ער פון אים? וואָס מיינט ער אים צו זאָגן?

ער האָט זיך אָפּגעקערט פון ים, דערווייטערט זיך פון אים. ערשט דעמאָלט האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז נישט פון ים קומען די קולות, אַז נישט די כוואַליעס ברענגען זיי צו טראָגן, נאָר, אַז ער אַליין גאָר דער מקור פון זיי, אַז אין דער שטילקייט פון דער נאַכט געלינגט אים נישט אויסצובאַהאַלטן אַן אינעווייניקסטן יאָמעררוף: „הערסט אונדז נישט, טאַטע? שטרעק בלויז אויס די האַנט צו אונדז און מירן זיין מיט דיר... ווי קענסטו אַנדערש?”

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען פאַרווירט, צעטומלט, האָט פאַרגעסן, אַז ער דאַרף מיט דער ביקס אויפן אַקסל אַרומקרייזן די מאַגאַזינען מיט סחו־רות, אַז ער איז אַ שומר־שכיר און ער טאָר נישט שטיין ליידיק, מוז זיין

אַרבעט טאָן בשלימות, ערלעך, ווי עס קומט. נאָר גלייך האָט ער אָנגע־הויבן מלחמה האַלטן מיט זיך אַליין. „עס האָט נישט קיין זינען, האָט ער געטענהט, צו פֿייניקן זיך פֿיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. מען טאָר נישט אַזוי."

ר' מרדכי־פֿייבל האָט אויסגעפֿונען אַ בייכיקן שטיין און אַוועקגעזעצט זיך, אַראָפּגענומען די ביקס פֿון אַקסל, אַוועקגעלייגט זי אויף די קני‌ען און געקוקט צום זאַמד וואָס האָט אָנגעהויבן העלן זיך.

פֿאַר זיינע אויגן איז אויפֿגעגאַנגען אַ פֿרימאָרגן וואָס האָט געוואַשן די טונקלקייט פֿון ים, אַראָפּגענומען זי פֿון גאַנצן אַרום. דערנאָך האָט אַ רויטער פֿלאַם זיך צעצונדן הינטער בערג, אָפּער געדראָפּעט זיך, צע־שמירט אַ שטיק הימל אין גאָלד און פּורפּור־קאָלירן, און אַ נייער טאָג איז פֿון בראַנד אַרויס געבוירין געוואָרן.

דעמאָלט האָט ר' מרדכי־פֿייבל זיך אויפֿגעשטעלט און געלאָזט זיך צוריק אין דער מעברה אַריין. אויפֿן וועג איז ער פֿאַרבייגעגאַנגען גרינע פֿעלדער, פּרוכטן־סעדער און וויינגערטנער און נאָך געזען דעם מאַטן טוי ליגן אויף זיי.

„ווי ליב איז די ברכה פֿון אייגענער ערד... ווי אַזוי האָבן זיינע אויגן דעמאָלט גאָרנישט געזען? ווי אַזוי? — — — "

*

דער חמסין האָט זיך צוגעשטעלט גלייך אין דער פֿרי. די בלעכענעביידלעך אין דער מעברה האָבן זיך צעגליט, אַז עס האָט אַזש געוואָיעט פֿון זיי אַזאַ ברען־וויי. ר' מרדכי־פֿייבל איז נישט אַרויס פֿאַר דער טיר. מיטן לאַנגן, ברייטן טלית־קטן איבערן העמד, איז ער געזעסן ביי אַן אָפֿענער גמרא און האָט געלערנט. אין דרויסן האָבן זיך געטראָגן הויפֿנס קאָכעדיקער שטויב, ווי ברענענדיקער זשאַר. און כאָטש די טיר פֿון ביידל און דאָס איינציקע פֿענצטערל איז געווען גוט פֿאַרמאַכט, האָט דער הייסער שטויב אַריינבאַקומען זיך אויך אינעווייניק, אָנגעלייגט זיך אויף דער ערד, אויפֿן ביסל וועש וואָס איז געהאָנגען אויף אַ שטריקל, אַוועקגעלייגט זיך אויף זיין הויך שוואַרץ קאַפּל און עס פֿאַרשאַרעט.

און אין מיטן דערין — יונה, דער מדריך.

„דו ביסט עס — האָט ר׳ מרדכי־פייבל, דערזעענדיק אים אין בידל, פריידיק אויסגערופן — און איך האָב דיך גאָרנישט געהערט עפענען דאָס טירל און אַריינקומען.״

„פאַרבייגעגאַנגען, געהערט אַ ניגונדל, נו, בין איך אַריין...״

אַ דין שמייכעלע האָט זיך געריסעוועט אויף ר׳ מרדכי־פייבלס פּנים. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, דערלאַנגט יונהן אַ בענקל, געבעטן אים אַוועקזעצן זיך לעבן אים.

הייס און דעמפּיק איז געווען אין בלעכענעם בידל, און זיי זענען לאַנג אַזוי געזעסן און האָבן געשמועסט, דערציילט איינער דעם אַנדערן וואָס זיי האָבן געהאַט צו דערציילן זיך.

„יאָ, היינט פאַרשטיי איך אַנדערש אַ סך זאַכן. אַ שאָד וואָס ערשט היינט... אַ ביסל צו שפּעט, יונה... כאָטש איך בין נאָך גרייט צו פאַר־ריכטן, מכפּר צו זיין...״

„„„וואָס מיינט איר צו זאָגן מיט דעם?״

„„איך וועל עס דיר געבן צו פאַרשטיין אין פּשוטע ווערטער, יונה. מיין טרוים איז צו האָבן אַן אָרט, אַ שטוב, אַ צימערל ווו דעם קאָפּ אַוועק־צולייגן און לעבן דעם אַ שטיקל ערד... אַ שטיקל ערד וואָס איך זאָל אַליין באַאַרבעטן. קוק נישט אויף דעם אַזוי ווילד. איך וויל האַלטן אַ לאָ־פּאָטע אין האַנט און אַריינשטעקן זי אין דער ערד, אַקערן און זייען. עס זאָל וואַקסן, יאָ, עס זאָל וואַקסן און מיינע אויגן זאָלן אַליין עס זען. ס׳איז נישט קיין שגעון, יונה. איך ווייס וואָס איך וויל, איך ווייס גוט...״

„אין אייער עלטער? אין די יאָרן?״

„יאָ! יאָ! כ׳בין אַ בעל־חוב, יונה, דאַרף איך זיך צוביילן, דווקא אין די יאָרן, און באַצאָלן וואָס כ׳בין שולדיק. דאַרפסט מיר צוהעלפן. געהערט, אַז מען צעשיקט די מענטשן פון דער מעברה אין פאַרשידענע ערטער, מען גרייט צו פּלאַץ פאַר פריש אָנגעקומענע. אָה, אויב עס וואָלט מעגלעך געווען, וואָלט איך אויסגעקליבן צו זיין נישט ווייט פון דיר, לעבן דיין קיבוץ. כ׳בין דאָך אַליין, יונה, שוין איינגעוווינט זיך מיט דיר, געוואָרן נאָענט... איז עס מעגלעך?״

דער אין שלאַכטן אַזוי אויסגעפּרוווטער יונה, האָט נישט געוווּסט, אַז זײַנע אויגן פּייכטן זיך, און ווען ער האָט עס דערשפּירט, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און אָפּגערופן זיך:

„ביז אַ צוויי וואָכן וועלן טאַקע אַ ביסל משפּחות אַריבערגיין אין ווינונגען וואָס זענען פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן. איר זענט אויך צווישן זיי. אויפן וועג קיין ירושלים וועט איר וווינען. אין רמלה. אַ שטאָט מיט אַ סך נייע עולים. טאַקע נישט ווייט פון מיין קיבוץ. אין גאַנצן נישט ווייט. אַ שטוב פאַר זיך אַליין וועט איר האָבן, און אַ שטיקל ערד אַרום איר, נו, דאַכט זיך, אַזוי ווי איר האָט געטרוימט, גאַנץ עולם־הזה, נישט אַזוי?"

„יאָ, יאָ! גאַנץ עולם־הבא. אָבער, הער, יונה, אַן אייגענע דירה? פאַר מיר אַליין? וואָס וועל איך דאָרט טאָן? גענוג איין צימערל בלויז, איין צימערל און דאָס שטיקל ערד..."

„די גאַנצע שולד אויף מיר! און טאַקע אַ לייטיש שטיקל ערד אַרום דער שטוב, אַפילו אַ גאָרטן מיט עטלעכע איילבערט־ביימער... אַפילו שוין געוועזן דאָרט, אַלץ געזען..."

עטלעכע טרערן האָבן אַרויסגעקוואָלט פון ר' מרדכי־פייבלס אויגן, נאָר ער האָט קונציק אַ קער געטאָן זיך, אַז יונה זאָל עס נישט זען.

דערנאָך זענען ביידע אַזוי געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן, און זיי האָבן מער נישט אויסגעטוישט אַ וואָרט, בלויז איבערגעקוקט זיך, געשמייכלט צו זיך, ווי עס שמייכלען צו זיך גוטע פריינד, גאָר באָענטע מענטשן וואָס צעגייען זיך און וועלן באַלד זיך טרעפן פון ס'ניי...

יחיאל גראַנאַטשטיין

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

די נידעריקע, צעקרימטע הייזקעס אין דעם אַלט־אַראַבישן קוואַרטאַל דורך וועלכן ר׳ מרדכי־פייבל צווייגרייך איז פאַרבייגעגאַנגען כדי צו פאַר־קירצן דעם וועג צו זיך אַהיים, האָבן צוליבן גערדיכטן נעפּל נישט אַרויס־געזען זיך. ערשט, אַז ער איז געשטאַנען גאָר נאָענט פון זיי, האָבן פאַר זיינע אויגן זיך אָפּגעדעקט דאָ אַ שטיק וואַנט און דאָ אַ פענצטער ווי אַ פאַרקלעפּט אויג.

טאַקע דערפאַר איז ר׳ מרדכי־פייבל געגאַנגען געלאַסן און פאַרזיכטיק און צוגעטראַכט זיך זיינע טראַכטענישן. ברוך־השם פאַרן חסד וואָס ער טוט מיט אים ביז היינט. אַ לייטישע שטוב באַקומען — אַ דאַנק דעם ווילן יונה. אַ זיסער בחור. און לעבן דער שטוב — טאַקע אַ שטיקל ערד. פון פאָרנט, און הינטער איר. ער באַאַרבעט עס מיט די אייגענע הענט. עס וואַקסן שוין דאָרט חודש־רעטעכלעך, און ציבל, טרוסקאַווקעס און אַפילו קאַרטאָפל. אויך די מערעלעך זעען זיך שוין אַרויס פון דער ערד. ממש נישט צום גלייבן. שוין געשריבן וועגן דעם צו אַלעקסין. דערציילט אים אין אַ לאַנגן בריוו ווי אַזוי עס דערגייט אים אין פעלד... אה? דער גוטער אַלעקסי! ער׳ט זיך דערשראָקן און גלייך צוריק געשריבן אַ בהלהדיקן בריוו, אָנגעפרעגט זיך צי ס׳איז טאַקע אַזוי שלעכט אין הייליקן לאַנד, אַז „אַזאַ מענטש ווי דער פּאַן״ מוז אין זיינע עלטערע יאָרן טאָן אין ערד־אַרבעט כדי צו קאָנען זיך דערנערן. און אַחוץ דעם, צו וואָס דאַרף ער די אַרבעט, אַז ער האָט ביי אים אַזוי פיל געלט... אַ ווילער און תמימות־דיקער מענטש, דער אַלעקסי. ער מיינט אוודאי, אַז ער, מרדכי־פייבל, האָט געהאַט אַן אָפּמאַך מיטן ריבונו־של־עולם צו זיין נאָר אַ וואַלד־סוחר... נאָך היינט, ווי נאָר ער וועט אָריינקומען אין שטוב, וועט ער אָנשרייבן צו אים אַ בריוו, געבן אים צו פאַרשטיין, אַז מער ווי דאָס שטיקל ערד בייטיקט זיך אין זיינע הענט, בייטיקט ער זיך אין דעם עצם טאָן. וואָרעם, עס איז נישט גענוג צו פאַרשטיין מיטן שכל, אַז ס׳איז היינט אַנדערש פון אַ מאָל.

פון דעמאָלט... נאָר, עס דאַרפן אויך דער גוף, די הענט, זיין שותפים צו דער אַנדערשקייט...

צוליבן נעפל האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אין אַן אויטאָבוסן־אָפּשטעל. ר׳ מרדכי־פייבל האָט אַ סך נישט געקלערט און אַוועקגעזעצט זיך אויף דער באַנק וואָס איז דאָרט געשטאַנען, אַריינגעשטעקט די האַנט אין בוזעם־טאַש, אַרויסגענומען אַלעקסיס בריוו וואָס ער האָט דעם זעלבן טאָג באַקומען און געלייענט אים נאָך אַ מאָל אין שיין פון בלאַסן ליכט פון עלעקטרישן לאָמפּ.

— — — „איך ווייס, פּאַן, אַז איך נעם ביי אים אָפּ צייט וואָס איז אים טייער. אָבער כ׳פּיל, אַז איך מוז מיינע ווערטער אַרויס־ברענגען אויפן פּאַפּיר. איך בין אַ פּויער, און איך ווייס וואָס אַזוינס עס איז אַרבעטן אין פעלד. פאַרוואָס אָבער מוז עס דער פּאַן טאָן? איז אַזוי שלעכט אין הייליקן לאַנד? אויב דער פּאַן וועט מיר דער־לויבן, וועל איך גלייך נאָכן באַקומען ענטפער אים שיקן אַ סומע געלט וואָס איך זאַמל און ווייס נישט וואָס צו מאַכן מיט דעם. אויך פּאַקעטן מיט שפּייז קאָן איך גלייך אַרויסשיקן. כ׳בין דאָך משוגע־רייך פון דעם וואָס דער פּאַן האָט מיר איבערגעלאָזט. וואָס זאָל איך מאַכן מיטן געלט, אויב נישט אַרויסהעלפן דעם פּאַן? — — —"

אויך וועגן זיך אַליין האָט אַלעקסי געשריבן:

— — — „איך האָב אַלץ געטאָן ווי דער פּאַן האָט מיך געעצהט. טאַקע חתונה געהאַט מיט דער וואָיטשעכאָווע וועגן וועלכער איך האָב זיך אָנגעפרעגט אין מיינע ערשטע בריוו צום פּאַן. אמת, שוין נישט אַזאַ יונגע כלאָפּקע, הוסט אַ ביסל אונטער אין די נעכט, עס חלומען זיך איר וויסטע חלומות, וועקט זיך איבער אין שרעק (עס קאָן זיין, אַז עס טוט איר אַזוי אָפּ איר פאַרשטאָרבענער מאַן), אָבער, זי איז מיר זייער איבערגעגעבן און די ווירטשאַפט אונטער אירע הענט, האָט אויפגעלעבט. דער הויף זעט אין גאַנצן אַנדערש אויס — ציכטיק־ריין. אַזוי אויך די שטאַלן, די אָבאָרעס. אומעטום פּילט זיך איר האַנט. און וואָס זאָל איך לייקענען? זייער געשמאַק איז אויך דאָס עסן וואָס זי קאָכט (זאָל מיר מיין אָלגאַ אין קבר מוחל זיין).

איך האָב אויך געפּאָלגט דעם פּאַן און נישט פאַרקויפט די „שיווע״ און אויך נישט די „מאַטקאַ״. מיין „אַלטע״ האָט זיי גענומען אין די הענט אַריין און געמאַכט פון זיי לייט, אַז ס׳איז אַ נחת צו קוקן אויף זיי. זיי גיבן היינט מילך ווי זיי וואָלטן מיט אַ מאָל יינגער געוואָרן. וולאַדעק קוזשמירן זעט מען נאָך אַלץ נישט אין דאָרף. אויך טאָמאַש מיט דער ווייב זענען אַוועקגעקומען. מען זאָגט, אַז זיי זענען אין דער „פּאַקע״. אַנדערע מיינען, אַז זיי זענען אַוועק מיט די דייטשן — — — ״

ר׳ מרדכי־פייבל האָט נאָך נישט געהאַט פאַרענדיקט לייענען דעם בריוו און יחיא, דער תימנער שוחט, וואָס איז צוזאַמען מיט אים אַריבערגע־בראַכט געוואָרן פון דער מעברה און באַקומען אַ טאָפּעלע שטוב אין שכנות מיט אים, איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן.

ביידע זענען געווען צופרידן פון דער באַגעגעניש אין אַזאַ פאַרנעפּלטן אָוונט און זיי האָבן צוזאַמען געלאָזט זיך אַהיים.

„ווער ווייס, יחיא, און אפשר טאַקע איז די גאולה שוין נאָענט? איז עס נישט מעגלעך? דער וואָס זיצט אין הימל קאָן אַלץ באַווייזן, כאָטש נישט איין מאָל קומט מיר אויס, אַז וואָס עס געשעט אין אונדזערע טעג, איז עפּעס צו פיל פאַר איין דור, ס׳איז שווער דאָס אַלץ אויפצונעמען...״

יחיאס פּיטשינקע אייגעלעך האָבן זיך צעפלאַקערט, דאָס שפּיציקע בערדל זיינס — אַ לאַנגער קמץ — האָט זיך געשטופּט פאָרויס, און די דינע פּיסעלעך זיינע זענען צוגעשפּרונגען, האָבן זיך צעטאַנצט אין מיטן גאַס.

„כ׳מיין אויך אַזוי, אדון מרדכי. ברוך־השם. יאָ! עס הערן זיך די טריט פון משיח. ס׳איז אַזוי געשריבן אין ספרים. אַליין געזען. ווען עס וועט קומען די צייט וועט די שכינה אָפּטאָן זיך פון אַלע לענדער און אַריבער־טראָגן זיך קיין ארץ־ישראל, און דעמאָלט וועט קומען משיח. קאָן זיין, אַז נאָך אין אונדזער צייט וועט עס זיין. ברוך־השם. אויך אין „ילקוט שמעוני״ געזען אַ רמז.״

„אַפילו אָן התעוררות פון אונדז אַליין?״

„אַז עס וועט קומען דער טאָג, אדון מרדכי, וועלן זיך עפענען די

אויגן וואָס זעען נישט און די האַרטקייט, די פאַרשטאָפּונג פון האַרץ וועט זיך אָפּטאָן. עס וועט אויפהערן דער קיטרוג אויף יידן און די גאולה אַליין וועט זיך אויסלייזן פון די קייטן וואָס האַלטן זי געבונדן, זי וועט זיי צערייסן."

„און דערוויל?"

„דערוויל וועט דאָס ליכט אַדורכשלאָגן זיך אַ וועג, וועט מלחמה האַלטן מיט דער פינצטערניש און זי באַצווינגען, מנצח זיין. דער זוהר הקדוש זאָגט אויך אַזוי."

„אָבער מיר דאַרפן נאָך אַלע אָנקומען צו ניסים, יחיא. די גויים, אַלע גויים אין דער וועלט קאָנען נישט פאַרטראָגן אונדזער תקומה, ווילן נישט משלים זיין מיט איר. וואָס וועט טאַקע זיין? זיי שאַרפן דאָך די ציין קעגן אונדז, וואָלטן נאָך געוואָלט זען חלילה אונדזער מפּלה."

„אוודאי דאַרפן מיר נאָך אָנקומען, אדון מרדכי, צו ניסים. אָבער זיי זענען דאָ. זיי געשעען מיט אונדז יעדן טאָג. אונדזער קומען אַהער, אונדזער לעבן דאָ — דאָס אַלץ איז ניסים, אָבער דער עיקר איז נאָך פאַר אונדז... מירן נאָך אַ סך דערלעבן, נאָך אַ סך..."

*

באַר געזעגנט זיך מיט יחיאן, געשטאַנען שוין ביים טירל וואָס פירט פון גאָרטן צו זיין שטוב און ער האָט געהערט רופן זיין נאָמען: „אדון צווייגרייך — — —, ר' מרדכי־פייבל — — —" גאָר אויפפּאַלנדיק איז אים אויסגעקומען דאָס קול וואָס האָט אים דערגרייכט פון געדיכטן געפּל אַרויס, און ער איז געבליבן שטיין אַ פאַרווונדערטער, נישט געקאָנט אַ ריר טאָן זיך פון אָרט. נאָך אַ ווײַלע האָט ער קוים צוגעשאַרט זיך צו דער טיר פון זיין שטוב און באַמערקט צוויי סילועטן ווי שאָטן־בילדער. ווער זענען זיי? האָט ער אַ דערשראָקענער זיך אַ פרעג געטאָן. ווער קאָן עס זיין, וואָס ווייסט אים צו רופן ביים נאָמען? עפּעס האָט ביי אים אַלץ זיך אויסגעמישט. עס זענען אים געקומען אויפן זינען די לעווערטאָווער גאַס, זיין הויז, דאָס שטיבל, און די חורבה אויף די וואַליער לאַנקעס, לעבן אַלטן בית־החיים. און אפשר איז גדליה גאָר געקומען אין לאַנד אַריין? אָדער

אַ קרוב וואָס איז געבליבן לעבן און האָט זיך דערוווּסט פון אים? ווער ווייסט?

די צוויי יונגע חברה האָבן באַמערקט, אַז דער מענטש צו וועלכן זיי האָבן געאײַלט זיך צו קומען ווי נאָר זיי האָבן געהערט וועגן אים פון זייער קיבוץ־חבר, יונה, שטייט אַ מבולבלדיקער, און פון זײַן בלייכן, צעשראָקענעם אויסזען האָבן זיי אַרויסגעלערנט, אַז ער איז נישט אין שטאַנד צו געבן אַפילו איין טראָט. האָבן זיי אים אַ נעם געטאָן אונטער די אָרעמס און געהאָלפן אים אַרײַנגיין אין שטוב.

אַפילו אינעווייניק, אין שטוב, איז ער נאָך אַלץ געווען ווי פאַרטומאַנעט. זיי האָבן גערעדט צו אים און ער האָט זייערע רייד נישט קלאָר באַנומען. וואָלט יחיא אָנגעקלאַפּט אין טיר און אַרײַנגעקומען, ווען עס וואָלט יונה דער מדריך זיך באַוויזן, ווי ער טוט עס נישט איין מאָל אין אַן אָוונט, וואָלט ער געווען זיכערער, אַז ער איז ביי זיך אין שטוב, אין רמלה, אין דער נייער שטוב זײַנער וואָס האָט אַ גאָרטן, אַ שטיקל פעלד...

ער איז אָבער גאַנץ שנעל געקומען צוריק צו זיך און זײַנע אויגן האָבן זיך צעצונדן פאַר פרייד. „ביסטו הייסט עס, ירחמיאל? ירחמיאל חאַסקלס פון שטיבל? נישט דערקענט, נישט דערקענט... און דו... דו ביסט שליאַמעק, שליאַמעק קליגער פון הויף... פון... איז עס וואָר?"

— — — זאַלבע דריט זענען זיי דערנאָך געזעסן אַרום טישל ווי אַ משפחה־רעשטל וואָס האָט זיך אָפּגעפונען נאָך לאַנגע אַרומוואַנדערונגען.

אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ נאַפט־לעמפּל (דאָס עלעקטרישע ליכט איז נאָך נישט געווען באַהאַפטן צו די שטיבער פון נייעם קוואַרטל) און דאָס שוואַכע פלעמל פון דעם בלייך־רויטלעכן קנויט־צינגל, האָט ווי געטריבן קאַטאָוועס פון דער משונהדיקער באַגעגעניש.

אַ קורצע זומער־נאַכט און די שעהען זענען אַוועק אַזוי שנעל, אַזוי שנעל. ביידע, ירחמיאל און שליאַמעק קליגער האָבן געוואָלט וויסן ווי אַזוי און וואָס עס איז געשען „דאָרט" אין די יאָרן פון גרויל. אויך ר' מרדכי־פייבל איז געווען נייגעריק צו הערן פון זיי, פון זייער לעבן. ירחמיאל האָט דערציילט:

„אין פרייער צייט, אַז ער האָט די קינדער אין שטוב, זעצט ער זיי

אַוועק ביים טיש, נעמט די ייִנגערע אויפֿן שויס און ער דערציילט זיי וועגן זיין הויף, וועגן חסידים־שטיבל, וועגן יוסף־דודן זיין רבין. ער מאָלט זיי אויס ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען אַזאַ ייִד ווי ר׳ בינעמל קאַצקער וועלכן ער אַליין קאָן נישט פֿאַרגעסן ווייל ער האָט אים געזען ווי אַ מלאכדיקן מענטש, וואָס ערדישקייט האָט מיט אים גאָרנישט צו טאָן, ווייל ער איז העכער, אַ סך העכער פֿון דעם. אַ מין הויכע נשמה וואָס מ׳האָט על פּי טעות, אָדער פֿאַר עפּעס אַריינגעוואָרפֿן אין אַ מענטשלעכן גוף. די קינדער זיינע האָבן ליב צו הערן וואָס ער דערציילט זיי, און ער, ער אַליין... האָט ליב צו דערמאָנען זיך, אויפֿצולעבן אין זכרון יענע ווייטע טעג..."

ר׳ מרדכי־פֿייבל האָט אַלכסונדיק געקוקט צו שליאַמעקן. אין זיינע אויגן האָט ער אויסגעזען אַ סך עלטער ווי ער האָט געדאַרפֿט זיין. דאָס פּנים — געריסעוועט, און די לאַנגע מוסקולנע הענט זיינע — צעאָדערט. ער האָט זיך נישט גערעכנט מיט דעם וואָס ירחמיאל איז געזעסן לעבן זיי, פֿאַרשטאַנען, אַז וואָס ס׳איז זיך פֿאַרלאָפֿן צווישן שליאַמעקן און זיין יוכבדן איז אים גוט באַוווּסט. צוליב דעם טאַקע האָט ער אַ פֿרעג געטאָן שליאַמעקן צי ער פֿאַרמאָגט גענוג כוח אויסצורייסן פֿון זיך דעם פֿאַר־דרוס אויף אים וואָס ליגט אַוודאי ביי אים טיף פֿאַרגראָבן אין האַרץ.

„דער אמת איז, אַז צייט טעמפּט אָפּ, שלעפּט איין יסורים, צער, אָבער רייסט זיי נישט אויס לחלוטין. במשך אַלע יאָרן פֿון קריג האָט ער געהאָפֿט, אַז וואָס עס איז נישט געווען מעגלעך פֿריִער, וואָס עס איז אין יענער צייט נישט צו שטאַנד געקומען, וועט אפֿשר איצטער געשען. ניין! ער האָט איין מינוט נישט אויפֿגעהערט צו גלייבן, אַז יוכבד לעבט, אַז זי וועט זיך ראַטעווען, ווייל... איצטער איז אים שוין אַלץ קלאָר. ער דאַרף אים גאָר־נישט זאָגן. גאָרנישט..."

אַ טיפֿער קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון ר׳ מרדכי־פֿייבלען, אַ קרעכץ וואָס האָט מעסערדיק אַדורכגעשניטן די שווערע לופֿט אין צימער.

„יענעם פֿאַרטאָג ווען מען האָט זיי אַראָפּגעשליידערט פֿון דער לאַסטמאַשין ביים ברעג פֿון זיין וואַלד, האָט יוכבד אים אַרומגענומען. זי האָט נישט געלאָזט אַ טרער פֿון די אויגן, בלויז שטיל געפּרעפּלט עפּעס

מיט די ליפּן, און ער האָט גאָרנישט געהערט. גאָרנישט. ביז היינט נאָך הערט ער איר שטיל שעפּטשען. איר לעצטער בליק אויף אים גייט אים נאָך אַלע טעג און אַלע נעכט. ביז היינט נאָך מאַטערט ער זיך, וויל זיך אויסטייטשן וואָס אַזוינס זי האָט אין דער לעצטער מינוט פון לעבן געוואָלט אים זאָגן... איר מילדער בליק שטייט אים פאַר די אויגן, טוט זיך נישט אָפּ פון אים. איז ער צופרידן פון דעם וואָס ער איז געווען אַזאַ שלוהדיקער בליק. שליאַמעק! כ׳מיין אַז ס׳איז געווען אַ בליק פון מחילה פון אַ קינד צו אַ טאַטן..."

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, איז אַריין אין קיך, אָפּגעווישט דאָס אין שווייס באַגאָסענע פּנים, און צוריק זיך באַוויזן אין צימער.

אין דרויסן, אין ר׳ מרדכי־פייבלס גאָרטן, האָט אַ לייכט ווינטל באַ־וועגט די בלעטער פון די יונגע פּרוכטביימלעך. אַ שטיל געשאָרך האָט אָנגעשלאָגן אין פענצטער, אָנגעזאָגט, אַז מען קאָן עס שוין עפענען, ווייל דאָס וועטער האָט זיך געענדערט, דער חמסין האָט נאָכגעלאָזט, און מען קאָן שוין אַ הנאה האָבן פון אַ ביסל פרישער לופט.

ירחמיאל האָט אַרויסגעפילט, אַז ער וואָלט אויף אַ ווייַלע געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס צימער, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, מכלומרשט גענומען שפּרייזן אַרויף און אַראָפּ, און צום סוף — אַרויסגעשאַרט זיך אין הויף אַריין.

שליאַמעק האָט פון דעסט וועגן געפילט זיך פרייער, נישט געשטערט. אַ חלום וואָס ער האָט יאָרן לאַנג געוועבט, איז אים די נאַכט צעפאַלן, האָט זיך אויפגעלעזט. האָט ער נאָך אַ שייכות צו דעם מענטש צו וועלכן ער האָט אַזוי געאיילט זיך צו קומען? ער האָט נישט געהאַט פאַר זיך קיין קלאָרן ענטפער און פון דעסט וועגן געהאַלטן, אַז עס בינדט זיי ביידן דאָס טראַגישע וואָס האָט פּאַסירט, אַ שותפות צו דעם וואָס איז געשען ביים ברעג וואַלד, ווי ר׳ מרדכי־פייבל האָט עס דערציילט.

ר׳ מרדכי־פייבל האָט נענטער זיך צוגעבויגן צו אים, אָנגענומען זיין האַנט און געבעטן זיך ביי אים, אַז אויב ער וויל אים שענקען אַ ביסל מנוחה, אַ ביסל שלווה אין זיינע אומעטיקע, אַליינדיקע טעג, זאָל ער אים

צוזאָגן אַז שנעל ווי מעגלעך וועט ער זען אויפצושטעלן אַן אייגן משפּחה־לעבן, אַן אייגענע נעסט, נישט אָפּלייגן...

*

זיי האָבן נאָר געהאַט אויסגעצויגן זיך אויפן געלעגער וואָס ר׳ מרדכי־פייבל האָט פאַר זיי אויסגעבעט, און זענען איינגעשלאָפן. אויך ר׳ מרדכי־פייבל איז אַרויף אויף זיין סוכנות־בעטל, נישט אויסגעטאָן זיך, ווייל עס איז שוין געווען נאָענט צו פאַר טאָגס און גערעכנט בלויז אַ לייכטן דרעמל צו טאָן. דער שלאָף האָט אים נישט גענומען. ער איז אַראָפּ פון בעטל, און אין די שטעקשיך האָט ער שטיל־שטיל געשפּרייזט איבערן צימער און פון מאָל צו מאָל זיך אַריבערגעבויגן איבער די צוויי שלאָפנדיקע געסט, ווי עס בייגט זיך אַ טאַטע איבערן בעטל פון אַ קינד כדי צו זען צי עס שלאָפט גוט און רויִק. דערנאָך איז ער צו צום פענצטער און האָט געקוקט ווי דער פרימאָרגן גייט אויף און קערט אויס פון זיין גאָרטן, פון הויף, רעשטלעך נאַכט. באַלד נאָך דעם האָט דער דרויסן זיך אויסגעלייטערט, געוואַשן זיך אין זון־ליכט. געטובלטע, און אין שבתדיקע בגדים אָנגעטאָן, זענען פאַר זיינע אויגן אויפגעגאַנגען איטשע־בער, זיין ידיד־נפש, יצחקל שוחט, אלי־אהרון דער דאַזאַר, חאַסקל דער פעלהענדלער, ירחמיאלס טאַטע, דודל ער־ליכמאַן, ישראל דער טרעגער און איבער זיי — ווי אַן אָדלער וואָס טראָגט אויף זיינע צעשפּרייטע פליגלען די אייגענע קינדער כדי זיי צו באַשיצן פון פייל און שטיין געצילט דורך פייגל־פאַנגערס — האָט געהויערט, געשוועבט ר׳ בינעמל קאָצקער. די ברייטע פאָלעס פון זיין לאַנגער קאַפּאָטע צעלאָזט, ווי צו שיצן זיי פון כל׳ע שלעכטס און פון בייזס.

הויפנס ליכט האָבן אַריינגעפּלייצט אין צימער און אויפגעוועקט די צוויי יונגע מענטשן. זיי זענען שנעל אַראָפּ פון געלעגער, אַרומגעוואַשן זיך, אויסגעטרונקען די טיי וואָס ר׳ מרדכי־פייבל האָט נאָך פריִער שוין געהאַט צוגעגרייט און זיי האָבן געאיילט זיך צוריק אין קיבוץ אַריין ווו עס האָט געוואַרט אויף זיי זייער טעגלעכע אַרבעט.

„נישט געזאָרגט, ר׳ מרדכי־פייבל, מיר וועלן קומען צו אייך, און נישט

קיין זעלטענע געסט וועלן מיר זיין" — האָבן זיי אים צוגעזאָגט אַרויס־גייענדיק, באַגלייט דורך אים, פון זיין שטוב.

„מיר וועלן קומען, מיר וועלן קומען — — —" האָבן זיי נאָך אַ מאָל אויפן הויף שוין זייענדיק צו אים גערופן און זענען אַריינגעשפרונגען אין טענדער, געלאָזט אים אין גאַנג, און אַרויס צום ברייטן שאָסיי.

אַ זוניקער, ליכטיקער טאָג. אָן אַ שיעור גאָלד־שטראַלן האָבן פאַר־פלייצט ר׳ מרדכי־פייבלס הויף, זיין גאָרטן, האָבן אויסגעלייגט זיך אויף די געוויקסן, אויף קנאָספּנבלעטלעך, און פאַר איין וועג שוין אויך אַריינ־געפלאָכטן זיך אין זיין זילבער־גרויער באָרד וואָס האָט, אַזוי לאַנג ווי ער איז דאָרט געשטאַנען, צוריקבאַקומען איר גאָלד־ברוינעם קאָליר פון אַ מאָל, ווי אין זיינע יונגע יאָרן...

## קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

גענבויגן איבער דער לאָפּאַטע איז ער געשטאַנען אין מיטן גאָרטן און אַרום אים איז די ערד געלעגן אַ צעאַקערטע. אַ וואָרעמע פּאַרע איז נאָך אויפגעגאַנגען פון די אַנגעוואָרפענע, צעשניטענע ערד־שטיקער.

מענטשן וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען לעבן פּלויט פון זיין גאָרטן האָבן אַריבערגעקוקט צו אים, נישט אויפגעהערט זיך צו וווּנדערן פון דעם וואָס אַ ייד אין די עלטערע יאָרן שטייט אין אַזאַ חמימהדיקן טאָג און אַקערט די ערד, האָט נישט חס אויף זיין געזונט.

קיינער האָט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין.

אַפילו די נאָענטע שכנים זיינע וואָס ווייסן שוין אַ ביסל מער וועגן אים, ווייל זיי שטעלן זיך אָפּ צו מאָל און כאַפּן אַ שמועס מיט אים, אויך זיי הערן נישט אויף צו פרעגן זיך איינער ביים אַנדערן, ווילן פאַרשטיין, וויסן פאַרוואָס עס האָט אַזאַ שטייגער ייד פאַרקליבן זיך אין דער אַראַבישער רמלה, איז נישט געגאַנגען וווינען קיין ירושלים אָדער בני־ברק, וווינט אַזוי אָפּגעזונדערט, איינער אַליין אין אַ גאַנצער שטוב, און נאָר מען הערט אים לערנען, אָדער מען זעט אים טאָן אין גאָרטן, אין שטיקל פעלד אַרום זיין שטוב, אַקערט, רייניקט די ערד, זעצט און פלאַנצט, פּוצט יעדעס בלעטעלע, יעדן געוויקס, גיט אויף דעם אַכטונג, היט עס צו, ווי עס וואָלט געווען ממש גאָלד...

אויך זיי האָבן אים נישט פאַרשטאַנען...

און ווידער אַ חמסין־טאָג. שוין אין דער פרי איז דער הימל געווען פאַרצויגן מיט אַ דינער ווייסלעכער הויט און עס האָט דער זון אָפּגענומען, נישט געסטייעט קיין כוח אַראָפּצורייסן דעם שלייער וואָס האָט פאַרשטעלט איר לייכטנדיק, צעשטראַלט פּנים.

זיין דין, צייגן כאַלאַטל איז געהאָנגען אויף אַ צווייג פון אַן אַלטן צעגאַרבטן אייל־בערט־בוים, אין סאַמע מיט פון גאָרטן. ס'איז נישט געווען

קיין ווינטל וואָס זאָל עס אַ הוידע טאָן, איז עס געהאַנגען שטייף, אַן אויסגעהוילטער גוף.

בייגנדיק זיך כסדר צו דער ערד, האָט דער ברייטער טלית־קטן זיינער אים כמעט אין גאַנצן צוגעדעקט, געפּלאָנטערט זיך צווישן זיינע פיס. די אָפּגעדעקטע הענט זיינע, שוין גענוג־געגנוג אָפּגעברוינטע פון זון, האָבן ביי יעדן באַריר זייערן מיט דער ערד, אויסגעזען ווי טונקעלע, וואַקסענע ליכט וואָס אָט שטעלן זיי זיך אַליין אַריין אין צעעפנטע קברים און אָט טוען זיי זיך אָפּ פון זיי, נעמען זיך אויף צוריק.

„רו נישט! רו נישט! — אַליין האָט ער זיך אַזוי אונטערגעטריבן — ס'אַ שאָד די צייט. זי האָט דאָ לאַנג געוואַרט אויף דיר. שטעק די לאָפּאַטע אין דער ערד, נאָר נישט אָפּ!"

עטלעכע פייגעלעך זענען געקומען צו פליִען פון ערגעץ ווו און האָבן אויסגעפונען פאַר זיך אַ באַהעלטעניש פון דער היץ אין דער געדיכטער צעצווייגטקייט פון איילבערט־בוים אויף וועלכן עס איז געהאַנגען זיין כאַלאַט. מיט די פּיטשינקע פּיסעלעך זייערע האָבן זיי געפּיקט די האַרטע אויסגעקרימטע צווייגן — ווי אַלטע, פאַרדאַרטע, הונדערט יאָריקע הענט וואָס האָבן נאָך נישט פאַרלוירן דעם מאַרך זייערן. ווי דאָס קלאַפּן פון אַ זייגער האָט אָפּגעקלונגען אין חלל זייער פּיקעריי, ווי אָנצוזאָגן, אַז טייערע מינוטן קומען אַוועק כדי מער נישט אומצוקערן זיך, און דעריבער איז אַ שאָד די צייט, אַזאַ שאָד...

ר' מרדכי־פייבל האָט אַ הייב געטאָן די אויגן איבער זיך און געזען, אַז טאָג האַלט ביי פאַרגיין. ער האָט אָפּגעטרייסלט זיך פון אָנגעלייגטן ערד־שטויב, איז צו צום איילבערט־בוים, אַוועקגעזעצט זיך אויף אַן אַרויס־שטאַרנדיקן וואָרצל, אָן אָנגעוויקס וואָס איז אים אַרויס אַוודאי פון טיפן עלטער, פון פאַרלירן דעם חשבון פון די יאָרן...

פון דאָ אויס האָבן זיינע בליקן אים צוריקגעפירט צו דער לאָפּאַטע וואָס ער האָט געלאָזט שטעקן אין דער ערד אַ ביסל קרימלעך, ענלעך צו אַן איבערגעבראָכענער מצבה אויף אַ פאַרוואָרלאָזטן בית־הקברות.

ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל, דערמאָנט ער זיך, דאָ אַריינגע־שטעקט אין דער ערד, האָט די האַנט ביי אים אַ דריגע געטאָן. עס איז אים

אויסגעקומען, אַז זי שניידט זיך אַריין אין קברים־ערד. ער האָט דעמאָלט געוואָלט אַריינלויפן צוריק אין שטוב, האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט זי מער נישט קאָנען נעמען אין דער האַנט אַריין. און פון דעסט וועגן, און אפשר דווקא דערפאַר, האָט אים גענומען ציִען צו איר, צו עפענען מיט איר די ערד, צעשניידן זי אויף שטיקער, אַריינאָטעמען אין זיך איר ריח און ברענגען אויפן זכרון „יענע" קברדיקע ערד.

קיינער האָט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין, קיינער נישט...

אַ מערב־ווינטל האָט פלוצלונג אָנגעהויבן בלאָזן. די צווייגן פון איילבערט־בוים אונטער וועלכן ער איז געזעסן האָבן זיך צעוויגט, די פייגעלעך זענען זיך צעלאָפן, איינס דאָ, איינס דאָרט, און דאָס דינע כאַלאַטל זיינס האָט זיך אויך צעהוידעט, אַריינבאַקומען חיות.

האָט ער זיך אויפגעשטעלט, איז צו צום קראַן אין מיטן פעלד, געוואַשן דאָס פנים און די הענט, האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך דאָס כאַלאַטל, אַרומגעגאַרטלט זיך און געדאַוונט מנחה. אַ שטיל געשעפּטש האָט זיך צעטראָגן אין אָנהייב־אָוונטיקן חלל. און עס האָבן די בלעטער צוגעצישעט, מיטגעדאַוונט, מיטגעבויגן זיך און צוצעטראָגן זיין תפילה — — — „מ ו ד י ם א נ ח נ ו ל ך — — —"

ביכער פון מחבר:

**איך האָב געוואָלט לעבן**

(אַרויסגעגעבן דורכן יידישן פען־קלוב אין פראַנקרייך, 1950)

**יהודי ביער**

(מורשת, ת"א, תשט"ו)

**אורות מאֹפל**

(קרית ספר, ירושלים, תשי"ט)

**שמש בענן**

(מוסד הרב קוק, ירושלים, תשל"ה)